3236-26a

פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראריש-קינסטלערישער און
פאליטיש-וויסנשאפטלעכער
זשורנאל

מינסק — פֿינפֿטער יאָרגאַנג — נאָיאַבר—דעקאַבר 1928



## אַווראָם רייזען—צו זיין קומען אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד.



א. רייזען.

Ба 3236

# פֿיר לידער.

געשריבן אין דעם פּעריאָד
פֿון דער ערשטער רעוואָלוציע.

## די וואַנט.

די אויגן—פֿול צאָרן, פֿאַרגאָסן מיט בלוט,
די הערצער—זיי שלאָגן מיט קראַפֿט און מיט מוט—
מיר שטייען בײַ א הויכער, געמויערטער וואַנט,
מיט העק און מיט האַמערס און אייזנס אין האַנט—
מיר ברעכן די וואַנט!

די וואַנט איז געמויערט גאָר פֿעסט און גאָר דיק,
פֿאַרצוימט אונדז די וועגן צום לעבן, צום גליק,
פֿאַרשטעלט אונדז די ליכטיקע זון און זי מאַכט
פֿון פֿרײלעכן טאָג אונדז אַ פֿינצטערע נאַכט—
מיר ברעכן די וואַנט!

און פֿאַלט פֿון דער שטיינערנער וואַנט ווען אַראָפּ
אַ שטיין, צי אַ ציגל, טרעפֿט ווּעמען אין קאָפּ,—
די איבעריקע בלײַבן דאָך שטיין גאָר אָן שרעק
און אַרבעטן ווייטער, מען לויפֿט ניט אַוועק—
מיר ברעכן די וואַנט!

די אַרבעט דאַרף דויערן, די אַרבעט איז שווער—
פֿאַרזאַמלט זיך, ברידער, קומט אַלע אַהער
זאָל יעדערער צולייגן פֿעסטער זיין האַנט,
מיר וועלן, די הויכע די פֿינצטערע וואַנט—
צוברעכן, צוברעכן די וואַנט!...

## די קירכן-גלאָקן.

אַך, וואָס קלינגט איר, קירכן-גלאָקן!
הערט שוין אויף! געניג געשראָקן
האָבן אייערע ווילדע טענער
אונדזער אָרמע וועלט!

אייערע טענער דאַכט זיך רופֿן,
צו פֿאַרברענען מענטשן-גופֿן
אַף די הויכע עשאַפֿאָטן,
וואָס איר האָט געשטעלט;

איי'דער טענער רופֿן הענקער
צו מאַרטירן יעדן דענקער,
יענעם קאָפּ אַראָפּצוהאַקן,
וועלכע בויגט זיך ניט.

אָ, איר ווילט די וועלט פֿאַרוויגן
מיט אַ שוואַרצן טויטן ניגן
און פֿאַרדעקן מיט אַ מאַנטל
פֿון אַ יעזויִט!

כ'האָב אַ נייעם גלאָק באַשאַפֿן,
צו דערוואַכן טויטע שקלאַפֿן—
ניט אין קירכן,—אין דער לופֿטן
הענג איך אים אַרויף;

ניט צו שרעקן, ניט צו וועקן,
נאָר די וועלט אין אַלע עקן
קלינגט ער מוזיק, רופֿט ער פֿריילעך:
שטייט צום לעבן אויף!

## דאָס נייע ליד.

און זאָל ווי ווייט
נאָך זיין די צייט
פֿון ליבע און פֿון שאָלעם.

דאָך קומען וועט,
צי פֿרי צי שפּעט
די צייט—עס איז קיין כאָלעם!

איך הער דאָס ליד
פֿון ליבע, פֿריד,
די מעכטיקע געזאַנגען.

און יעדער טאָן
פֿון ליד זאָגט אָן:
די זון איז אויפֿגעגאַנגען.

עס עקט די נאַכט,
די וועלט דערוואַכט
פֿול האָפֿנונג, לוסט און שטרעבן.

דו הערסט—אין לופֿט
אַ שטימע רופֿט:
צו גליק און פֿרייד און לעבן!...

## אַ ווינטער-ליד.

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
פֿריי באַהערשט די וועלט!
ברעכט די צווייגן, וואַרפֿט די ביימער
טוט וואָס אייך געפֿעלט!

טרייבט די פֿויגל פֿון די וועלדער
און פֿאַריאָגט זיי פֿאָרט;
די, וואָס קענען ווייט ניט פֿליִען,—
טויט זיי אַפֿן אָרט!

רייסט די לאָדן פֿון די הייזלעך,
שויבן ברעכט אַרויס!
ברענט אַ ליכטל ערגעץ טונקל,—
לעשט מיט צאָרן אויס!

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן.
איצט איז אייער צייט!
לאַנג וועט דויערן דער ווינטער,
זומער איז נאָך ווייט.

# צוויי לידער.

געשריבן נאָך דער
פעווראַל-רעוואָלוציע.

## רופט מיך.

רופט מיך—איך בין גרייט צו דינען
אייך, מיט אַלץ וואָס איך פאַרמעג,
מיט די לעצטע אַלע טעג,
מיט מיין גליק, וואָס גלאַנצט דערינען.

רופט מיך, ווי אַמאָל פאַרצייטן,
אויב איך בין ניט גרויס, ווי זיי —
פיל איך שטאַרקער אייער וויי,
שווערער פאַלט די טרער פונווייטן...

## דער אָנזאָג.

אונדזער פרייד איז צופיל גרויס —
רעט ניט, ליבע ברידער!
איצט זאָל זיין מיט ווערטער אויס —
לידער דאַרף מען, לידער!

טרוקן פאַלט דאָס וואָרט פון צונג,
קען אין האַרץ ניט דרינגען:
אונדזער האָפענונג ווערט יונג —
זינגען דאַרף מען, זינגען.

דורעס לאַנג איז אונדזער האַרץ
שטיל און שטום געהאַנגען:
אונדזער האַרץ איז מיד—עס דאַרף
לידער און געזאַנגען.

ס'איז געווען דאָס לעבן גראָ,
ווי אַ האַרבסט אַ מידער:
איצטער אין דער העלער שאָ
זינגט אונדז לידער, לידער!...

א. רייזען.

# עפּיזאָדן פֿון מיין לעבן.

(ליטעראַרישע דערינערונגען).

* * *

יענער ווינטער, אין אָנפאַנג 1900, איז געווען אַ לאַנגער און אַ שווערער, עס האָט געהערשט אין וואַרשע אַן עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס האָט אַרויסגערופן אַרבעטלאָזיקייט און נויט.

מיר איז אויסגעקומען צו באַאָבאַכטן און בייצוואוינען אַסאַך סצענעס פֿון נויט, וואָס האָבן אויפגעציטערט מיין נשאָמע און האָבן אַרויסגערופן פיל לידער און אויך דערציילונגען, אַלס אָפּקלאַנג פֿון דערדאָזיקער שווערער צייט, איבערהויפּט פֿון די איינוואוינער פֿון די אָרעמסטע יידישע קוואַרטאַלן. די נאָוואָליפּיע, ווו איך האָב דעמלט געוואוינט, באַ דעם סטאָליער ראָזנבלאַט, צוזאַמען מיט נאָמבערגן—האגאם ער אַלס לערער אין אַ העברעישער שול, איז מאַטעריעל געווען מער באַזאָרגט,—די נאָוואָליפּיע איז שוין אַפילע געווען פֿון די קלוימערשט רייכערע יידישע גאַסן, אָבער אויך דאָרט האָט קיין נויט ניט געפעלט.

גיי איך אַזוי איינמאָל אַזייגער צוויי באַטאָג, אַהיים, ד. ה. צו מיין וואוינונג, דורך קאַרמעליצקע, פאַרקירעווע זיך אין דער נאָוואָליפּיע, און מיין בליק פֿאַלט אַף אַ ליידיקן פּלאַץ באַם אָנהויב פֿון דער נאָוואָליפּיע, ווו עס געפינט זיך בלויז אַ קוילן-בודע, און די בודע איז באַלאַגערט פֿון אַ מאַכנע אָרעמע מענטשן, דאָסראָוו ווייבער, פאַרפרוירענע, דערשלאָגענע און פאַרצווייפלטע... צי אין דער בודע האָט מען אויסגעטיילט קוילן ביליקער—צוליב דעם שווערן ווינטער זיינען דאַן קוילן זייער טייער געווען—צי ביקלאַל עס איז געווען אַ דוירעק אַף קוילן,—אויך טאַקע צוליבן לאַנגן ווינטער,—נאָר די ריי איז געוואַקסן פֿון מינוט צו מינוט אַלץ גרעסער און גרעסער, און מיט דעם וווּקס פֿון דער ריי וואַקסט די פאַרצווייפלונג, אַ שטומע, אַ געדולדיקע, אָבער אַ מער פּיינטלעכע און דריקנדיקע, ווי מע האָט גערוישט און געטומלט.

דאָס בילד האָט מיך דערשיטערט. די קעלט איז געווען אַ בייזע.. אַן אומהיימלעכער ווינט האָט זיך געטראָגן פֿון דעם ליידיקן פּלאַץ און אַריינגעדרונגען אין לייב, אין דער נשאָמע... און דאָ איז שוין כוידעש ניסן, עס האָט שוין געדאַרפט זיין וואַרעם... וועט צום ווינטער גאָר קיין ענד ניט נעמען? איך בין געשטאַנען אַליין אַ דערפרוירענער אין מיין ניט זייער שטאַרק וואַרעמען מאַנטל און ניט געקענט זיך רירן פֿון אָרט און עפּשער ניט געוואָלט... עפּעס גרויסעס, דראָענדיקעס האָט פאַרגעשטעלט אָט דאַוּוקע דאָס טרויעריקע בילד, אָט די פאַרשטומטע נויט... דער ווינט פֿון ליידיקן פּלאַץ, ווו די קליינע בודע, האַלב איינגעגראָבן אין דר'ערד, איז געשטאַנען, האָט מיך אַלץ מער דורכגענומען. אָבער ניט נאָר אַ ווינט, נאָר ווינטן, בייזע ווינטן, פאַרשפּעטיקטע און דערפאַר מער צורייצטע, זיינען מיך באַפאַלן, און די מענגע, וואָס האָט באַלאַגערט די בודע, ווו עס זיינען געלעגן „די שוואַרצע דימענטן"—ווי פּערעץ האָט אָנגערופן די קוילן אין איינעם פֿון זיינע „וואַרשעווער בריוו", וואָס ער האָט דאַן פאַרעפנטלעכט אין יוד" אונטער דעם פּסעוודאָנים ייסראָעל שווערגעמיט—די מענגע איז אַלץ פאַרצווייפלטער געוואָרן. די צייט, וואָס ס'האָט געדויערט ביז איינער, צי איינע איז אַרויס מיט אַ זעקעלע קוילן, האָט זיך, קענטיק, פֿאַר די איבעריקע געצויגן ווי אַן אייביקייט, היינט די שרעק, טאָמער גייען אויס אינגאַנצן די קוילן, און די איבעריקע וועלן מוזן אַוועקגיין אין ליידיקן, אין זייערע ניט געהייצטע וואוינונגען, ווו זיי האָבן איבערגעלאָזן פאַרפראָרענע קליינע קינדער—דידאָזיקע שרעק האָט די מענגע נאָך מער דערשלאָגן... איך בין געשטאַנען אַ דורכגענומענער פֿון זייער צאַר און לייד און געוואַרט... איך האָב זיך געפרייט מיט יעדן זעקעלע קוילן, וואָס עס איז אימעצן געלונגען ווי עס איז צו באַקומען און מיט אַ פאַרשלאָסענער פרייד, קעדיי ניט צו דערוועקן קינע באַ די איבעריקע, וואָס האָבן נאָך ניט און וועלן עפּשער ניט באַקומען—האָט ער, צי זי, זיך געלאָזט גיין מיט מידע, וואַקלענדיקע, אָבער שנעלע טריט, ווי מיט אַ גניווע, אָדער אַ נעדאָווע...

ווער ווייס, ווי לאַנג איך וואָלט געשטאַנען און צוגעקוקט אָט דאָס גרוילעכע בילד, ווען עס וואָלט מיך ניט פּלוצים באַפאַלן אַ געפיל פֿון פּראָטעסט קעגן אַזאַ אָרדענונג ביקלאַל. ס'האָט מיך געגעבן אַ הויב, אַ טראָג אינדערלויפן. ווי לאַנג וועט זיך עס אַזוי ציען, אָט די נויט, אָט דער עלנט, אָט די אונטערדריקונג... און אין לאַנד הערשט אַזאַ בייזע מאַכט. אַרעסטן, רעוויזיעס, פאַרבאָטן... שפּיאָנען אין יעדן ווינקעלע...

און איך האָב זיך געלאָזט גיין שנעל, שנעל, ווי איך וואָלט מוירע געהאַט—און טאַקע מוירע געהאַט—אַז דאָס שטאַרקע געפיל פֿון פּראָטעסט זאָל ניט אויסוועבן, ניט אָפּקילן זיך... און אַ גליק, וואָס די וואוינונג מיינע האָט זיך געפונען אינגאַנצן באַ אַ דרייפיר הייזער פֿון דער קוילן-בודע... איך בין אַריין אין הויף פֿון דער הויז נומער 25. אַ הויף דאַוּוקע אַ ריינער, אַ רויקער, אַ שטילער. אַף די העכערע שטאָקן פֿון די אַלע דריי זייטן וואוינונגען, האָבן געוואוינט באַלעבאַטישע מענטשן... בלויז אין די אונטערשטע וואוינונגען, אין די קעלערן האָט זיך אינדערשטיל געראַנגלט די נויט... איך בין אַריין אין מיין וואוינונג, וואָס איז געווען האַלב קעלער און האַלב פּאַרטער. כ'האָב זיך מוירע געהאַט צו באַגריסן מיט מיין באַלעבאָס, דעם סטאָליער ראָזנבלאַט, וועלכער האָט מיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, באַגעגנט מיט אַ ליבן און פריינטלעכן שמייכל און מיט די ווערטער, צוליב איידלקייט:

— נו, וואָס הערט זיך, רייזען?

אָבער איך בּין געווען שטרענג, און פאַרטראָגענערהייט, ווי פליענדיק ערגעץ אינדערהויך, צי פאַלנדיק אין טיפע טהאָמען—האָב איך געמורמלט:

— אנטשולדיקט, איך בעט אייך... אנטשולדיקט...

און איך בין ארײַן אין מיין קלוימערשטן צימערל:

צי האָט ער פאַרשטאַנען, אז איך בין באַפאַלן פון „רועך האַקוידעש", צי ער האָט זיך גראַד געפוילט צו ארבעטן, איך ווייס בלויז, אז די זעג׳ דער הובל און דער האַמער זיינען אנטשוויגן...

איך בין ניט צוגעגאַנגען, נאָר צוגעפאַלן צו מיין קליין טישל, פלינק באַטראַכט—יאָ. עס איז דאָ... די פעדער?—יאָ, דער שפיץ ניט איבערגעבראָכן... פאַפיר?—יאָ... ס׳איז דאָ...

און ווי א קאָמפּאָזיטאָר, וועלכן עס באַפאַלט אן „אידייע", וואַרפט זיך צו דער פיאַנאָ און מיט אלע פינגער—א קלאַפּ אף די קלאַוויִשן, אזוי בין איך א פאַל געטאָן אפן פאַפּיר און מיט פעדער א קלאַפּ געטאָן:

„הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
פריי באַהערשט די וועלט"...

און אַזוי דריי סטראָפן מיט דער גרעסטער נערוועזיטעט, אופרעגונג און שנעלקייט...

און אַ גליק, וואָס קיינער קומט ניט אָן, און אַדאַנק, וואָס דער באַלעבאָס גייט ניט אַריין צו זען דעם וווּנדער...

נאָר עפּשער קומט יאָ ווער אַריין, עפּשער שטייט דער באַלעבאָס ראָזנבלאַט און קוקט צו... איך האָב ניט געוווּסט...

ערשט באַם פערטן סטראָף, אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, הויב איך אוף די אויגן—און טאַקע יאָ, עס שטייט אימיצער פאַר מיר. אַך, אַזאַ אומגליק...

— איך האָב אייך געשטערט... זאָגט דעם עמעס...

נאָך ווי געשטערט! אַן אַנדערן, וואָלט איך עפּשער אַרויסגעטריבן.

אָבער דער, וואָס איז אַריינגעקומען איז געווען הענין, מיין פריינט הענין, דער ליבער, הויכער און פעסטגעבויטער, מיט די שיינע וווּנדערלעכע מילדע אויגן.

איז פאַרזיכער איך אים, אז ניין, ער האָט מיר ניט געשטערט, ער זאָל נאָר בלויז אַזוי גוט זיין און וואַרטן אַ פּאָר מינוט, איך דאַרף עפּעס פאַרענדיקן...

— אָ, יע... זינגט ער אויס אַף זיין באַסאָווער שטים...

ער קוקט אַריין אין אַ בוך און איך פאַרענדיק. שוין עטוואָס אַן אָפּגעקילטער, אָבער אַ פּאָר פונקען גליען נאָך:

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
איצט איז אייער צייט,
ניט לאַנג וועט דויערן דער ווינטער,
זומער איז ניט ווייט...

דער „ניט" אין דער דריטער צייל איז אַן איבעריקע זילבע, אָבער—דאָס וועל איך שוין באַארבעטן שפּעטער. דערווייל פיל איך אַז איך האָב עפּעס אָנגעשריבן אַזוינס, וואָס איך קען אַפילע פאַרלעזן פאַר הענינען, וועלכער האָט באַזעסן אַ זייער ראַפינירטן געשמאַק, טראָץ זיין קעמפער-נאַטור און זיין געהערן צו דער אַרבעטער-באַוועגונג. אין פּריוואַטן לעבן איז ער געווען אַן עסטעט, א שיין-גייסט און האָט ניט שטאַרק געהאַלטן פון טענדענציעזער ליטעראַטור, געקוקט מיט געוויסן אייגנגעהאַלטענעם ביטל אַפילע אַף אייניקע פון מיינע דאַמאָלסטיקע לידער פון דעם מין...

— הענין, זאָג איך, איך האָב אָנגעשריבן, דאַכט זיך אַ גוטע ליד...

— נו, אַדעראַבּע,—שמייכלט ער,—לייענט דורך... לאָמיר הערן...

ער הערט אויס אויפמערקזאַם און ווערט באַגייסטערט, האַגאַם ער איז אַלע מאָל איינגעהאַלטן אין לויב-געזאַנגען...

— רייזען! עס איז אַ שעדעוור... מיר געפעלט בלוי ניט צום סאָף אייער אָפּטימיזם... „זומער איז ניט ווייט". פאָלגט מיך, רייזען, מאַכט איבער „זומער איז נאָך ווייט"... ס׳איז עמעסער, און איבערהויפּט וועט דאָס זיין מער צוגעפּאַסט צום גאַנצן טאָן פון געדיכט...

איך דערפיל, אז ער איז גערעכט, מיר אליין איז די לעצטע אָפּטימיסטישע צייל אויך ניט צום האַרצן...

יאָ... זומער איז נאָך ווייט...

אָבער סטייטש, וואָס הייסט נאָך ווייט...

דאָס איז מיר אויך ניט צום הארצן, האגאם, ווען איך זאָג „זומער איז נאָך ווייט", קען איך שוין פּאָטער ווערן אין דער פריערדיקער שורע פון דעם „ניט", וואָס איז אַן איבעריקע זילבע.

און עס וועט זיך שוין לייענען:

לאַנג וועט דויערן דער ווינטער—
זומער איז נאָך ווייט.

הענין קוועלט פון דער נייער רעדאַקציע גאָר אָן...

— אָט אַזוי—זאָגט ער—איז עמעסער און שטאַרקער...

בין איך שוין אַוואַדע מויכל הענינען, וואָס ער איז אַריינגעקומען אין מיטן דרינען, האַגאַם ווער ווייס וואָס פאַר א ליד עס וואָלט אַרויסגעקומען, ווען ער קומט ניט אַריין.

איך צורייד זיך מיט אים און באַטראַכט זיין פּאָנים און איבערהויפּט זיינע ליפּן. איך דערפיל, אַז „דער מענטש" האָט נאָך ניט געפרישטיקט.

— הענין, איצט וועלן מיר עפּעס עסן... אַ טיי-מאַשינקע איז דאָ, און זעמעלעך גיי איך ארויס קויפן...

— ניין— וואַרפט ער זיך אָפּ מיט אן אַריסטאָקראַטישער פּאָזע—קיין זעמעלעך וויל איך ניט, טיי וועל איך אָבער טאַקע טרינקען...

איך הער אים אָבער ניט, איך לויף ארויס און קויף שנעל עטלעכע זעמל—אַף נאָך עפּעס אנדערש איז שוין קיין געלט ניט געווען—און איך קום צוריק און קאָך שוין טיי אַף נאָמבערגס מאַשינקע...

נאַטירלעך האָט העניך די זעמל יאָ געגעסן, אָנפּאַנגס קלוי-מערשט, ווי בלויז אַזוי זיך, נאָר צו פאַרזוכן. אַז עס איז שוין דאָ... באַלד אָבער איז ער אַריין אין זיין ראָל און זיך בינימעסדיק צוגעביסן צום טיי, באַ אַ דריי זעמל...

האָב איך זיך גאָר מעכאַיע געווען, פאַרזאָרגט העניכן ביז אָוונט. אין יענער צייט איז דאָס אויך געווען אַ טרייסט...

העניך זיצט באַ מיר און רעט נאָך אַלץ באַגייסטערט פון דעם ליד, און העניכן גלויב איך. ער שעמט זיך ניט צו זאָגן אַמאָל, אַז ס'איז שלעכט אויך. האַגאַם אַן איידעלער, אַ זייד, אָבער אין דערזעלבער צייט איז ער אַ מוטיקער, אַן עמעס-זוכער, אַן אידע-אַליסט פון ריינסטער פּראָבע...

בין איך צופרידן, וואָס העניך איז געקומען צו מיר. שפּעטער אַ ווילע וואַגט שוין אויך מיין באַלעבאָס דער סטאָליער אַריינ-צוקומען... לייען איך דורך שוין אויך פאַר אים, דעם סטאָליער... דער איז ניט אַזאַ מייון, ווי העניך, אָבער אלס פאָלק-מענש, אַלס אַנטוויקלטער ארבעטער און באַלעזענער, איז זיין מיינונג וועגן אַזאַ ליד מיר אויך דאַן וויכטיק געווען. דערצו פלעג איך וועלן אים מעהאַנע זיין, עס איז באַ אים געווען אַ פאַרגעניגן, אַ אַ זכיע.

ראָזנבלאַט איז אַוואַדע אַנטציקט... ער דריקט זיך אויס שטאַמלענדיק אַף זיין קיעווער יידיש:

— אָך, עס איז. עפּעס גור אַנדערש, ווי אילע...

ס'איז עפּעס אַזאַ טיף און עפּעס אַזאַ דורכגענעמען...

און ער שטייט מיט דעם הובל אין האַנט אַ פאַרגאַפטער און זיינע אויגן, גרויע, אָבער שטראַלנדיקע, זיינען ברייט צועפנט...

העניך זעגנט זיך אָפּ אויך אַ גליקלעכער... ער פילט זיך ווי אַ שוטעף צו מיין ליד—און דאָס האָט מיר אויך געפרייט...

---

דאָס צווייטע פּאָפּולער-געוואָרענע ליד, האַגאַם אַ שטאַרק אומלעגאַלע פאַר יענער צייט—„די וואַנט"—האָט באַ מיר אַרויס-גערופן אַן ערשטע מאַי-דעמאָנסטראַציע אין וואַרשע, וואָס איך האָב בייגעוואָינט און טיילוויז אליין אנטייל גענומען אין איר, ווי מיר דאַכט, אין זעלבן יאָר 1900.

איך בין שוין דעמלט אַריין אין די סאַמע געדיכטעניש פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די פּראָגראַמען פון די אַלערליי סאָציאַליסטישע פאַרטייען איז מיר אָפילע דאַן נאָך געווען ווייניק באַקאַנט. אָבער מיר איז גאָרניט אנגעגאַנגען די כעלוקעדייעס. איז איינער געווען אַ סאָציאַליסט, איז שוין פאַר מיר געווען גענוג. אַף קיין פּאַרטיי-פּאַספּאָרט האָב איך דאמאָלסט ניט נאָכ-געפרעגט. דער „בונד" איז נאָך דאַן ניט געווען פּאָפּולער, זעלטן, ווען איך פלעג קריגן אַן אומלעגאַל ביכעלע, אָדער זאַמל-ביכל, צי אַ צייטשריפט, סאַי געדרוקט אין אויסלאַנד, סאַי אומלעגאַל ערגעץ אין וואַרשע, צי אין לאָדז, וואָס אַפן פאָדערבלאַט איז געווען אופגעשריבן, ערשטנס, „אַרבעטער פון אלע לענדער, פאַ-רייניקט זיך!" און נאָכדעם—„אַרויסגעגעבן פון אַרבעטער-בונד אין רוסלאַנד, ליטע און פוילן"... אַוואַדע זיינען די ביכעלעך מיט דער אופשריפט: אַרויסגעגעבן פון בונד א. א. וו. געווען מיר נאָך טייערער. דער נאָמען „בונד" אליין איז מיר געפעלן גע-וואָרן, כאָטש קלאָר איז מיר נאָך ניט געווען מיט וואָס ער שיידט זיך אונטער פון די אַנדערע פאַרטייען. קיין אַוטאָנאָמיע—ווי מיר דאכט — האָט ער נאָך ניט געפאָדערט, און פאַר יידיש גע-קעמפט האָט ער נאָך אויך ניט. אָבער ווער האָט עס דאַן געדאַרפט האָבן אווטאָנאָמיעס מיט נאַציאָנאַלע פּראָגראַמען. איך בין געווען פול מיט צאָרן, מיט אופריכטיקן פּראָטעסט סאַי קעגן דער אליינהערשאַפט פון צאַר, סאַי קעגן דער אָרדענונג ביכלאַל...

די אופשריפט „אַרבעטער פון אַלע לענדער, פאַרייניקט זיך!"—איז געווען גענוג פאַר מיר, אז עס זאָל מיך דערהויבן און אָנ-ציגדן צום קאַמף, אויב ניט צום קאַמף מאַמעש, איז מיט דער פעדער, איז מיטן מיטפילן די פרייד פון זייערע זיגן און דעם צאַר פון א דורכפאַל...

אַז עס גרייט זיך אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע דעם ערשטן מאַי, האָב איך שוין געוווסט מיט אַ טאָג פריער. ליפע נאָוואָ-גרודסקי האָט עס מיר איבערגעגעבן:

— רייזן, עס וועט זיין פריילעך... האָט ער צוגעזונגען און געריבן א האַנט אָן א האַנט.

מיין באלעבאָס, דער סטאָליער, האָט יענעם פרימאָרגן ניט געאַרבעט. עפשער איז דאָס געווען א זונטיק. נאָר מיר דאַכט, אז עס איז געווען אַ מיטנוואָכעדיקער טאָג. אינדערפרי, אַזייגער צען, האָב איך זיך אוועקגעלאָזט אף דער רייכער קראַקאָווער פאָרשטאָט. עס איז געווען א ווונדערלעכער שיינער פרימאָרגן. די זון, עפעס ווי ניט קיין געוויינלעכע, האָט, ווי אויך אַן אַגי-טירטע צום קאַמף, געלויכטן אנדערש ווי שטענדיק—אַי מילד, אַי קעמפעריש. זי איז האיך, אָבער זי איז נאָענט, אָט איז זי דאָ... זי וועט ניט אַוועק... אין איר מילדקייט, ווייל ס'איז ערשט דער ערשטער מאַי, האָט זיך שוין געשפּירט א קראַפט.

די קראַקאָווער פאָרשטאָט האָט אויסגעזען אַנדערש ווי שטענ-דיק. יאָנטעוודיק שפּאַצירנדיקע, אָבער מיט אָנגעשטרענגטע און טראָציקע בליקן, האָבן געענדערט איר פרידלעכן אויסזען... איינע מיט די אַנדערע האָבן זיך באַגעגנט, זיך אָנגעקוקט, אַ מאָל אַ שמייכל געטאָן, אַמאָל זיך אָפּגעקערט מיט פאָרזיכטיקייט...

ווער ווייס, ווער עס קוקט צוריק אָן, עפשער אַ שפּיאָן. נאָר היינט לאכט מען פון אים... און אָט ווערט שוין אַזייגער צוועלף, איך לאָז מיך גיין, אַ מוטיקער, אַ מונטערער, פול דערוואַרטונ-גען... אַפן טראָטואַר, איבערהויפּט פון דער רעכטער זייט גאַס, איז שוין אַ געדרענג, עלנבויגס רייבן זיך אָן עלנבויגנס, מע שטופּט זיך שוין און מע ציט ווייטער און ווייטער...

אין די טיפע הויפן מיט פאַרהאַקטע טויערן ליגן באַהאַלטן פּאָליציי, גאַנצע עסקאַדראָנען קאַזאַקן. מע פילט עס, מע ווייס עס... און די טראָציקייט ווערט נאָך שטאַרקער... באַלד ווערט די גאַס אַליין, ניט בלויז די טראָטואַרן, פאַרדעקט מיט מענטשן; די טראַמוואַיען קורסירן קאַם, שטעלן זיך אָפּ. און אָט וואַרפט עמיצער אַרויס א רויטע פאָן, נאָך איינע, נאָך איינע... זי פלאַ-טערט אַ ווילע אין דער לופט. אַ רייטער-פּאָליציימאַן, יאָגט זיך אַף זיין פערד, אַ קאָזאַק נאָך אים... אַ צווייטער, אַ גאַנצער עסקאַדראָן—שווערדן אַנטבלויזן זיך פון די שיידן, פערד שניידן

זיך אַריין אין דער מענגע... מע צושיט זיך אין די ווייטיקע גאַסן... אָבער באַלד קומט צו נאָך מער... מע לאָזט זיך צוּ אַלעקסאַנדראָווסקער פּלאַץ. מע זינגט „די רויטע פאָן". די קאָזאַקן ווערן ווילדער... מע רייסט די רויטע פאָנען, וואָס מוטיקע וואַרפן אַרויס איבער די קעפּ פֿון דער מענגע.

דער איינדרוק איז אומבאַשרייבלעך. ביכלאַל, דאָס ערשטע מאָל בעזען אַזאַ מאַכנע אונטערן פרייען הימל—מע האָט זי געשאַצט אַף מאָרגן אין הונדערט טויזנט—און די מוטיקייט פֿון די קעמפער! מע שטעלט זיך אנטקעגן! בא איין פּאָליצייטאַן רייסט איינער אַרויס די פאָכנדיקע שווערד און אַנטלויפט און פאַרשווינדט אין דער געדיכטער מאַסע. די קאזאקן ווערן ווילדער. זיי הויבן אָן פּאָכן מיט זייערע בייטשן, מיט די שווערדן. עס הערט זיך אַ שאָס אין דער לופט...

דאָ בין איך מוידע, לאָז איך זיך גיין צוריק. ניט ווייל איך האָב זיך דערשראָקן—צו שטאַרק בין איך פאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דעם הערלעכן בילד, וואָס די גראַנדיעזע און געלונגענע ערשטע מאַי-דעמאָנסטראַציע האָט דאַמלסט פאָרגעשטעלט, אז עס זאָל בלייבן אין מיין ווען אַ פּלאַץ פאַר שרעק—נאָר עס האָט מיך ווידער אַ הויב געטאָן, אַ טראָג געטאָן צו געבן אויסדרוק דעם שטאַרקן איינדרוק, וואָס עס האָט אַף מיר געמאַכט דאָסדאָזיקע בילד... אָט דער אָנגעשטרענגטער, האַלב-שטומער, האַלב-ברויזנדיקער קאַמף פֿון צוויי ניטגלייכע קרעפטן.

איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר עס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, ווי די גרויסע מאַסע שטייט פאַר אַ וואַנט און וואַרפט זי איין און צושמעטערט זי.

איך בין ווידער אַוועק אַף נאָוואָליפּיע, וואָס פֿון דעם פּלאַץ, ווו די דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען, איז זי געווען בענוג ווייט. גייענדיק האָבן זיך שוין בא מיר צוזאמענגעלייגט אין קאָפּ שורעס און פערזן.

איך האב זיי בלויז געדאַרפט אָנשרייבן.

אין מיין וואָינונג איז קיינער ניט געווען, און עפּשער איז די יונג-ליבע פרוי ראָזנבלאַט יאָ געווען. נאָר זי אַלס יונגע מוטער, וואָס האָט זיך באַזאָרגט אָפּגעגעבן מיט איר צוויי-דריימאָנאַטנדיקן קינד, האָט מיך ניט באַמערקט אַפילע.

איך האָב גלייך גענומען אָנוואַרפן:

די אויגן פול צאָרן, פאַרגאָסן מיט בלוט,
די הערצער זיי שלאָגן מיט קראַפט און מיט מוט;
מיר שטייען בא אַ היכער געמויערטער וואַנט
מיט אייזנס און האַמערס און לאָמען אין האַנט,
מיר ברעכן די וואַנט.

די וואַנט איז געמויערט גאָר פעסט און גאָר דיק,
פאַרשטעלט אונדז די וועגן צום לעבן, צום גליק;
פאַרשטעלט אונדז די ליכטיקע שיין און זי מאַכט
פֿון פרייליכן טאָג אונדז אַ טרויריקע נאַכט—
מיר ברעכן די וואַנט.

און אַזוי ווייטער. דאָס ליד איז היינט באַקאַנט, און אויב איך שטאָלציר איצט ניט מיט איר פאָרם—וואָס איז ניט ווילנדיק, אַ באַאיינפלוסטע פֿון היינעס „די וועבער",—ווי כ' אָלגין האָט אין אַ רעצענזיע אַמאָל ריכטיק באַמערקט,—האָב איך דאָך דאַן געמיינט, אַז כ'האָב אָנגעשריבן עפּעס א גראַנדיעז ווערק... איך בין גלייך אַוועקגעגאַנגען צו פּערעצן, האַגאַם ניט אַ שאַבעסדיקער טאָג, אָבער עס איז געווען מער, ווי אַ שאַבעסדיקער... ס'איז געווען אַ גרויסער יאָנטעוו...

עס איז געווען שוין ארום אַזייגער זעקס פאַרנאַכט, איך האָב גראָד פּערעצן געטראָפן אינדערהיים און דאַווקע אין זייער א מוטיקער שטימונג. קודעם האָב איך אים אָפּגעגעבן א גרוס פֿון דער „דעמאָנסטראַציע" אין האַלבע ווערטער, אַביסל ניט דרייסט—איינער אַליין מיטן רעבן—אי אַ גליק, אי ניט באַקוועם—די אַלע שטראַלן פֿון זיינע אויגן פאַלן אַף מיר אַליין, הייסט עס, איז ווער קען עס פאַרטראָגן? ער האָט אָבער אויסגעהערט אופמערקזאָם, זיך טיף און ערנסט פאַרטראַכט און עפּעס באַמערקט—וואָס געדענק איך ניט—וועגן דער באַוועגונג. האָב איך שוין אַרויסגענומען דאָס ליד, וואָס איז נאָך געווען וואַרעם, ערשט פֿון האַרצן אַרויס.

ער האָט איבערגעלייענט פאַרטיפט: געהאַלטן עס אין האַנט אַ ווילע, אַריינגעקוקט נאָכאַמאָל אין דעם, אַף מיר אַ בליק געטאָן און זיך אָנגערופן:

— יאָ, עס איז אַ גוט ליד, אָבער מע דאַרף עס נאָך אָנשרייבן...

איך בין געוואָרן ווי אַנטוישט, שוין מער אין רעבן, ווי אין ליד... סטייטש—איך האָב עס געשריבן מיט אַזאַ פייער, אין אַזאַ עקסטאַז... איך פרוּוו זיך דינגען מיט אים...

— יאָ... געוויס, ווערט ער עטוואָס נאָכגיביקער, אָבער מע דאַרף עס נאָך גוט פאַריכטן... באַאַרבעטן, ס'איז נאָך רוי...

אַוואַדע איז ער דאָסמאָל געווען גערעכט. די לעצטע סטראָף: „פאַרזאַמלט זיך, ברידער, קומט אַלע אַהער", האָט ניט פאַרמאָגט קיין בילדער, בלויז ווערטער, האַגאַם שטאַרקע. איך אָבער בין געווען אַנטוישט דאַן ניט אין דעם ליד, נאָר אין פּערעצן, וואָס ער קען ניט דורכגעדרונגען ווערן מיט מיינע געפילן.

אַ טרייסט און אַ באַפרידיקונג אָבער האָב איך באַקומען. ער האָט אין דער קורצער צייט, וואָס איך בין נאָך פאַרבליבן בא אים, אַלץ אונטערגעזונגען דעם רעפריין פֿון מיין ליד:

מיר ברעכן די וואַנט—
און דערביי זיך שטאַרק פאַרטראַכט...

דערפאַר אָבער האָט דאָס ליד אויסגענומען בא אַ מיינע כאַווירים די רעוואָלוציאָנערן און אַרבעטער-פירער. דעם ערשטן פֿון זיי האָב איך, פאַרשטייט זיך, געוויזן ליפּאַן. אַזאַ מין ליד—האַגאַם ער האָט געהאַט פאַרשטענדניש אויך פאַר עכטער פּאָעזיע—איז פאַר אים געווען אַ געפינס. ער האָט מיך גלייך—און עפּשער אַף מאָרגן—אַוועקגעפירט אין דעם פּריוואַטן רעסטאָראַן פֿון מאַטאַלסקי, וועמעס עלטערער זון פֿון דעם רעסטאָראַטאָר, וועגן וועמען איך האָב שוין דערציילט, איז געווען דאַן אַ פייערדיקער רעוואָלוציאָנער און איז געווען איינער פֿון די פאַרטרויטע פֿון די הויפּטפירער פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג, אַ בונדיסט, נאַטירלעך. דערהערט אַזאַ ליד, איז ער געוואָרן, ערשטנס, באַגייס-

טערט פון דעם ליד אַליין, און, צווייטנס, איז דאָס גלאַט אַ גליק, ווייל צום נייעם נומער „אַרבעטער-שטימע“ וועט אַזאַ ליד זיין ווי געוווּנטשן. צי האָב איך אים אליין דאָס ליד איבערגעגעבן, צי נויעכן, וועלכער האָט דאַן געוואָינט אין וואַרשע שטאַרק קאָנספּיראַטיוו, און איך האָב געהאַט די זכיע בלויז אַ צוויי מאָל צו זען אים—נאָר דאָס ליד איז אַוועקגעגעבן געוואָרן פאַר דער „אַרבעטער-שטימע“, וואָס פרעג מיר בעכיירעס, ווו זי האָט זיך דאַן געדרוקט, צי אונטערערדיש, אין וואַרשע, צי אין לאָדז, צי נאָר אין ביאַליסטאָק, צי עפּשער אין אויסלאַנד, ווו מע האָט פיל נומערן געדרוקט און נאָכדעם שוין אַף אַן אומלעגאַלן אויפן, דורכגעשוואַרצט די גרענעץ און אריינגעפירט אין רוסלאַנד און פוילן.

אַוואַדע האָב איך אונטער דאָס ליד מיין נאָמען ניט אונטערגעשריבן. דאָס איז געווען בִּכלַל דאָס ערשטע ליד, וואָס איך האָב געגעבן פאַר אַן אומלעגאַלער צייטונג. איך בין זיך מודע, אַז אַביסל האָב איך זיך געשראָקן. עמעס, מיין נאָמען איז ניט אונטערגעשריבן—און דאָס האָט מיך אויך אַביסל געאַרט אין יענער צייט—אָבער מיין האַנטשריפט איז דאָך מעגלעך שוין באַקאַנט אין דער אָכראַנע... און ווער ווייסט, צי פאַלט ניט אַמאָל אַריין דער מאַנוסקריפּט איידער עס דרוקט זיך אָפּ אין „זייערע“ הענט...

און דעמלט האָט מען געקענט דערפאַר באַצאָלן מיט עטלעכע יאָר פאַרשיקונג.

נאָר פאַר מיינע כאַווירים בלייבט א סאָד מיינע איבערלעבענישן באַם איבערגעבן זיי דאָס ליד. אַדעראַבע, איך בין מוטיק און איגדערשטיל אויך שטאָלץ, וואָס איך קען דינען דער באַוועגונג מיט אַ ליד.

איך זאָג זיי נאָך צו געבן מער פון דעם מין.
און איך האָב מיין וואָרט געהאַלטן.

---

...נאָר אָט איז שוין נאָך יאָנטעוו, בלייבן אין מינסק,—האַגאַם עס וואָלט זיך ניט געוואָלט אַזוי גיך שיידן מיטן טאַטן און דער שוועסטער—איז ניטאָ צוליב וואָס. מיט וואָס צו פאָרן אין וואַרשע—איז אויך ניטאָ...

דער פרימאָרגן נאָך סוקעס איז געווען א שיינער, אַ זוניקער... איך בין אַרויס אַפן גאַניק... עס איז געווען זונטיק, אַ זייער צען... אַ שיינער האַרבסט-טאָג, ניט ווייט, קעגניבער, איז געשטאַנען אַ רוסישער קלויסטער, מיט זיינע קופּאָלן און שווער אַראָפּגעהאַנגענע גלאָקן מיט די אייזערנע צינגער, און האָט עפּעס ווי געדראָס און געשראָקן. און אָט האָבן זיך די גלאָקן צוקלונגען און זייער קלאַנג האָט זיך צוטראָגן און געשטערט די שטילקייט פון דעם פרימאָרגן. אַ גרויסע אומרויקייט איז מיר באַפאַלן...

און אָט הויבט עפּעס אָן אין מיר צו פּראָטעסטירן, שרייען און צו זוכן שוץ פון אַן אומזיכטבאַרן סוינע... אין דעם גלאָקנקלאַנג הערט זיך די גאַנצע בייזע מאַכט פון דער רוסישער הערשאַפט. אין דער וואָך, וואָס איך בין געווען אין מינסק, האָט מען בא פיל „טוער“ רעוויזיעס געמאַכט. איך אַליין האָב אַפילע דערוואַרט אַ רעוויזיע, אויך מיין שוועסטער, וועלכע האָט געהאַט גענוג „פאַרדעכטיקע“ באַקאַנטע. סאַשאַ קאַפּלאַן, וואָס איז געווען אויך איר לערער, פאַרבאַרייטנדיק זי צו די העכערע קלאַסן גימנאַזיע, איז שוין געווען פאַרשיקט אין סיביר...

איך דערמאָן זיך אין דעם אַלעם, און עפּעס וועבט זיך שוין ערגעץ בא מיר, אין מויעך, אין האַרץ, אין גאַנצן וועזן...

בים—באָם—בים—באָם...
און מיר פאַלט איין בלויז איין צייל:
אַך, וואָס קלינגט איר, קירכן-גלאָקן...

איך בין שנעל אריינגעגאַנגען צוריק אין צימער, קיינער איז ניט געווען. איך בין צוגעפאַלן צום טיש מיט א בלייפעדער:

אַך, וואָס קלינגט איר, קירכן-גלאָקן!
הערט שוין אוף! גענוג געשראָקן...

— — — — — — —

אָ, איר ווילט די וועלט פאַרוויגן
מיט אַ טויטן טרויער-ניגן...

— — — — — — —

איך האָב אַ נייעם גלאָק באַשאַפן...
ניט צו שרעקן, נאָר צו וועקן
נאָר די וועלט אין אלע עקן...

די גלעקער האָבן נאָך געקלונגען, אָבער דאָס ליד איז שוין געווען פאַרטיק, און זייער גזאַרדין איז שוין געווען געכאַסמעט...

באַלד זיינען אויך די גלעקער אַנטשוויגן געוואָרן.

נאָר אין דער לופט האָט זיך געטראָגן נייע קלאַנגען ווי פון אַ אומזיכטבאַרן גלאָק, וועלכן איך האָב אָבער, שרייבנדיק דאָס ליד, געזען דייטלעך הענגען אינדערלופטן...

איך האָב דאָס ליד איבערגעשריבן, האַגאַם עס איז ניט געווען וואָס צו פאַריכטן, עס האָט זיך אויסגעגאָסן ווי פון אַ פורעם...

איך האָב זיך דערפילט מונטערער.

האַגאַם אַ טאַכלעס מאכן פון אַזא ליד האָב איך ניט נאָר ניט אין מינסק, נאָר אפילע אין ווארשע ניט געקענט... ניט נאָר פארן „יוד“ און „די וועלט“ איז עס א ריזיקע צו געבן, נאָר צו האלטן איז עס א סאַקאָנע, אבער פאר נויעכן—האָב איך זיך געטרייסט—וועט שוין זיין א מאַטאָנע צו ברענגען... און איך האָב זיך געפילט נאָך מונטערער...

כ. דונעץ.

# דער דיכטער פֿון אופֿגעוואַכטער נויט און אַרבעט.

(נאָטיצן וועגן אַווראָם רייזען, צו זיין קומען אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד).

1

וועגן אַווראָם רייזין האָט מען געשריבן ניט ווילנדיק, נאָכמער—מע האָט שטאַרק כיישעק געהאַט אים איינגאַנצן צו פֿאַרשווייגן. די געשוואָרענע קריטיקער פֿון יידישיסטישן כיידער האָבן וועגן אים קימאַט קיין וואָרט ניט געלאָזן פֿאַלן. ווען-ניט-ווען האָט מען עפּעס יע געשריבן, אָבער דאָס איז געווען געצוווּנגענערהייט, ווייל איינגאַנצן פֿאַרשווייגן רייזענען איז פּאָשעט אומעגלעך געווען.

רייזענען האָט דאָס פֿאָלק געלייענט, רייזענס לידער האָבן אַרבעטער געזונגען. ביים אין רוסלאַנד איז דער פּראָלעטאַריאַט אַרויסגעטראָטן אָפֿן גאַס, און די יידישע רעוואָלוציאָנער-געשטימטע מאַסן זיינען געוואָרן די וואָרטזאָגער אַף דער יידישער גאַס, האָט רייזענס ליד געקלונגען מיט מונטערע טענער, זי איז אופֿגעקומען צוזאַמען מיטן סטיכעישן רעוואָלוציאָנערן ברויז, וואָס האָט אַ שפּאַר געטאָן פּונגנטן. „די קירכן-גלאָקן“, „דאָס נייע ליד“, „די וואַנט“ און אנד.—אין דידאָזיקע פּאָשעטע פּערזן האָבן די מאַסן אויסגעזונגען זייער געפֿיל און דראַנג. האָט מען עס טאַקע לאַכלוטן פֿאַרשווייגן נעבעך ניט געקענט.

רייזען האָט ניט אומזיסט געשריבן אין זיין ליד „מיין שפּילן“:

כ'האָב דאָס לעבן אַף דער פֿידל
פֿאַר דער נויט געשפּילט קאָנצערט,
און די נויט האָט אַפּלאָדירט מיר,
און מיט גרויס געפֿיל געהערט.

די אָרעמקייט, דער האָרעפּאַשניק, דער האַנטווערקער און אַרבעטער פֿון די שמאָלע געסלעך, וואָס איז דערוואַכט געוואָרן—ער האָט אַפּלאָדירט דעם זינגער פֿון נויט און בענקשאַפֿט. פֿאַר די פֿיינשמעקער איז עס געווען א געזאַנג אָן פֿאַרב, אָן גלאַנץ, אַ געזאַנג, וואָס מען האָט עפּשער צו איר געקאָנט „אַראָפּנידערן“, וואָס מען האָט פֿאַר איר דעם זינגער געקעגט אַ גלעט טאָן איבערן בעקל, אָבער ניט אַף צו געבן איר אַן ארייננטריט-בילעט אין דעם ליטעראַרישן פּאַלאַץ אַריין.

איצט איז געקומען די צייט, ווען רייזען דאַרף פֿאַרנעמען זיין אָרט, וואָס אים קומט. און אַן אָרט קומט אים צווישן אונדזערע קלאַסיקער, ווי אזא, וואָס איז מיט זיין שאַפֿן אייגנאַרטיק, פֿאַרגאַנצט, אַף זיין אויפֿן פֿאַרטיפֿט, — אים קומט אַן אָרט צווישן אונדזערע קלאַסיקער, וואָס האָבן זיך פֿאַראַנקערט אין אונדזער ליטעראַטור, זיך צייכענענדיק מיט רעליעפֿע ליניעס פֿאַרן שיין פֿון די ווייטערדיקע עפּאָכעס...

* * *

א. רייזען איז שוין גראָ געוואָרן אין זיין דיכטן. 1891 איז דער אָנהויב פֿון רייזענס ליטעראַרישן שאַפֿן. ער לעבט און שרייבט נאָך איצט צווישן אונדז. רייזען איז געווען זייער פֿרוכטבאַר. ער האָט א מאַסע לידער, נאָוועלן און דערציילונגען אָן אַ שיר — נאָך מער ווי לידער.

37 יאָר דיכטונג! אַ מענטש האָט דורכגעמאַכט עפּאָכעס, גאַנצע ליטעראַרישע דוירעס זיינען דורכגעגאַנגען, עס זיינען פֿאָרגעקומען גרויסע סאָציאַלע אופֿרייסן און איבערשיכטונגען... וואַנדערונג—רוסלאַנד, אייראָפּע, אַמעריקע. און וויפֿל רייזען האָט ניט געביטן זיין זיצפּלאַץ, ווי עס האָבן זיך ניט געענדערט די עפּאָכעס, איז דאָך דער גרונטטאָן, די גרונט-טענער פֿון זיין שאַפֿן געבליבן דיזעלבע: נויט און אַרבעט. און אַף וויפֿל אָט די צוויי סאָציאַלע קאַטעגאָריעס גייען אין דער קלאַסן-געזעלשאַפֿט האַנט באַ האַנט, איז וויבאַלד רייזען שטעלט זיי ביידע אין גרונט פֿון זיין שאַפֿן, בלייבט שוין רייזען איינער פֿון יענע, וואָס וואַקסן אַריין אין פּראָלעטאַריאַט, פֿון יענעם שיכט, וואָס שאַפֿט פֿאַרן אַרבעטער-קלאַס רעזערוון, וואָס מוז סאָפֿקאָלסאָף אויך באַהעפֿט ווערן צו דעם נייעם קלאַס, וואָס טראָגט פֿאָרויס די פֿאָן פֿון אַלמענטשלעכן אידעאַל—פֿון קלאַס, וואָס איז עמעס מענטשלעך, עכט עטיש, ניט אַף צו פֿלייסן הומאַניסטיש—פֿונם פּראָלעטאַרישן קלאַס. און רייזענס הומאַניזם. זיין ליבע צו דעם מענטש, אַ ליבע, וואָס האָט אָפֿט דעם הויך פֿון פריקרן סענטימענטאַליזם—אַ געפֿיל, וואָס שפּייזט זיך אין דעם אָרעמען מיטלשטאַנד—איז אָפֿט אויך דורכגענומען מיט ליכטיקן אינערלעכן גלויבן, וואָס ציט שוין די יעניקע דאַווקע פֿון אַ נ ד ע ר ע ז אַ פֿ ט ן — פֿון זאַפֿטן, וואָס קוועלן פֿון אַ געזונטן, קרעפֿטיקן, אופֿשטייגנדיקן קלאַס—פֿונם פּראָלעטאַריאַט...

רייזען קומט פֿון דער אָרעמקייט און בלייבט שטענדיק מיט איר באַהעפֿט.—אַ זון פֿון דער אָרעמער געסל, אַ קינד פֿון די „בערגעלעך מיסט“. ער קלייבט זיך פֿונדאַנען ניט אַוועקגיין, ער גייט ניט מאַכן קיין קאַריערעס, עס שיינען פֿאַר אים ניט אוף קיין ברייטע סאָציאַלע האָריזאָנטן,—דער ביטערער טאַם פֿון נויט בלייבט אים שטענדיק אָפֿן גומען. אומעטום זעט ער זיין „גאַס“, זיין שטעטל. דעם טשעסלער, דעם מעלאַמעד און יעשיווע-באָכער, דעם לערער און עקסטערן, דעם טרעגער און די גאַסן-מויד, די אַרבעטערקע און די פֿאַרצאָרגטע יידענע—ער טרעפֿט זיי אומעטום: אין שטעטל, אין דער גרויסער שטאָט, אין מינסק, אין וואַרשע, אין ניויאָרק, אין די פֿאַבריקן און אין „שאָפּ“, אין די קאַפֿעס און קינסטלער-אַטעליעס, אין בעסמעדרעש און קלוב. ער האָט זיי

שטענדיק. עמעס. זיי מאַכן באַ אים דורך אַ זיגזאַגישן וועג, נאָר פּונקט ווי ער אליין, בלייבן זיי אויך טריי זיך, זייער אייגענער נאַטור, די אייגענע האַסאָגעס און שטרעבונגען. די „דראַמע איבער 5 קאַרטאָפל״ איז אַן עמעסע דראַמע, אַ גרויסע דראַמע, ווייל די קאַרטאָפל פעלן טאַקע אויס. און אויב עס איז אַפילע יע דאָ קאַרטאָפל, ווערט די דראַמע ניט געמינערט, ווייל באַ רייזענען ווילן אָט די, וואָס מוזן האָבן קאַרטאָפל, נאָך עפּעס. רייזען איז געווען איינער פון די זעלטענע יידישע שרייבער, וואָס האָבן שוין אין י ע נ ע צייטן דערפילט אין דער אָרעמער מאַסע, אַז כויך גוף האָבן זיי אויך נעשאָמע. באַ רייזענען האָט יעדערער פון זיינע פּערסאָנאַזשן אַ נעשאָמע, יעדערער האָט גייסטיקע פאָדערונגען, אין דער מאַטעריעלער קאַבצאָנישער סוויווע געפינט ער אַ גייסטיקע דערהויבנקייט—מענטשלעכע פאַרלאַנגען און שטרעבונגען.

אַזוי גייט רייזען מיט זיין גרויסער גאַלעריע טיפּן און מאַכט פּוסטריט די עפּאָכעס. די סוויווע פון נויט און אַרבעט לאָזט אים ניט אָפּ. ער אליין רייסט זיך פון איר ניט אַוועקצוגיין. אין „טונקעלע צייטן״ זינגט ער וועגן אָרעמקייט, וועגן נויט, וועגן דערשלאָגנקייט און שווערער לאַסט. און נאָר וועגן דעם. דעריקער שטייט אים פאַר די אויגן דאָס שטעטעלע, מיט איר קאָנסערוואַטיווקייט, מיט איר שטעמפל פון אייביקן דאַלעס. גיט אָבער אַ ווײ מיט פרישקייט, מיט אָנזאָגן אַף רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, גיט זיך אַ ריס דער פּראָלעטאַרישער קלאַס—קומען דאַן באַ רייזענען קרעפטיקע און גלויביקע מאָטיוון, טרעט דאַן די אָרעמקייט אָפּ איר וועג דער אין זיך גלויביקער פּראַצע. פאַלט אָפּ די כוואַליע, ווערט די רעוואָלוציע פאַרדריקט דורכן צאַריזם—הויבט דאַן רייזען אָן זינגען אומעטיק-בענקענדיקע לידער, שפּיגלען זיינע נאָוועלן דאַן אָפּ „אָפּגייענדיקע״ טיפּן. די מאָטיוון און פאַרבן ווערן נאָך טונקעלער בייס דער וועלט-מילכאָמע—רייזענס קונסט-סטרונע ציטערט דאַן שיר ניט ביז פּלאַצן... שטייגט ווידער אויף אַ סאָציאַלע כוואַליע, קומט אָן דער 17-טער יאָר,—איז רייזען ווידער באַנייט, ווערן זיינע אויגן געווענדעט צו דער „אַלטער היים״. כאַפּט אים אויף דער שטראָם פון כוואַלעדיקער אַרבעטער-באַוועגונג, גיט עס אים אַ צי צו דער קאָמוניסטישער „פרייהייט״. און אָט שטייט שוין באַלד דער גראָ-געוואָרענער אַווראָם רייזען אין דעם באַנייטן לאַנד,—דאָס לאַנד וואָס אָטעמט מיט אַ פרישן פרילינג...

רייזענס שאַפן איז אַף אַזאַ אויפן ניט דורכויס קיין גראַדליניקע, דעריקער אין די שטימונגען. אָבער אין אייגנאַרטיקייט, אין דעם אַלגעמיינעם גרונט-טאָן בלייבט ער שטענדיק זיך אליין טריי. די קרומע ליניע פון רייזענס שאַפן ווערט שטענדיק „צוגעצויגן״ דורך איין קראַפט—דורך דעם אַרבעטנדיקן אָרעמען פאָלק.

2

רייזען הויבט אָן פון לידער. זיינע נאָוועלן און דערציילונגען באַווייזן זיך ערשט אין 1900 יאָר. רייזענס ליד איז ליריש, זי איז ווייך און האַרציק. און זי מוז עס זיין פון אָנהויב אָן צוליב די מאָטיוון און דער טעמאַטיק, וואָס הערשן אין איר. „די גראָע נויט״—דאָס איז איינער פון די גרעסטע ציקלען, דער סאַמע פרישטער ציקל אין רייזענס שאַפן. אָרעמער לעבן—דאָס איז די טעמאַטיק פון דאָזיקן ציקל. דאָ זינגט רייזען וועגן „אַ געזינד זאַלבע אַכט״, וועגן „העמערל״, „מאַיקאָמאַשמעלאָן״, „דער געמאָרע-ניגן״, „דאָס געבעט״, „ווינטער-לידער״. דאָס איז ניט קיין אינדיווידועלע ליריק (כאָטש אויך אָט דער מין איז פאַראַן באַ רייזענען)—דאָס איז דער האַרציקער טרויעריקער געזאַנג פון די אָרעמע פאָלק-מאַסן. זינגט רייזען „ווינטער-לידער״, זאָלט איר ניט מיינען, אַז ער איז דאָ פאַרכאַפּט פון נאַטור-שיינקייט. פאַר נאַטור האָט בכלאַל רייזען ווייניק געמיט. באַ אים איז דעריקער דער מענטש. אין אָט די „ווינטער-לידער״ וועט גאָר זיין אַ רייד וועגן כאַים דעם סטאָליער און לייבל דעם שניידער, וואָס זיינען צום ווינטער געבליבן מיט אַ צובראָכענעם דאַך און אָן אַ וואַרעמען מאַלבוש. מעג עס זיין ווייניק באַאַרבעט, „געשריבן מיט אַ האַק״ (ווי פּערעץ האָט זיך אויסגעדריקט וועגן איינער פון רייזענס רעוואָלוציאָנערע לידער), אָבער רייזען וועט דעמדאָזיקן געפיל פון מיטלייד צום אָרעמאַן ניט פאַרשווייגן. און אויב אימיצער אַנדערש וואָלט אַריינגעפאַלן אין באַנאַלקייט באַ אַזאַ מין „פּראָזאַירן״ דיכטונג, איז רייזען אָבער דערפון באַשירעמט, ווייל באַ אים גייט עס פון טיפן האַרצן, ווייל דורך אים זינגט דער צאַר פון יידישן אָרעמען האָרעפּאַשניק. רייזען בלייבט אַף דער פּראָסטער ערד. זיין קינסטלערישער „געבעט״ איז אַרויסגערופן געוואָרן דורכן געוויטער, דער דונער און בליץ האָבן אים דערמאָנט אָן פּאָשעטע מענטשלעכע זאַכן, בעסער געזאָגט אָן ליבע מ ע נ ט ש ן (וואָרום רייזען אַכט דעריקער דעם מ ע נ ט ש ן): אָן די „וואָס אַרבעטן שווער אַף די פעלדער״, אָן „אַלע וואָס זיינען פאַרוואָגלט, וואָס האָבן קיין ווינקעלע ניט״. אַזוי „פּראָזאַיִש״ איז רייזען בייס דער בעסטער געלעגנהייט פאַר קאַנקרעטיקע הויכע רייד.

און עפּשער טאַקע שטאַמט אָט פון דעמדאָזיקן פּאָעטיזירן די „גראָבע״ פּראָזע דאָס, וואָס די ליטעראַרישע פיינשמעקער זיינען אַזוי איינגעהאַלטן געווען אין זייער באַציִונג צו רייזען דעם דיכטער, וואָרעם ער וואַרפט דאָך אָפּ די „יאָנטעוודיקע״, וואָרעם ער בענקט נאָך פּראָסטן לעבן, וואָרעם זיין בענקעניש איז געבונדן מיט פּאָשעטע לעבן-אינסטינקטן און לעבן-פאַרלאַנגען, עלעמענטאַר, ווי דער רויער, ווי דער מאַסן-מענטש, וואָס אים שטייט רייזען אינגאַנצן צודינסט אין זיין דיכטונג, אין זיין וועלט-באַנעם...

און פּונקט אַזוי עלעמענטאַר און פון פאָלק געקומען איז רייזענס שפּראַך. „פּראָסטע רייד״—דאָס איז רייזעניִשע רייד. ווערטער זיינען ניט צום שפּילן זיך, ניט צוליב עקווילעבריסטיק, אַפילע ניט צוליב קינסטלערישער אַרומשלייפונג. רייזען איז ניט קיין עקספּערימענטאַטאָר איבערן וואָרט. אָבער זיין וואָרט פאַרמאָגט אָן אַנדער סאָד. פון אים שלאָגט אַ סטיכיִשער וואַרעמער קוואַל. איז כאָטש רייזענס וואָרט איז אָפּט אַזוי אָרעם און נאַקעט ווי די סוויווע, וווּ דער דיכטער אַליין איז געבאָרן געוואָרן, איז אָבער אָט דער וואָרט דערפאַר טאַקע שטענדיק באַצייכנט מיט עכטער פאָלקסטימלעכקייט און פאַרמאָגט אין זיך אַ זעלטן-האַרציקע מעלאָדישקייט. קיין בריליאַנטן פינקלען ניט אין רייזענס לידער,

פֿונקט אַזוי, ווי בּאַ אים פֿעלן לאַכלוטן די טראַדיציאָנעלע „צוי-בּער-פּאַלאַצן", די „בּאַסמאַלקעס", די ריטערלעכע „העלדן" א.ד.ג. רייזען איז בּאַלעסטיקט מיט דאָס, וואָס זיין אַלטמאָדיש האַלבּ-דיפֿערענצירט יידיש שטעטל האָט אַף אים אַרופֿגעלייגט—און דער דיכטער וויל זיך ניט פֿאַרגוואַלטיקן. און דאָס איז קענטיק אַף זיין וואָרט-מאַטעריאַל, אַף זיין בּילד, אין זיינע סענטענציעס. דערצו איז אויך אַ בּאווייז דער פֿאַקט, וואָס אין רייזענס רעוואָ-לוציאָנערע לידער איז פֿאַראַן נאָר די סטיכעישע מונטערקייט און דערצאָרנטקייט, אָבער ניט דער סאָציאַלער אידעאַל פֿון דעם פּראָ-לעטאַריאַט—אַן אידעאַל, וואָס איז צו דעם אָרעמען מיטלשטאַנד דערגאַנגען נאָר ווי אַן עכאָ, אָן בּוילעטע רעליעפֿע פֿאָרמען.

און קאָלזמאַן רייזען זעט ניט קיין אַקטיווע קרעפֿטן, וואָס רייסן זיך אַרויס פֿון דערדאָזיקער פֿאָלק-אָרעמקייט אין דער ברייטער וועלט אַריין, דאָמינירט אין זיין דיכטערישער שטימונג די אָפּשפּיגלונג פֿון קאַבּצאָנישער געדריקטקייט,—פֿון דער שטימונג, וואָס שאַפֿט דעם הויפּט-סאָן אָט פֿאַר אַזעלכע לידער:

אונדזער סייכל, אונדזער כאָכמע,
אונדזערע קלוגע, שאַרפֿע ווערטער
הערט מען ניט אין קיין געזעלשאַפֿט
קלינגען ניט אין קיינע ערטער,
שטאַרבּן אָפּ מיט אונדז צוזאַמען,—
שטאַרבּן אָפּ מיט אונדז קאַבּצאָנים,—
קיינער ווייס פֿון אונדזער סייכל,
און מיר הייסן די נאַראָנים.

קאַבּצאָנישע דערשלאָגנקייט. אָבער בּאַמערקט, אַז שטיל-שטיל קלינגט אויך דאָ אַן אונטערטאָן פֿון פּראָטעסט, פֿון שטילער מע-רידע, פֿון פֿאַרשטאַנד דערפֿאַר, אַז עס טאָר אַזוי ניט זיין, פֿון קינע-געפֿיל. דאָ איז פֿאַראַן די קאָנסטאַטירונג פֿון דעם קאַבּצנס נישטיקייט, עס איז אָבער אויך דאָ די האַרבּע קאַשע—לעמאַי?— זי בעט זיך אַליין אָן.

רייזען גיט איבּער שטאַרק און פֿול די געפֿילן-גאַמע פֿון דער אָרעמער פֿאָלק-מאַסע. אין זיין דיכטונג פֿילט ער אויס די דאָזיקע „סאָציאַלע בּאַשטעלונג", ווי אַ מענטש, וואָס שטעקט אינגאַנצן אין דערדאָזיקער מאַסע, נאָר וועלכער זעט פֿון דאָרטן אַרויס אויכעט עפּעס-וואָס פֿון דעם בּרייטערן אַרום. זיין אויג איז הונ-געריק, זיין געפֿיל פֿאַרלאַנגט, נאָר ער ווייס ווי ווייט עס איז פֿאַרלאַנג פֿון וואָר, די אָרעמע סוויווע בּאַפֿליגלט ניט צו זיכערע האָפֿנונגען, פֿליט טאַקע רייזען ניט אין די הימלען און זינגט וועגן דער אָרעמקייט אַזוי:

אָרעמעס לעבּן! נאָר שטענדיק זיך מאַטערן,
שטענדיק צו לעבּן אין נויט:
קויכעס די יונגע, די פֿרישע צו פֿאַטערן.
זוכנדיק טרוקענעם בּרויט!

. . . . . . . . . . . . . . . .

שטיקן פֿאַרלאַנגען און שטרעבּונגען קראַפֿטיקע
שטיקן און דריקן אין האַרץ:
בּלומען פֿון יוגנט, די פֿרישע, די זאַפֿטיקע,
לאָזן צוטרעטן אַף שוואַרץ!..

אָט אין די שורעס הערשט ניט בּלויז אָרעמאַנסקער אומעט, ניין—דאָס ליד איז דיקטירט אויך דורכן געזונטן אָנגעווייטען לעבּן-אינסטינקט, דורכן געפֿיל צו בּאַפֿרייען זיך פֿון דעם דאַלעס— דאָס איז אַ געשריי פֿון ווייַ און גלייכצייטיק אויך א רוף נאָך הילף. ניט אומזיסט האָט איר דאָ די פּרעוואלירונג פֿון „פֿרישע", „קראַפֿטיקע", „זאַפֿטיקע", „פֿאַרלאַנגען", איבּער „שוואַרצן", „טרו-קענעם" בּרויט. רייזען איז אויך דאָ אַ שטרעבּנדיקער, פֿאַר אים ציטערט ערגעצוו אַ ליכטיקער שטראַל, ער זינקט ניט אינם אָרעמאַנסקן פֿינצטערן לעבּן. אין דעם איז דער סאָד פֿון רייזענס דיכטערישן לעבּן-דויער, פֿון זיין פּאָזיטיווער בּאַציִונג צו די צייטן פֿון סאָציאַלן אופֿבּרויז און פֿון זיין קאָנטאַקט מיט די רעוואָלו-ציאָנערע מאסן.

3

די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע (1905 יאָר) טראָגט אַריין האָפֿערדיקע טענער און רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון אין רייזענס דיכטונג. דאָס זיינען ז ײ נ ע לידער איינגעבּירגערט געוואָרן אין די מאסן. די „וואַנט", אַ „ווינטער-ליד", „קירכן-גלאָקן", „דאָס נייע ליד" און אנד.—זיי זיינען שוין אריין ווי דאָקומענטן אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער ארבעטער-בּאַוועגונג. אין אָט די לידער האָט פֿאַר די יידישע ארבעטער געקלונגען אַ רוף צו פֿאַראייניקונג, פּראָטעסט קעגן בּעסמעדרעש א.א.וו. א.ד.ג.

אין רייזענס לידער שטעמפּלט זיך אָפּ סאָציאַלע מערידע, מאָ-טיוון פֿון קאַמף צווישן אַרבּעט און קאַפּיטאַל. אין זיין ליד „ערלעכע אַרבּעט" איז דאָ איראָניע קעגן דער עקזיסטירנדיקער סאָציאַלער אָרדענונג:

ערלעכע אַרבּעט, ערלעכע מי—
לייגן זיך שפּעט און אופֿשטיין פֿאַר פֿרי.
אַרבּעטן 14 און לעבּן קיין שאָ—
ווו איז די בּראָכע, פֿרעג איך אייך, דאָ?
„ערלעכע אַרבּעט, וואָיל איז צו דיר!"
— ווו איז די וואָילקייט? ענטפֿערט פֿאָרט מיר.

ערלעכע אַרבּעט, ערלעכע מי:
טשוועקעלעך קלאַפּ, די נאָדעלע ציִ:
מויער זיי הייזער, קריך אַפֿן דאַך,
אין ד"רערד גיי נאָך קוילן, ניט קוק אַף קיין זאַך.
שטעל אין סאַקאָנע דיין לעבּן, דיין בּלוט,—
עס וועט דיר שוין וואָיל זיין, עס וועט דיר זיין גוט!...

דאָס איז דאַן געווען ניט נאָר דיכטערישער הומאניזם און מיטלייד, אין דעם האָבּן די יידישע אַרבּעטנדיקע געלייענט וועגן זייער סאָציאַלן גורל, און דאָס איז זיי צוהילף געווען אין זייער פּראָטעסטירן און אין דעם פֿאַרוואַנדלען אָנגעבּרויזטן צאָרן אין אַקטיווער צעשטערערישער קראַפֿט קעגן צאַריזם.

וויכטיק איז דאָ צו בּאַטאָנען, ווי פֿריי רייזען איז אין דידאָ-זיקע פֿרייהייט-און רעוואָלוציע-לידער פֿון שמאָלן נאַציאָנאַליזם.

רייזענס ליד קען גילטיק זיין פֿאַרן יידישן און ניט־יידישן ארבע־טער, כאָטש די פֿאָלקסטימלעכע פֿאַרב ליגט אף איר דאָך.

פֿאַרשטייט זיך, אַז רייזען איז אין דידאזיקע לידער ניט קיין פֿידער און וועגווייזער. פֿאַר די יידישע ארבעטער איז ווייניק געווען צו הערן לידער וועגן „צאָרן", וועגן „פֿרייהייט", וועגן „לעבן" און „גליק"—סטאַם. אָבער דעם טייטש האט מען שוין אַליין ארייַנגעלייגט אין די לידער. ניט קיין וועג ווייזט רייזען—ער גיט נאָר א מונטערן געזאַנג אין וועג אַריין, אַ גלויביקע מעלאָדיע. און דאָס שטעלט שוין רייזענען אַוועק צווישן די ער־שטע יידישע פּראָלעטאַרישע דיכטער.

אָט די מונטערע ליניע פֿון 1905-טן יאָר ווערט איבערגעריסן אין די יאָרן פֿון רעאַקציע און אימפּעריאַליסטישן קריג. דעם געמיט־צושטאַנד פֿון דער רעאַקציע־צייט בא דער אינטעליגענץ און אַפֿילע בא אַ טייל אַרבעטער האָט רייזען פֿאַרפֿיקסירט אין דאָס ליד „באַ אונדז אין לאַנד". דאָס ליד טראָגט אַן אונטער־קעפּל „פֿון אַ בריוו" און איז באצייכנט מיט דער דאַטע 1906". אָט זיינען די שוואַרץ־טרויעריקע סטראָפֿעס:

ליבער פֿריינט, בא אונדז אין לאַנד
איז דאָס לעבן טויט און מיעס...
ס'איינציק פֿרייע פֿויגל־ליד
הערט מען זינגען נאָר אף טליעס.

ליבער פֿריינט, בא אונדז אין לאַנד
אַרבעט זעלטן א פֿאַבריק:
איינע נאָר—זי שטרייקט קיינמאָל:
שמידט אונדז קייטן, פֿלעכט אונדז שטריק...

. . . . . . . . . . . . . . .

ליבער פֿריינט, בא אונדז אין לאנד
הייסט אַ כעסעד—ווייסטו וואָס?
שטאָט צו הענגען אַף א שטריק—
טויטן מיט א ביקסן־שאָס.

צום דאָזיקן פּעריאָד געהערן אויך אסאך לידער אינדיווידועל־לירישע, אויך אַף אַ שוואַרצן פֿאָן, אַנדערע פֿון זיי („צו שיקו־רים") זיינען דורכגענומען מיט פֿינצטערן צאָרן, מיט אַ נאָטע פֿון פּראָטעסט.

רייזענען פֿון מילכאָמע־פּעריאָד כאַראַקטעריזירט דאָס ליד „אונדזער וואָרט":

אונדזער וואָרט און אונדזער ליד—
ניט דערהערט געוואָרן:
און די גאַנצע וועלט איז מיד,
פֿול מיט האַס און צאָרן.

אונדזער בוך ליגט איצט פֿאַרמאַכט,
ווער זאָל אים דען לייענען?
גרויסע קינדער אַפֿן שלאַכט
און די קליינע וויינען...

אונדזער נאָווי איז פֿאַרשעמט
מיט זיין וואָרט דעם שאַרפֿן:
ס'איז ניטאָ אַפֿילע ווער
זאָל אַ שטיין אים וואַרפֿן.

דאָס ליד איז דורכגענומען מיט טיפֿער שטימונג פֿון איינזאַם־קייט און פּעסימיזם, מיט ווייטיק און צאַר, די טענער ווערן באַ רייזענען אין דאָזיקן פּעריאָד אומעטיק, די פֿאַרבן שוואַרץ, דער געמיט באַשווערט, אַן אופֿשווונג קומט צוזאַמען מיטן 1917 י. דאָס פֿאַלן פֿון צאַריזם סטימולירט רייזענען צו אַ ספּעציעלער ליד „פּלוצים":

פּלוצלונג זיינען אַלט געוואָרן
אַלע לידער פֿון דער וועלט:
לידער פֿון דעם וויי און צאָרן,
לידער פֿון דער שווערער קעלט.
קייטן... שקלאַפֿן...—אַ לעגענדע!
בייזע ווינטן—פֿאַלשער טאָן!
לענגסטער ווינטער האָט זיין ענדע
און אַ זומער קומט שוין אָן...

דאָס איז, ווי אַן ענטפֿער אַף דאָס אלטע ליד זיינס „הוליעט", וו אַיין שורע זאָגט: „לאַנג וועט דויערן דער ווינטער". רייזען זאָגט שוין איצט אָן וועגן זומער. אין זעלבן פּעריאָד, איז גע־שריבן געוואָרן דאָס ליד „וווּנדערלעכע צייטן", ווו עס איז שוין דאָ אַ מונטערע סטרופֿע:

נייע, וווּנדערלעכע צייטן,
קומען אָן:
דער פֿאַרשקלאַפֿטער וועט צוברעכן
יעדן טראָן.
און די יענע, וואָס געטראָגן
האָבן קרוינען,
וועלן אין די האָרע־כוישעך
ערגעץ וואָינען...

אינם שמערץ איבער מילכאָמע און פּאָגראָמען גיסט זיך שוין אַריין אַ נייער אופֿלייכטנדיקער מאָטיוו. אין זיין ליד „דער אָנזאָג" איז דער גרונט־מאָטיוו שוין אַ האָפֿערדיקער:

„אונדזער פֿרייד איז צופֿיל גרויס—
רעדט ניט, ליבע ברידער!
איצט זאָל זיין מיט ווערטער אויס—
לידער דאַרף מען, לידער".

דאָ איז נאָך אויך פֿאַראַן בענקשאַפֿט נאָך דער „העלער שאָ" אָבער די בענקשאַפֿט איז באַכיינט מיט גלויבן, און וואָס ווייטער ווערן אלץ דידאָזיקע רייזענס לידער קרעפֿטיקער און גלויביקער. רייזענס ליד „רופֿט מיך" הויבט זיך אָן מיט דער סטראָפֿע:

רופֿט מיך—איך בין גרייט צו דינען
אייך, מיט אלץ, וואָס איך פֿאַרמעג,
מיט די לעצטע אַלע טעג,
מיט מיין גליק, וואָס גלאַנצט דערינען...

„רופֿט מיך—איך בין גרייט״,—מעלדעט זיך רייזען. און דאָ איז ער ווידער שוין סטימולירט פֿון נייע סאָציאַלע שטורמען. רייזען פֿילט זיך גרייט, זיין דיכטער-סטרונע ציט זיך אָן צוזאַמען מיט דעם סטיכעישן אופֿשטייג פֿון די מאַסן. אין דעם זין איז רייזען א מין באַראָמעטער פֿון מאַסאָווער גלויבנס-קרעפֿטיקייט, פֿון אופֿגעברויזטע קוואַלן. דעריבער זעט איר בײַ רייזענען אינם פעריאָר פֿון 1917 און ווייטער אַכוץ די בענקעניש-לידער, אויך לידער אונטער די נעמען „רופֿט מיך״, „איך גלויב״, „זייט גרייט״ און אַנד. אין „איך גלויב״ זאָגט רייזען:

איך גלויב אין דער קראַפֿט פֿון די נאָענטע,
וואָס זיינען צוזייט און צושפּרייט:
זיי וועלן מיט ליפּן פֿאַרשלאָסענע,
דערהאַרן, דערוואַרטן די פֿרייד...

ווער עס זיינען רייזענס נאָענטע, ווער עס זיינען דאָס די „צוזייטע און צושפּרייטע״ ווייסן מיר: דאָס איז רייזענס קלאַל. אין רייזענס קלאַל איז די אַרבעטנדיקע און אָרעמע יידישע מאַסע, די יידישע מאַסע, וואָס שווענקט זיך צונויף מיט אַלע איבעריקע אָרעמע מאַסן. אין רייזענס „זייט גרייט״ פֿילט זיך טאקע גרייטקייט, די סטרונע איז אָנגעצויגן, עמיץ שטייט אַף דער וואַך, עמיץ גרייט זיך:

עס הערט זיך אַ רופֿן: „זייט גרייט!״
עס קומט אַף דער וועלט עפּעס אָן:
עס פֿלאַטערט אַף אונדזערע קעפּ
פֿון זעלטענע פֿאַרבן אַ פֿאָן.

. . . . . . . . . . . . . .

עס הערן זיך דומפּיקע טריט,
און עמיצער רייסט זיך פֿון קייט:
עס צייכנט אַ האַנט אַף דער וואַנט,
עס הערט זיך אַ רופֿן: „זייט גרייט!״...

. . . . . . . . . . . . . .

זאָל דער לעזער ניט האָבן קיין טאַרומעס פֿאַר דער גרויסער צאָל ציטאַטן: דאָ זיינען גענומען געוואָרן דעריקער גרעסערע אויסצוגן פֿון לידער, וואָס זיינען געשריבן און געדרוקט געוואָרן „אין דער נייער היים״,—אין אַמעריקע—און זיינען אונדזערע לעזער ווייניק באַקאַנט. אַגעוו, דאַרפֿן דידאָזיקע לידער צושטערן נאָך א לעגענדע פֿון יענע אַלע לעגענדעס, וואָס ווערן געוועבט אַרום רייזענס נאָמען און זיינען אויסן אים צו קאָמפּראָמיטירן, ווי אַ קינסטלער. דעהיינו: אז רייזען איז פֿאַר די לעצטע יאָרן קינסטלעריש ניט פֿרוכטבאַר. עס איז ניט ריכטיק. ווי שטענדיק, זיינען בײַ רייזענען אויך אין דעם פעריאָד פֿאַראַן לידער העלערע און בלאַסערע, שטאַרקערע און שוואַכערע, לייכטע און שטימונגפֿולע. אָבער זיין דיכטונג הערט ניט אוף. דאָסגלייכן הערט רייזען ניט אוף צו רעאַגירן אַף וויכטיקע געזעלשאַפֿטלעכע דערשיינונגען, װאָס דאַרפֿן אינדערעמעטן אָנרעגן דעם געפֿיל פֿון אַ שרייבער, וואָס האָט אַ סאָציאַלן כוש. אַזוי, לעמאָשל, רופֿט זיך רייזען אָפּ אַף דעם אַעראָפּלאַן „יידישער האָרעפּאַשניק״ מיט אַ פֿיינער זוניקער ליד, דאָסזעלבע אַף דער יידישער ערדאײַנאָרדענונג אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד. אַף אַזאַ מין אופֿן איז אויך דער לעצטער פעריאָד, דער נאָך רעוואָלוציע-פעריאָד פֿון רייזענס שאַפֿן פֿרוכטבאַר, און די ליניע, דער גרונט-טאָן, בלייבט אויך דערזעלבער. מיט אַלע פֿינקלדיקע מאַילעס און שטענדיקע כעסרוינעס פֿון דער פֿאַרשטויסן-געוועזענער און איצט דערוואַכטער האָרעפּאַשנער פֿאָלקס-מאַסע, מיט איר גלויבן און טריישאַפֿט דעם פּראָלעטאַריאַט—מיט דעם אַלץ איז דורכגענומען רייזענס דיכטונג. רייזען בלייבט ביזן סאָף דער דיכטער פֿון נויט און אַרבעט, בײַ אים זיינען דאָס צוויי זאכן, וואָס גייען האַנט בײַ האַנט—די נויט איז די שוועסטער פֿון דער אַרבעט, און דער דיכטער געפֿינט א טרייסט אַף דער נויט אין דער אופֿגעוואַכטער ארבעט, אין די אופֿגעשטאַנענע אַרבעט-מאסן. רייזענען איז איצט באַשערט אָנצוקוקן מיט די אייגענע אויגן דעם אין צווייען פֿריידיקן פּראָצעס; ווי אַזוי דער אַרבעטער-קלאַס וואָס איז געקומען צו דער מאכט, האָט באַפֿרייט זיך און איז אויך געקומען אויסלייזן פֿון נויט די אָ ר ע מ ע  ד ע ר ש ל אָ ג ע נ ע  מ אַ ס ן. און ניט אומזיסט גייט איצט רייזען באַטרעטן די ערד פֿון סאָוועטן-פֿאַרבאנד—זי איז פֿאַר אים די פֿאַרקערפּערונג פֿון אויסגעווייטיקטע שטרעבונגען און טרוימען...

4

טרוימען... אַף רייזענען טאָר מען עפּשער אַזוי ניט זאָגן—אַלנפֿאַלס דאַרף מען זיין פֿאָרזיכטיק באם באַנוצן אַזעלכע אויסדריקן. זאָגט מען רייזענס טרוימען, מוז מען שוין אַהער צוליב פּינקטלעכקייט צוגעבן: ר ע אַ ל ע טרוימען, וו אַ ר ה אַ פֿ ט י ק ע כאַלוימעס. וואָרעם רייזען איז ניט קיין ראָמאַנטיק, כאָטש ער איז ביז צו סענטימענטאַליטעט ליריש, כאָטש ער איז אַף א האָר ניט ראַציאָנאַליסטיש. בײַ זיין בענקשאַפֿט בלייבט דאָך רייזען דורכויס רעאַליסט—ניט אומזיסט איז אזוי עפּיש-רויק און קלאָר יעדער נאָוועלע בײַ רייזענען, אַזוי רויק אויסגעבויט, אָזוי באַדאַכט באַשאַפֿן—פונקט ווי בײַ אַ גוטן טשעסלער אַ הילצערנער סרוב, וואָס ווערט דורך אים אופֿגעשטעלט צום 101 מאָל.

רייזען האַלט זיך אליין אויך פֿאַר א רעאַליסט,—ניט פֿאַר קיין ראָמאַנטיקער און ניט פֿאַר קיין פֿאַנטאַזיאָר. ער וואַקסט און לעבט אין זיין צייט, ער פֿילט די באַגרענעצטקייט פֿון צייט און רוים, און דידאָזיקע רעאַליסטיש-קאָנקרעטע גרענעצן, גרענעצן פֿון „איצט״, פֿון דעם פֿאַקטישן „זיין״, ווערן דורך אים ניט אָפּגעפֿרעגט. בײַ רייזענען איז דאָ אַ ליד „צו גאַסט״. איז אין דערדאָזיקער ליד פֿאַראַן די גאַנצע אַוטאָפֿילאָסאָפֿיע פֿונם דיכטער, זיין קוק אף וואָר און ראָמאַנטיק. לאָמיר ברענגען אייניקע סטראָפֿעס:

אימער איז דער היינט צו לאַסט,
ווילט זיך פֿאָרן גאָר צו גאַסט:
צו דעם נעכטן אַף אַ צייט,
צו די גוטע, אַלטע לייט,

. . . . . . . . . . . .

ס'איז קיין פֿרייד בײַ אים ניטאָ...
נו, עס איז אַ מאָרגן דאָ.
ערגעץ ווייט. און ערגעצווו—
קום איך אויך צום מאָרגן צו...

. . . . . . . . . . . ,

בין איך מויכל מאָרגנס גליק,
און אין איך לויף צום היינט צוריק....
ווער איך פֿריילעך, ווער איך קלוג—
ווערט דער היינט מיר גוט גענוג.

דער היינט איז דער איקער, דאָס וואָר איז דאָס בעסטע. „אין דעם נעכטן” אָדער „אין דעם מאָרגן”—איז נים אַלץ. עס קאָן זיין נאָר אַ שטימונג-זאך, אַ מין פֿאַרבלענדעניש, עס קען אַ צי טאָן אין דער ווייטער ווייט, אָבער דעריקער איז דער „היינט”, מיט אים איז „פֿריילעך און קלוג”.

דער גאַנצער רעאַליסטישער רייזען טרעט אַרויס אין דער נאָוועלע, אין דער קורצגעפֿאַסטער דערציילונג. רייזען איז א מערקווידיקער נאָוועליסט, דעריקער אלס אָרגאַניזאַטאָר און קאָנסטרוקטאָר פֿונם ווערק. נאָוועלן האָבן געשריבן פּערעץ און שאָלעםאַלייכעם, נאָמבערג, בערגעלסאָן, אַפּאַטאָשו און אַנד. קיינער האָט זיי אָבער מיט אזא לייכטקייט און גאַנצקייט ניט אוועקגעלייגט אַפֿן פּאַפּיר ווי רייזען. די נאָוועלע איז רייזענס סטיכייע. דערציילונגען, נאָוועלן, סקיצן, בילדער, עסקיזן, הומאָרעסקען—רייזען האָט זיי לעראָו: פֿון 12 בענדער, וואָס זיינען דורך אים אָנגעשריבן געוואָרן ביזן 17-טן יאָר, זיינען 9—גאַנצע דריי פֿערטל—אָנגעפֿילט מיט דעמדאָזיקן מין ליטעראַטור און נאָר 3 מיט לידער. ביז 350 נאָוועלן און דערציילונגען!

רייזענס נאָוועלע איז לייכט און פליסיק, ניטאָ אין איר קיין האַמעטנע שפראך, דער סיפער-האמאיסע איז ניט צופֿלאָסן און צוציגן. רייזענס ליניעס זיינען קורצע און בולעטע,—עס איז דאָ קינסטלערישער געפֿיל פֿון מאָס. אסאַך בעלעטריסטישע זאַכן רייזנס זיינען ענלעך צו קינסטלעריש-לאקאָנישע מולטיפליקאציעס אפֿן קינאָ-עקראַן: זיי וויקלען זיך פֿלינק פֿאנאנדער, רופן מאָמענטאל ארויס געפֿיל-אָנרעגונגען און לאָזן איבער אַ שארפֿן איינדרוק.

ווי א נאוועליסט איז רייזען ניט מעכויעוו צעוויקלען א גאנצע קייט געשעענישן, געבן סינטעטישע בילדער און פסיכאָלאָגישע אנשטייגונגען. ניטאָ בײַ רייזענען קיין ברייטע באַשרייבונגען, קיין גרויסע נאַטור-שילדערונגען, קיין באאריכעסדיקע געשיכטעס פון מענטשלעכע לעבנס. און אַ נאָוועלע, וואָס האַלט 2-3 זייטלעך איז דאָס שוין פֿיזיש אָפּגעפֿרעגט. בײַ רייזענען זיינען אָבער אויך פֿאַראַן דערציילונגען, וואָס האַלטן אַ קאַרגע זייטל! רייזענס נאָוועלע איז ווי אַ מין קינסטלערישער שפּיגל פֿון יענער באַגרענעצטער סוויווע, וואָס האָט דעם דיכטער אויסגעפֿורעמט; דאָס שטעטל, אירע האסאָנעס, אירע מענטשן, די טראַגעדיעס פֿון דידאָזיקע מענטשן—דאָס אַלץ איז באַגרענעצט אינדערברייט און אינדערטיף, שרעקלעך מעסיק, אָפּט דראָבניטשקע. דער טעמפּ

איז דאָ אויך א געלאַסענער, קוים וואָס עס קלאַפּט דער פּולס. מענטשן טראַכטן און פֿאַנטאַזירן דאָ וועגן סאַמע עלעמענטאַרע זאַכן, זייער צאַר און לייד איז פֿאַרבונדן מיטן טרוקענעם שטיקל ברויט, מיט די פרימיטיווסטע מענטשלעכע פֿאַרלאַנגען. דאָס באַשטימט שוין דעם סוזשעט און דעם אינהאַלט פֿון די ווערק באם קינסטלער, וואָס איז באַרופֿן דידאָזיקע סאָציאַלע סוויווע צו שילדערן, רייזען נעמט דידאָזיקע סוזשעטן לייכט, ער שעפּט זיי פון זיך, ווייל אַליין איז ער דער קוואַל פֿון דידאָזיקע פֿאַקטן און געמיט-צושטאַנדן. און דעריבער וואַקסן אונטער זיין פען אויס אזוי שנעל בילדער פֿונם אָרעמען און פראָלעטאַרישן לעבן.

אין זיין דיכטונג איז רייזען דעריקער אַ ליריקער. דעריקער איז דאָרט געמיט-אנטפלעקונג, קיין עפישע שילדערונג, קיין מאַיסע איז קימאַט ווי גאָר ניטאָ. אַפילע שוין ניט רײדנדיק וועגן די קורצע 8 שורעדיקע לידער, וואָס אין זיי קען שוין, פֿאַרשטענדלעך, זיין אויסגעדריקט נאָר אַן אויסגעשריי, אַ געפיל-אנרעגונג,—אַפֿילע אין דעם קימאַט פּאָעמאַרטיקן ציקל „מיין צוריקער אַהיים” איז נישטאָ קיין גרויסער לייוונט, קיין סיסטעם פֿון פֿיגורן, קיין גרויס סינטעטיש בילד. דידאָזיקע ליריק טרעט קימאַט אינגאַנצן אָפּ איר אָרט, ווען רייזען נעמט זיך פֿאַר דער נאָוועלע. אָבער פֿון דער זייט לויערט דאָך די ליריק שטענדיק אַף דעם דיכטער, און דעריבער איז אַפֿילע די דערציילונג בײַ רייזענען באַהויכט מיט אַ לייכטן לירישן שלייער.

דער שעטעך, דער האָריזאָנט איז, ווי געזאָגט, אין רייזענס נאָוועלע שטאַרק באַגרענעצט—סײַ אין רוים און צייט, סײַ אין מענטשן, סיי אין געשעענישן און שטימונגען. רייזען אַרבעט פֿאַנאַנדער קינסטלערישע דעטאַלן, פסיכאָלאָגישע עטיודן. גראָד די דעטאַל בינדט צו זיין אופֿמערקזאמקייט צו זיך. פֿאַר אים איז דער מאָמענטאַלער צושטאנד פֿון „דעם טרעגער” גענוג צו באַשאַפֿן אַ בילד, אַ גאַנצע נאָוועלע, און דאָס איז דאָך ניט מער, ווי אַ דעטאַל, וואָס וואָלט פֿארן ראָמאַניסט געדינט ניט מער, ווי אַף אונטערצושטרייכן אַ מער וויכטיקע געשעניש.

די גאַלערייע רייזענס איז גרויס, טעמעס האָט ער אָן אַ שיר. און ניט געקוקט אַף דעם דאַלעס, וועלכן רייזען שילדערט אין זיין דערציילונג, זיינען דאָ פֿאַראַן ניט נאָר קרומע ליניעס, פֿאַרשאַרפֿטע שטריכן, קרענקלעכע שטימונגען,—כאָטש רייזען האָט שטענדיק פֿאַר זיך מענטשן הונגעריקע (פֿיזיש און גייסטיק), בענקעדיקע, פֿארוואָגלטע, דערשלאָגענע,—האָט ער דאָך ניט קיין סאַרקאַזם, בלייבט ער דאָך באַם ווייכן געמיט. און כאָטש אַמאָל גיט אַ גלאַנץ אַ טרער אַף זיין אויג, איז דאָך רייזענס גרונטטאָן—אַ לייכטער פֿאַרפֿילאָסאָפֿישטער דין-דינער הומאָר, אַ מין עלעגישער הומאָר.

בײַ רייזענען שטייט די הומאָרעסקע אין צענטער, זי איז קימאַט דער גרונט-זשאַנר אין רייזנס בעלעטריסטישער שאַפֿונג, דעריקער ווערט די הומאָרעסקע אַוועקגעשטעלט. ייאַ רייזענען אַף אַ כאָשעווען אָרט דאַן, ווען ער רייסט זיך אָפּ פון זיין „אַלטער היים”, ווען די נייע ארומיקע אַטמאָספֿער איז שוין ניט אַזוי אומיטלבאַר, ווען די אָרמקייט, די נויט און מי קריכט שוין ניט אַזוי דעם דיכטער אין די אויגן אַריין, ווען אַפֿן פֿאַן פֿון דער

„גאָלדערנער אַמעריטשקע" וואַקסט אויס פֿאַר זיינע אויגן אַ נייער שטייגער, מיט נייע פּראָבּלעמען. דאָ, אין דער אַמעריקאַנישער ווירקלעכקייט, איז שוין ניטאָ דער דראַמאַטיזם פֿון די „5 קאַרטאָפּלעס", אָבער דער דראָבּניצקער מענטשעלע, דער זאַטער, נאָך ניט אָנגעזעטיקטער,—ווייל ער האָט מער ניט ווי אָנגעשטאָפּט דעם כוימער—קומט דאָ אַרויף אַפֿן אויבערפֿלאַך און רייזען מאָלט אים. די טענער זיינען דאָ ניט קיין מינאָרע, זיי זיינען דעריקער וואָכעדיקע, סקעפּטיש-באַדאַכטע, ניט קיין דערהויבענע. מיט אַזאַ פֿאַרב איז באַצייכנט רייזענס נאָוועלע טיילווייז פֿון דער רעאַקציע-עפּאָכע, אָבער דעריקער פֿון אַמעריקאַנישן פּעריאָד.

פֿון דער רעאַקציע-טקופֿע האָט רייזען געגעבן אַ ריי טיפּן. דעריקער אינטעליגענטן—ווילנלאָזע, ניט שטאַנדהאַפֿטיקע, באָדנלאָזע, אינטעליגענטן, וואָס רייזען האָט זיי געזען אין זיין סוויווע. די אינטעליגענטן און „אינטעלעגענטנע" גייען דאָ אַפֿן ערשטן אָרט. ווייניק האָט רייזען געגעבן פּאָזיטיווע, רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער-טיפּן. זיי זיינען קימאַט ניטאָ. קעדאַי איז דאָ נאָר באַצייכענען צוויי הומאָרעסקעס, וואָס שטאַמען מיסטאָמע פֿון דעם רעוואָלוציע-פּעריאָד (ערעוו 1905 י.), דאָס זיינען—„מיין מאַמע" און „די נייע שאַילע".

אין דידאָזיקע דערציילונגען פֿירט רייזען אַרויס אַלס העלדן יונגע אַרבעטער. אין דער דערציילונג „מיין מאַמע", באַשטייט די ראָזינקע אין דעם, וואָס אַ יונגער יידישער אַרבעטער, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון גלויבן און פֿון יידישן מינהעג, קען זיך ניט באַרויקן און אים פּלאָגט שטענדיק דער געוויסן, לעמאַי די אַלטע מאַמע זיינע, די פֿרומע יידענע, ליידט זיינע גאַיִשע גענג און שווייגט האַכנאָעדיק, לעמאַי זי „פֿאַרקויפֿט איר נעשאָמע פֿאַר אַ פּערטעלע", לעמאַי זי איז אויווער אַף אירע רעליגיעזע טראַדיציעס נאָר דערפֿאַר, ווייל ער, דער זון אירער, איז איר מעפֿאַרנעס. אין אָט דעם טיפּ, כאָטש ער איז אַפֿילע ניט גאָר בוילעט אָפּגעמאָלט אין דער אָנגערופֿענער דערציילונג, איז אָפּגעשפּיגלט דער יידישער יונגער אַרבעטער פֿון סאָף 19 און אָנהייב 20 יאָרהונדערט. דאָס איז דער אָנהייב פֿון אַרבעטער-באַוועגונג, ווען די אָרגאַניזירטע אַרבעטער-באַוועגונג האָט זיך דערטראָגן מיט אַ כוואַליע אויך צום יידישן האַנטווערקער, אָבער דער לעצטער איז נאָך לויט זיין ראָל אין דער פּראָדוקציע עקאָנאָמיש ניט געווען צוגעגרייט צום אָרגאַניזירטן קאַמף, אין דערדאָזיקער קנאַפּ דיפֿערענצירטער יידישער סוויווע האָט זיך דעריקער בוילעט געפֿילט די א י ד ע אָ ל אָ ג י ש ע ר ע וו אָ ל ו צ י ע, וואָס האָט זיך—פֿון איר זייט—אויסגעדריקט דעריקער אין ברעכן דעם גדער פֿון גלויבן. און אַזאַ טיפּ פֿון אַ יידישן אַרבעטער האָט רייזען אָפּגעמאָלט אין דער דערציילונג „מיין מאַמע".

אין דער צווייטער אָנגערופֿענער נאָוועלע „די נייע שאַילע"—איז געגעבן אַן אַרבעטער-בערשטער, אַ יונגער באָכער, וואָס איז נאָר וואָס אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. דערדאָזיקער באָכער איז ניט גלייכגילטיק צו דעם פֿאַבּריקאַנטס טאָכטער און אים אַרט די שאַילע, צי מעג ער, אַן אַרבעטער און סאָציאַליסט, סימפּאַטיזירן צו אַ פּאַראַזיטס אַ קינד. ווידער איז אין דערדאָזיקער דערציילונג אויסגעדריקט דער קיום דערוואַכטער יידישער פּראָלעטאַרישער שיכט, וואָס טרעט נאָך קוים אַריין אין קאַמף, וואָס שטעלט די ערשטע טריט...

ווי עס איז שוין אויבן דערמאָנט, זיינען די אַמעריקאַנישע נאָוועלן רייזענס דעריקער פֿון הומאָריסטישן זשאַנר. שרייבער, לערער, פּאַרטיי-פֿונקציאָנערן פֿון געלן טיפּ, האַלב-גרינע אַרבעטער, אופֿגעקומענע ביזנעס-לייט. עס זעט אויס, ווי רייזען שטייט דאָ אָן דער זייט און שמייכלט, שמייכלט ווייך. אָרן אַרט אים שוין דאָ ווייניקער, נויט איז דאָ שוין אויך ניט אַזוי קענטיק, קען מען שמייכלען. ערנסטער ווערט נאָר רייזען, ווען ער מאָלט די שאָפּ-מיידל („צוויי מיידלעך אין קאָנטרע", „טשווינג-גאם", „העלענעס ליבע-בריוו"). אין דידאָזיקע דערציילונגען, וועלכע שילדערן דעם אָרעמע פּראָלעטאַרישע לעבן פֿונם יידישן מיידל אין אַמעריקע איז דאָ אַ בינד-פּונקט מיט די „ליטע"-נאָוועלן, מיט יענע שטעטלדיקע אַרבעטער-מיידלעך פֿון ווייסרוסלאַנד, וואָס די טאַטעס קלאָגן איבער זיי געוויינלעך לויטן נוסעך: „די טאָכטער וואַקסט און דאָס שטיבעלע זינקט" („שפּענער")...

אַף אַזאַ אופֿן איז אויך רייזענס נאָוועלע ניט קיין אויסנאַם פֿון די גרונט-מאָטיוון, וואָס הערשן אין זיין דיכטונג.

---

אַ פּאָר קורצע טעזיסן אָנשטאָט אַ רעזומע:

1. רייזען איז געשטאַנען באַם וויגעלע פֿון אופֿוואַכנדיקן פֿאָלק. דורך אים האָט די יידישע אָרעמע און אַרבעטנדיקע מאַסע, וואָס איז נאָך צו יענער צייט געווען ניט דיפֿערענצירט, וואָס האָט אָבער אָנגעהויבן דערוואַכן, זיך אַנטפּלעקט, געקומען צום וואָרט. דער טאַט אירער איז, עמעס, געקומען ערשט דאַן, ווען דער פֿאָרויסגעשריטענער קלאַס—דער פּראָלעטאַריאַט—האָט איר אויסגעטראָטן אַ וועג. דאַן איז אויך רייזענס סאָציאַלע ראָל קוואַליטאַטיוו אויסגעוואַקסן.

2. רייזען האָט באַשריבן די קאָנסערוואַטיווע שטעטל, פֿיקסירט אירע שטימונגען, ער האָט ניט ראָמאַנטיזירט דעם „בערגל מיסט", ער האָט ניט אויסגעדריקט אין זיינע ווערק דעם געפֿיל, אַז קיין בעסערס דערפֿון איז ניטאָ. רייזענס שטעטל איז ניט קיין אידיליע, אין הייפֿעך צו שאָלעם אַש. פֿון שטעטל אַרויס, בענקט ער צו עפּעס אַנדערש, העכערס, בעסערס. דאָס רוקט אים אַרויס אַלס רעוואָלוציאָנער אין דער ריי פֿון די זיינצייטיקע יידישע שרייבער.

3. אין דער צייט פֿון רעאַקציע טרעט אויך רייזען ניט אָפּ אַפֿן וועג פֿון ניהיליזם; פֿון דעקאַדאַנס, פֿון אָפּפֿרעגן אלץ, פֿון פֿאַרצווייפֿלטן סקעפּטיציזם (נאָמבערג). ערגעץ איז פֿאַר אים שטענדיק דאָ אַ פֿייערל. און דערדאָזיקער פֿונק שטאַמט פֿון זיין גלויבן אין האָרעפּאַשנעם פֿאָלק.

4. רייזענס דיכטונג שפּיגלט אָפּ דעם פּראָצעס, ווי אַזוי עס „וואַקסט אריבער" דער אָרעמער און פֿאַראָרעמטער שטעטלדיקער שיכט אינם פּראָלעטאַריאַט, ווי אַזוי דער צווייטער באַפֿרוכפּערט מיט זיינע מונטערע שטימונגען דעם ערשטן.

5. אין זיין פֿאָרם איז רייזען סטאַטיש, באַגרענעצט, איינאַרטיק,—די פֿאָרם איז באַ אים מער קאָנסערוואַטיוו, ווי די אידע-

אַלאָגיע. אין געפיל און שטרעבונג ציען אים שטענדיק פאָרגע־שריטענע, „ציוויליזאַטאָרישע", רעוואָלוציאָנערע קרעפטן. אין פאָרם אָבער איז ער אין די קלאַמערן פון שטעטל, פון ענגן כיידער, פון באגרענעצטן פייזאַזש, פון דער קליינער מיניאַטורישער קאָנ־סטרוקציע.

רייזען האָט ניט באַשאַפן קיין אייגנעם קינסטלערישן „הויכן גאַנג". ער האָט אים ניט געקענט נעמען דאָרטן, ווו מענדעלע און פערעץ האָבן עס געשעפט,—אין דאָס אַלטע,—ער האָט, פון דער צווייטער זייט, ניט געהאַט פאַר זיך דאָס נייע—דאָס, וואָס האָט א שטויס געטאָן צו נייע פאָרמען די קונסט און ליטעראַטור פון אָנהויב 20 יאָרהונדערט, וואָס האָט באַשאַפן די נייע ריכ־טונגען—אורבאניזם, קאָנסטרוקטיוויזם, פוטוריזם—דאָס אלץ איז באשאפן געוואָרן אפן פונדאַמענט פון דער רוסישער שטאָט, פון דער בורזשואזער טעכניק און אנטוויקלונג. רייזען בלייבט אָבער ווייט פון דערדאָזיקער אַנטוויקלונג. ער בלייבט באם אייגנאַרטיקן, צוגעשטיקטן, פאַרפלאַכטן פרימיטיוון סטיל, וואָס איז א רעזולטאט פון די ספעציפישע באַדינגונגען פון אַ סאָציאַל־אָפגעשטאַנענער פאַרטאָרמאָזירטער סוויווע: דאָס שטעטל.

6. די ברייטערע סוויווע—דער אויסער־יידישער אַרום—איז אויך קאָנסערוואַטיוו. דאָס איז דאָס דאָרף. די שטאָט פאַרנעמט בא רייזינען ניט קיין אָרט. אירע געדערים ווייס ער ניט. פון שטאָט שעפט רייזין נאָר רוכניעס—אידעאָלאָגישע מאָטיוון, אויך דעריקער אַבסטראַקטע—„פרייהייט", „ליכט".

אַף וויפל די אידעאָלאָגישע מאָטיוון קומען צו רייזענען פון, אַזוי צו זאָגן, דער צווייטער האַנט, ניט ד י ר ע ק־ט פון דער סוויווע, אין וועלכער דער דיכטער לעבט אליין, זיינען זיי מער אינטויטיווע, ווי אידעאָלאָגיש בוילעטע. אלס אינטויטיווער רעזאָנאַטאָר פון די רעוואָלוציאָנערע אונטערערדישע שטויסן איז רייזען דער פולקאָמסטער צווישן די יידישע שרייבער פון זיין דאָר (פאַרגלייכט מיט נאָמבערג, אש, שאָלעם־אַלייכעם, אַפילע פערעץ), וואָרעם די בעסטע פון זיי (פערעץ) האָבן דעריקער רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון אויפגעכאַפט מיטן קאָפ און ניט מיטן קינסטלערישן געפיל.

7. רייזען וואַקסט אומיטלבאר פון די שיכטן, צו וועלכע ער ווענדט זיך. בא אים איז דעריבער ניטאָ קיין פאָזע, קיין נעווי־אישער טאָן, קיין ריטאָריק (אויסער אין באזונדערע פאַלן). ער איז נאַטירלעך, פאָלקסטימלעך, אָן געקינסטלטקייט. ניטאָ בא אים קיין אזא אויסערלעכע קולטור, וואָס זאָל ארופגעוואָרפן ווערן, ווי אַן אייזערנע הייטל אַף די קינסטלערישע ווערק. פון זיין דיכטונג ווייעט דעריבער שטענדיק מיט וואַרעמען אָטעם.

8. רייזענס סטאטישע סוויווע שאפט דעם געלאַסענעם טאָנוס פון זיינע נאָוועלן און דערציילונגען. די איינגעשטעלטע גריין־גראָע שטעטלדיקע סוויווע שאפט בא אים א לייכטן שמייכל פון אַ פילדערפאַרענעם, די אָרעמקייט פעפערט צו דעמדאָזיקן הו־מאָר מיט אַ קאפעטשקע ביטערקייט, און דער געזונטער געפיל פון שכייניש האָרעפּאַשניק־פראָלעטאַריער באלייכט פון זיין זייט דעם דיכטערס געזיכט מיט א גלויביקן שיין.

9. מיט די סאָציאַלע פראָצעסן בייט זיך אויך דער דיכטער: דאָ איז ער פינצטער, דאָ שיינט ער אויף, דאָ איז ער מונטער, קרעפטיק און אַפילע אַנטשלאָסן. רייזען בלייבט ביזן סאָף דאָס, וואָס ער איז—דער רעזאָנאַטאָר פון פאָלק־צושטאנד און שטימונ־גען, איבערלאָזנדיק פאַר זיך—ווי די גאַנצע פאָלק־אינטעליגענץ פון דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט—די אויפגאַבע צו „זייען" מענטשלעכע געפילן, צו פאַרורטיילן אַנטיהומאַניסטישע טאַטן, אַכזאָריעסדיקן דרוק, עקספּלואַטאַציע פון מענטשן איבער מענטשן.

10 די יידישע סאָוועטישע דיכטונג,—ווי עס ווייזט ריכטיק אָן דער כ' ליטוואַקאָוו אין זיין צווייטן באנד „אין אומרוי"—איז געווען גליקלעכער, ווי די פראָזע: זי האָט געהאַט אירע פאָר־גייער: די פראָלעטאַרישע דיכטער מ. ראָזנפעלד און א. רייזען. רייזען האָט אַ דירעקטע שאַיכעס צו אונדזער נייער סאָוועטישער און פראָלעטאַרישער ליטעראַטור, און בא פיל פון אירע עמעסע דיכטער און מער־ווייניקער אָרגאַניש־פראָלעטאַרישע קען מען זען דעם רייזענישן פאָדים, וואָס ווערט דורך זיי ווייטער געוועבט. רייזען איז אזוי אַרום אַריין אין דער סאָוועטישער פראָלעטאַרי־שער ליטעראַטור און זי באפרוכטפערט.

---

עליע קאַהאַן.

# בּאַ מיר אין שפּיגל.

(דערציילונג).

## 1-טער קאַפּיטל.

## אַלע פֿאַרבּן פֿון רעגנבּויגן און נאָך עטלעכע.

דער ווייסער הימל בּרעקלט זיך. דער ערשטער שניי פֿאַלט אַרויס. דער שניי איז ווייס. דער שניי איז קלאָר. זיין ווייסע קאַלטקייט גיט ער מיר איבּער אין האַרצן: די ווייסקייט בּלייבּט, און די קאַלטקייט ווערט אָנגעוואַרעמט.

און דערפֿאַר פֿיל איך זיך לייכט און גרינג, ווי אַ קינד נאָכן בּאָדן, איך גיי און גליטש זיך אונטער, און אַ פֿרייד גליטשט זיך אין מיר.

פֿונדערווייטן דערזע איך אַ קאָפּ שוואַרצע האָר און אַ שלאַנקע פֿיגור. יאָ! ס'איז, דאַכט זיך, רייזעלע, מיינס אַ בּאַקאַנט מיידל. איך לויף האַסטיק צו און אַן איילּיק קאָל גליטשט זיך בּאַ מיר אַרויס:

— רייזעלע!

איך גיב אַ קוק: אַ פֿרעמד מיידל. נאָר עפּעס האָט געטראָפֿן מיט מיינע אויגן. זי, דאָס מיידל, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיי, און אירע מענטשעלעך האָבּן אויפֿגעריסן מיינע אויגן. מיינע אויגן האָבּן זיך נאָך קיינמאָל ניט דורכגעשמייכלט מיט אַזעלכע אויגן. אין אירע אויגן, אין די האָר, אין געזיכט האָבּ איך איינגעזען אַלע פֿאַרבּן פֿון רעגנבּויגן, און דערצו נאָך עטלעכע. און איך האָבּ דערהערט אַ קאָל אַ שטיל-מעלאָדישן און פֿרישן, פּונקט ווי גאָלדענע פֿיש וואָלטן אַרויסגעשווומען פֿון קלאָרינקע וואַסער.

— Вы, наверное, ошиблись!

און איך האָבּ זיך אָנגעוואָרן ווי אַ מאַטבּייע אין שניי. זי לאָזט זיך אַראָפּ און לאָזט אַ טיפֿן צייכן. מיינע געפֿילן האָבּן זיך אויך אַראָפּגעלאָזן, אָנגעוואָרן. אַ טיפֿער צייכן איז אָבּער געבּליבּן נאָך זיי. איך האָבּ עפּעס אַ טרייסל געטאָן מיט פּוסטע ליפּן—ווי אַנטשולדיקט זיך—און האַסטיק אַנטלאָפֿן.

ווי נאָר איך בּין געקומען אַהיים, האָבּ איך גענומען טראַכטן פֿון דעם מיידל, פֿון דעם דורכגייענדיקן מיידל, וואָס האָט געלאָזן אַזאַ טיפֿן טראָט בּאַ מיר אין האַרצן. אַ מאָדנער פֿאַרלאַנג האָט מיר אָנגעכאַפּט: נאָכאַמאָל זען דאָס מיידל, הערן איר קאָל. פֿון אַלע זייטן האָבּן בּאַ מיר גענומען שטראָמען געפֿילן, און ווער ווייס, צי זיינען די שטראָמען געווען גאָר ריין, וואָרעם די ווייסקייט אין האַרצן האָבּ איך שוין מער ניט געפֿילט.

איך לויף גאַנצע טעג, ווי די שיר-השירים-מיידל, איבּער די גאַסן. איך זוך, איך נישטער, עפּשער וועל איך געפֿינען די, וואָס האָט געריבּט מיין רו, וואָס האָט געלאָזן אַ טיפֿן טראָט בּאַ מיר אין האַרצן. איך בּין געלאָפֿן, און די מוירען האָבּן איצט ניט געהאַט קיין פֿאַרבּן, און די גאַסן—קיין רייכעס. עפּעס אַלץ האָט בּאַקומען איין פֿאַרבּ—אַ גרויען. און איין רייעך — אַ קאַלטע-מוטנעם.

הינטערן שטאָט, און איך לויף. כ'האָבּ, דאַכט זיך, עמיצן אַ שטופּ געטאָן.

— אַך, אַנטשולדיקט...

עמיצער קוקט אויף מיר מיט ציגענע אויגן. אַ ציג.

די נאַכט גייט אָן. עס צינדן זיך אָן פֿייערן אין הימל און פֿייערן אויף דער ערד—אין שטאָט. אין הימל זיינען זיי קלאָרינקע, און אין שטאָט זיינען זיי נעפּלדיקע. קאַלטע, קלאָרע פֿייערן אין הימל. איך קוק אויף זיי ניט. מיך ציט צוריק אין שטאָט, אין פֿייערדיקן נעפּל.

אין די הויפֿן בּילן הינט. זיי ווייסן ניט אויף וועמען צו בּילן?.. אויף דער לעוואָנע בּילן זיי! איך לויף אַ פֿאַרבּענקטער, און איך ווייס נאָך וועמען. און די לעוואָנע—איר, דאַכט זיך, אַרט ניט—פֿונדעסטוועגן לויפֿט זי נאָך. עך, די סאַקראַנעס פֿון אַ סאָריס! זי זעט עפּעס היינט אויס אַ פּאַפּירענע, אַ צוגעקלעפּטע צום הימל און גאָר אַ בּלאַסע. אָט האָט זי זיך אָפּגעזעצט בּאַם פּלויט צווישן די לאַמטערנעס, און מע דערקענט זי גאָרניט פֿון צווישן זיי.

אַ נאַכט אַ בּרייטע. געסלעך שטילע.

און אומזיסט האָבּן הינט זיך געריסן פֿון קייטן, זיי ווייסן ניט איצטער אויף וועמען צו בּילן!

---

איך האָבּ זי געטראָפֿן אין דער נעפּל-פֿייערדיקער שטאָט: אומזיסט בּין איך אַזויפֿיל געלאָפֿן. זי וואָינט עטלעכע הויפֿן פֿון מיר. איר הויף געהערט צו דערזעלבּער וואָינונג-געזעלשאַפֿט, וואָס אונדזערער, און מיין פֿאָטער איז פֿון איר דער פֿאַרוואַלטער.

זי איז געשטאַנען לעבּן טויער. אַרום איז גאָר אַ ווייכער שניי, און ער פּערלט זיך אַנטקעגן דער לעוואָנע. און בּאַ איר איז אויגן בּרייט-צעעפֿנטע, קיילעכדיקע, ווי אַ פּאָר לעוואָנעס, און אַרום אַסאַך שניי—שטערן.

ווי עפּעס אַ פֿאַרפֿראָרנס וואָלט גענומען אין מיר צוגיין.

איך האָבּ זיך עפּעס פּלוצים דערמאָנט וועגן דער ציג.

איך בּין גיך צוגעגאַנגען, און, ווי איך וואָלט עס געטאָן ניט ווילנדיק—אַ שטופּ געטאָן זי.

— אַך אַנטשולדיקט!

און איך האָבּ דערהערט:

— ניט שטופּט זיך און ניט אַנטשולדיקט זיך.

אַ געוויינטלעכער ענטפֿער פֿון אַ געוויינטלעך מיידל. אָבּער איך האָבּ דערזען אירע אויגן—אויגן ווי וויטרינעס—אַלץ איז אין

זיי אויסגעשטעלט—אַפֿילע דאָס, וואָס איז עפּשער ניטאָ אין קראָם. איך ווייס, אַזעלכע אויגן נאַרן אָפּט אָפּ.

נאָר פֿון דעם האָב איך דאַן ניט געקלערט. איך האָב גאָר אַ קלער געטאָן, אַז אָט-אָט דער געשפּרעך ענדיקט זיך... און שוין... און ווייטער גאָרנישט.

איך האָב גיך אַרויסגעוואָרפֿן הינטער איר אַפֿן טראָטואַר מיין נאָזטיכל. איך האָב איר גלייך אופֿגעהויבן און געזאָגט:

באַ אייך איז מיסטאָמע אַרויסגעפֿאַלן דאָס טיכעלע?...

— ניין—זאָגט זי—אַדאַנק. ס'איז ניט מיינס.

און איך האָב געפֿרעגט:

— איז וואָס זאָל איך טאָן מיט אַ פֿרעמד נאָזטיכל?...

— גיט אַ מעלדונג אין צייטונג, אַז איר האָט עס געפֿונען... איר האָט קיין צייט ניט, זאָגט איר? אַבי כ'האָב געמיינט, אַז ווען מע געפֿינט נאָזטיכלעך אין גאַס, איז עס אַ סימען, אַז מען האָט צייט...

דאַכט זיך, שטענדיק פֿאַרקלעפּט זיך מיין מויל: איך קאָן ניט ריידן, און איך שווייג. נאָר שווייגן איז נאָך ערגער.

און איך האָב זיך פֿאַנאַנדערגערעט... איך האָב פֿאַרבייגייענדיק אַלץ דערציילט. ס'איז זיך מיר געקומען צו רייד, אַז מען רופֿט מיר וועליע יאָדער—אז איך בין אַ יונגער יידישער ליטעראַט... יאָ אַ שרייבער..

— אָ, וועט איר מיך באַשרייבן...

— יאָ, געוויס וועל איך אייך באַשרייבן, אייער פּאָנים, וואָס איז שיין, ווי אַ קינדערשער כאָלעם, אייערע ווונדערבאַרע אויגן, וואָס זיינען טיפֿער פֿון לעבן...

פֿע! ס'איז פֿונדעסטוועגן נאַרישע קאָמפּלימענטן. ס'אראַ מעשונעדיקע פֿאַרגלייכונגען. נאָר זי האָט עס אָנגענומען פֿאַר קלוג, פֿאַר זייער קלוג...

מיר האָבן זיך שוין צושיידט ווי אַלטע פֿריינט. ווי אַלטע כאַווייריִם, געדריקט זיך די הענט.

זי הייסט מאַטילדאַ. איינמאָל אַ נאָמען—מאַטילדאַ! יידישע מיידלעך האָבן ניט אַזעלכע שיינע נעמען.

— איר מיינט מיט אַן עמעס? איך וועל אַריינגיין... ווי-זשע?..

———

איך האָב ליב קינדער. איך האָב זיי ליב ווי די וועלט. באַ מיין שכיינע איז פֿאַראַן אַ מיידעלע—בעבינקע רופֿט מען זי—בלויע אויגעלעך האָט זי—און זי דערמאָנט מיר יענע, וועלכע האָט אופֿגעוועקט מיינע דרעמלדיקע געפֿילן... און ווען איך רייד מיט איר—קלער איך ניט, צי איך רייד קלוג, צי נאַריש, נאָר זי מאַכט זיך אויך, אַז זי פֿאַרשטייט אַלץ, און הערט זיך צו מיט קעציש-פֿאַרשטייענדיקע אויגן.

איר דערצייל איך—ניין! דאָס דערצייל איך זיך אַליין—אַז איצט האָב איך ליב אַ גרויס מיידעלע, און ווייס אָבער ניט גוט ווי מען ליבט, מיין שטיל-פֿייערדיקע האַרץ איז ניט געוואָינט צו דעם.

איך גיי אָפּט אַריין צו מאַטילדאַן. קוקנדיק אַף איר, דוכט זיך מיר, אַז מען דאַרף, ריידנדיק מיט איר, אַרויסזאָגן נאָר איינע כאָכמעס—ווערטער, וואָס זיינען נאָך קיינמאָל ניט געזאָגט געוואָרן, פֿרישע ווערטער. מיר דוכט, אַז זי איז די ריינסטע, די שענסטע אַף דער וועלט, היינט שטעל זיך פֿלוידערן מיט איר.

זי איז אָבער פֿון מיין שווייגן ניט צופֿרידן:

— וואָלט עפּעס זאָגן דער יונגער פּאָעט...

פֿאַרשעמט זאָג איך אָבער:

— וואָס זאָל זאָגן דער יונגער פּאָעט?...

און כ'שווייג...

— ס'איז אומעטיק, יונגער פּאָעט.

— יאָ—זאָג איך איר—פּאָעטן זיינען אומעטיקע נעפֿאַשעס. און איך נעם דערציילן איר עפּעס. זי מאַכט זיך האַלבהערנדיק, אָבער זי הערט.

און אוועקגיין פֿונדעסטוועגן איז מיר שווער. עפּשער געפֿין איך ניט קיין מוט אַוועקצוגיין. אופֿהויבן זיך און אוועקגיין—ס'איז אַ צו גרויסער קער. אַלעמאָל פֿיל איך זיך ניט גוט, ווען איך דאַרף אַוועקגיין, איך קלייב אין זיך אָן מוט פֿון אַסאַך צייט פֿריער...

נאָר איך גיי סאָפּקאָלסאָף אַוועק. איך גיי אַהיים.

מיין פֿאָטער ווייס שוין פֿון איר. מיינע אַמאָליקע כאַוויירים—די שוסטער—כ'האָב זיך צוזאַמען מיט זיי אַ מאָל געלערנט אין פּראָפּשול—האָבן אים דערציילט:

— אַי, האָט זיך וועליע איינגעגנאַדזשעט אין אַ פּיירע.

שוסטער האָבן צו דעם אַ ספּעציעלן גערוך, זיי דערשמעקן עס באַלד.

מיין פֿאָטער שמייכלט, אַ היינטוועלטיקער.

און פֿונדעסטוועגן זאָגט ער מיר:

— אַ יידישע איז דאָך בעסער.

קענטיק רעשטלעך זיינען באַ אים געבליבן—אַ בונדאָוועץ געווען.

מיר איז זי געפֿעלן, איז ווען אַרט עס, וואָס זי איז אַ רוסישע? נאָר מיר דוכט זיך, אַז איך דאַרף צושטעלן אַ בענקעלע, קעדיי צו דערלאַנגען זי. זי איז אַזוי אָנגעצויגן, אַזוי ווונדערשיין. און איך...

איך האָב אַ פּאָר שוואַרצע אויגן, זיי קאָנען אָבער ניט אויסהאַלטן איר ליכט. און זיי פֿאַרמאַכן זיך און זיי פֿאַרשעמען זיך, איך האָב אַ ליבנדיק האַרץ, איז עס אָבער אַ צו פֿילנדיק און שטענדיק שפּירט עס—ווי אַ שפּיאָן—נאָך יענעם און דערפֿאַר פֿאַרגעסט עס זיך—ווי אַ שפּיאָן—אַליין ווי צו האַלטן זיך.

איך ווייס, דערפֿאַר לייד איך, ווייל איך טראַכט צופֿיל פֿון דעם, וואָס טראַכט יענער וועגן מיר, ווייל איך פֿאַרגרעסער שטענדיק יענעמס געדאַנקען, איך מיין, אַז ער טראַכט מער, וויפֿל ער טראַכט אינדערעמעסן.

קורץ, כ'מיין, אַז איך ווער מיעס דעם מיידל.

איך נעם וואָס ווייטער אַלץ זעלטענער אריינגיין צו איר. זי איז גוט באַקאַנט מיט מיין כאַווערטע רייזעלע, און זי גיט דורך איר איבער, איך זאָל אָפטער אַריינגיין צו איר.

איך גיי אָבער אלץ ווייניקער אַריין, כאָטש מיין האַרץ ציט מיך צו איר. כ׳וויל ניט איך זאָל איר אינגאַנצן דערעסן.

זאָל מיר צו שלעכטס ניט דערמאָנען דאָס מיידל, וואָס האָט אין זיך אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן און דערצו נאָך עטלעכע!...

### 2-טער קאַפּיטל.

## דער רעגן האָט אויך ניט אָפּגעוואשן.

גאָר ניט! כ׳בין דאָך גאָרניט. אַזאַ גאָרנישט!... אָט גייט אַ זו-מער, אָט צוגרינען זיך די בלעטער, אָט צושמעקן זיך די בלומען, און איך וויל זיך מער ניט צוהערן צום נאַרעשן קלאַפּן פון מיין אָנגעריזטן האַרץ.

כ׳וועל אלץ פאַרגעסן, איך וועל ריין אויסוואַשן מיין האַרץ, ס׳איז דאָך נאַריש מיט אָט דעם נאַרישן האַרץ-קלאַפּן צעלעכערן מיין לעבן.

אָט גייט א רעגן, דער ערשטער זומערדיקער גוסרעגן. ער וועט אלץ אָפּשווענקען, ער וועט מיין הארץ אויך אָפּשווענקען. נאָר איך גיי אַרויס אַף דער גאַס, אַף דער פרישן-אויסגעוואַשע-נער גאַס. און אָט איז דער סאָד, די גרינע האָר פון דער ערד זיינען ווי צוגעקעמט. אַלץ אין אָרדענונג, אַלץ איז גוט.

אָבער אַפן הימל איז אַ רעגנבויגן. צוויי רעגנבויגנס. איינער העלער פון צווייטן.

און איך דערמאָן זיך אָן דאָס מיידל, וואָס האָט אין זיך אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן און דערצו נאָך עטלעכע.

האָט ניט געהאָלפן, הייסט דאָס, דער רעגן, וואָס עס איז פאַר-קריצט אַפן האַרץ—קאָן מען מיט א רעגן אויך ניט אָפוואשן.

קלאַפּ, נאַרישן האַרץ, קלאַפּ!

---

אין אַ שאַבעסצונאַכט קום איך אַהיים און טרעף מיינע אַלטע כ״כ שוסטער און שטעפערקעס. מען נעמט מיך איבער מיט אַ ברייטן גוט מאָרגן:

— וואָס מאַכט יאָקל בערעב פלעקל?...

אַזוי רופן זיי מיך: „יאָקל בערעב פלעקל״.

און זימקע דער „פאָעט״ זינגט מיר צו אַ לידל:

אַ ביטערער ראַכמאָנעס
אַף יאָקלען בערעב פלעקל—
ער׳ט פאַרשטראָמט די האַרץ
מיט אַ הילצערנעם טשוועקל...

איינער לייגט פאָר מאַכן אַ שפאַציר אין פאַרק. מען שלעפט מיך, איך זאָל אויך גיין.

זימקע רעט מיך איין:

— עס קוועטשט, האַ? מען דאַרף אַביסל גיין, וועט זיך פאַ-נאַנדערשפארן. קום, ברודערקע.

פלוצים גיט ער זיך אַ כאַפּ:

— אֵי, דאָ איז פריער געווען רייזעלע. זי האָט געזאָגט, אַז זי דאַרף דיך זייער נויטיק האָבן, און אז דו זאָלסט קומען צו איר צען אַזייגער. שטעל פיס, ברודערקע, עס איז שוין דריי פערטל צען.

— ניין, ס׳קאָן ניט זיין, זאָג איך, אַף וואָס קאָן זי מיך דאַרפן?

איך פלעג אַמאָל אַריינגיין צו רייזעלען. דאָרט פלעג איך זי אַן אַנדערש מאָל טרעפן, מאַטילדען, וועלכע פלעגט אָפט אַריינ-גיין צו איר. אָבער כ׳בין שוין לאנג דאָרט ניט געווען און האָב מיט רייזעלען זיך זעלטן געטראָפן.

— גלויבסט ניט? זאָל מיין קאָפּ ווערן ווי אָנדערהאַלבן צעבער די גרויס, אויב איך זאָג ליגן!...

און אַלע כאפן אונטער, און באַשטעטיקן.

איך גלויב ניט! און איך זאָג זיך אָפּ צו גיין. מיסטאָמע נאַרן זיי מיך אָפּ, קעדיי איך זאָל גיין רופן רייזעלען אַפן שפאַציר.

די שוסטער מאכן ביטל-מינעס, און די שטעפערקעס באַליידי-קונג-קנייטשן.

— וואָס ווען מיר דיך אָפּנארן?... מאַלע אַף וואָס זי דארף דיך האָבן.

איך גלויב און גלויב ניט. איך שטעל זיך ניט פאָר, אַף וואָס קען זי מיר דאַרפן רייזעלע...

פלוצים גיט מיר אַ בליץ אין קאָפּ:

מאַטילדע האָט עפשער... עפשער איז זי באַ רייזעלען, און איר האָט זיך מיטאַמאָל פאַרוואָלט זען זיך מיט מיר.

איך גיב זיך אונטער, נאָר אַז עמיצער זאָל גיין מיט מיר. קאָנען זיי מיט מיר גאָרניט מאַכן, נעמט זיך איינע—כאווע—צו גיין מיט מיר.

די צייט איז שוין אסאך שפעטער ווי צען.

איך נעם דאָס מיידל אונטערן אָרעם און מיר גייען.

אַ שטילע און ליכטיקע זומער-נאַכט. אַ גרויסן קאָפּ האָט היינט די לעוואָנע מיט אַ קרומען מויל, פונקט ווי זי וואָלט ערשט אָפּגעזאָגט אַ ליגן, און דערפאַר טאַקע איז זי באַשטראָפט געוואָרן מיט אַ ראַכיטנעם קאָפּ פון אָנדערהאַלבן צעבער די גרויס.

מיר דערגייען צום ראָג, ווו רייזעלע וואָינט.

פונקט אַפן ראָג האָבן מיר געטראָפן... זי האָבן מיר גע-טראָפן, מאַטילדאַן! אַ גיכע באַגריסונג האָט זיך אַראָפּגעריסן פון אונדזערע ליפן, בא מיר איז זי ארויסגעלאָפן די באַגריסונג—אַ פאַרשעמטע, אַ פאַרשעמטע, וואָס איך גיי אין אַזאַ אינטימע פאָזע מיט כאַוועַן.

איצט בין איך געוואָרן איבערצייגט, יאָ, געוויס! דאָס האָט געוויס מאַטילדאַ אָפּגערעט טרעפן זיך מיט מיר בא רייזעלען!... אַ קאַשע אַף אַ מאַיסע... ווער ווייס אַ מיידלס האַרץ. אַ ביסל אַן עקסצענטריש מיידל... עפשער האָט זי זיך טאַקע פאַרבענקט נאָך מיר...

אין האַרצן ווערט מיר ברייטער און גראַמער. יאָ מאַטילדאַ האָט גערופן נאָך מיר! געוויס האָט זי דאָס גערופן נאָך מיר! זי וויל מיך זען, זי האָט זיך פאַרבענקט נאָך מיר!... זי האָט מיר, אַפּאָנים, ליב!

און איך בין, אַפּאָנים, אַ שמאטע, אַ גאָרנישט! געדרייט זיך און געדרייט זיך און ניט באַמערקט עס אפילע, און ווי אַ קינד, וואָס קייט דעם פינגער, בייס מען וויל אים מעהאַנע זיין, און ער פאַרשטייט עס ניט, אזוי האָב איך געקייט מיין האַרץ, און ניט פאַרשטאַנען, גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען!

און מיטאַמאָל גיב איך זיך פאַרדראָסיק א כאַפּ, אָבער זי איז שוין אַוועק... זי האָט געוואַרט אַף מיר, און האָט זיך גערויס באַליידיקט, וואָס איך בין ניט געקומען צו דער צייט... און זי איז שוין אַוועק.

אַ פאַרדראָס, נאָר די פרייד פאַרגייט ניט. מיין האַרץ איז דאָך געוואָרן ברייטער און גראַמער, און זי האָט אָרט פאַרביידן.

אַזוי זיינען מיר דערגאַנגען צו דעם הויז. איך האָב ניט געוואָלט אַריין. אין מיין פאַרברייטערטער האַרץ האָט נאָך אלץ געבלאָנדזשעט דער סאָפּעק „און עפּשער נאַרט מען מיך אָפּ"...

באלד זיינען זיי אַרויס—כאַווע מיט רייזעלען.

צו שפּעט! זאָגט רייזל. דו האָסט געדאַרפט קומען צען אַזייגער... פאַרשפּעטיקט. דער סאָפּעק איז אַנטרונען. געוויס! מאַטילדאַ איז באַ איר געוועז... געוויס!

מען האָט מיר פאַרשלעפּט אין פאַרק.

עס איז פריילעך געווען. ביסלעכווייז האָבן זיך די יאַטן מיט די מיידלעך צוטיילט פּאָרוויז, יעדערער האָט דאָך איינער, „אַף וועלכער ער וואַרפט אַן אויג". אַן אויג ווי אַן אויג, עס טרעפט אַז מען פאַרוואַרט אַ האַנט אויך.

זיצן פּאָרעלעך, שוסטער מיט שטעפּערקעס אַף די בענק, און פירן זיך געשפּרעכן באַזונדערי נאָר דער נוסעך איז ווי פון סידער—פאַר אַלעמען דערזעלבער. אַפּריער גייט אַ „פּאָרטראָג".

די שוסטער:

— אַך, סאַראַ שיינע נאַכט היינט איז!

די שטעפּערקעס: (שווייגן).

די שוסטער:

— אַפילע דו ביסט היינט שענער!...

די שטעפּערקעס: (שמייכלען).

די שוסטער:

— ייִשאָקייני, עס ווילט זיך אַזש אַ קוש טאָן...

די שטעפּערקעס: (שמיי—יי—כלען).

די שוסטער: קושן.

די שטעפּערקעס: קושן אויך. מיט דעם הויבט זיך אָן דער „קאָנצערט".

נאָר איך זע דאָס צו, און אויסער מיר קאָן איך ברענגען די שטענדיק באַגלויבטע איידעס: די ליכטיקע שטערן. אָט די קליינע מאַמזיירימלעך געפעלט עס זייער די מאַיסע, און אַנדערע זיינען זיך מעיאַשעוו און פליען גלייך אין פאַרק אַריין.

איך זיץ און קוק זיך צו אַף די אידיליעס. געדאַנקען פליען באַ מיר ווי די שטערן, זיי ווערן ניט פאַרענדיקט, דערלויפן ניט, און ווערן פאַרברענט פליענדיק.

די קאַלטע שטערן קאָנען עס ניט צוזען גלייכגילטיק. און איך... איך האָב זיך אזוי פאַרבענקט נאָך איר, איך וואָלט אויך וועלן זיצן איצט מיט איר אף אַ באַנק, דורכפירן מיט איר אַזאַ פּאָשעטן שמועס, דערנאָך אַזאַ געשמאַקן „קאָנצערט".

אין בין שטילערהייט אַוועק פון פאַרק.

---

איך לויף ווייטער און דריי זיך אין אַלע זייטן. איך לויף גאַנצענע טעג—ווי די שיר-האַשירים-מיידל אין די גאַסן. אָבער איצט ווייס איך געוויס נאָך וואָס איך פלי: איך לויף צו איר.

זי האָט גערופן נאָך מיר. דאָס גיט מיר צו מוט. דאָס האָט פאַרשליידערט מיין קליינמוטיקייט, מיין שעמעוודיקייט.

איך האָב מיטאַמאָל גענומען דערקענען מיין ווערט. כ'האָב גענומען באמערקן באָכערימלעך, וואָס זעען אויס ווי אָפּגעפליקטע הענדלעך, און זיי פילן זיך אויך ווי אַ האָן, וואָס האָט אַ אומבאַגרענעצטע הערשאַפט איבער די הינער... זיי פילן זיך אַסאַך פלינקער און פרייער פון מיר.

און איך האָב זיך גענומען צוקוקן צו מיין האַרץ, צו זיך, איידער קוקן אף יענעם.

אין די אויגן האָט זיך צו מיר פאַרגאַנוועט אַ וואָליונגערישער כוצפע-פייערל, און כ'האָב גענומען גיין מיט זיכערע טריט, הויבן פעסטערע הענט...

איך קום גלייך צו איר. זי איז, ווי שטענדיק, שיין, שענער פון אַלץ.

איך דריק איר די הענט. זי דריקט מיינע הענט מיט פרייד.

סאַראַ נאַר איך בין געווען! אבי איך האָב געמיינט, אַז אירע קליינע פאַרשפּיצטע פינגער זיינען צו היילִיק, זי זאָל זיי געבן דריקן מענערישע אָדערדיקע הענט. אָך, ווי גערן זי גיט זיי!

איך רייד נאַרעשע רייד—ווי באַ אונדזער ערשטער טרעפונג. און זי זאָגט, אַז ס'איז קלוג, זייער קלוג. איך קוש זי, און זי קושט מיך אויך. אַי, ווי זי קושט! זי רינגלט צונויף אירע ליפּעלעך, ווי אַ פּיאַווקע, און זי רייסט זי קוים אָפּ.

איך רייד נאַרעשע ווערטער, ווייל איך בין אַ גרויסער נאַר! איך האָב דאָך זי פריער פאַרגעטערט. איך האָב געמיינט, אז אזאַ שיין מיידל איז, ווי אַ כאַנעקע-ליכטל, מען טאָר זיך צו זיי ניט אָנרירן, מען מעג נאָר קוקן אַף זיי...

די קישעף-זייד, מיט וועלכע מיין דימיען האָט איר פריער פאַרהילט, איז איצט צוריסן געוואָרן, נאָר ס'מאכט ניט אויס, זי איז מיר נאָך טייערער. זי איז איצט אַן ערדיש מיידל, מיט אלע מיידלשע פאַרלאַנגען.

זי וויל איך זאָל זי נאָכאמאָל א קוש טאָן.

זי מיינט, אז איך בין געוואָרן עפּעס גאָר אַן אנדער מענטש... אָט ווי אַלע, און נאָך בעסער... פריער—זאָגט זי—בין איך געווען—עפּעס א מאָדנער מענטש... איך פלעג קושן נאָר מיט די אויגן. אויגן האָסטע שטענדיק געהאַט א פּאָר זשוליקעס... נאָר ס'איז ווייניק...

און איך בין גליקלעך. גליקלעך, וואָס איך האָב די שענסטע מיידל. גליקלעך, וואָס איך בין איבערגעבוירן געוואָרן אפּראָסניי. גליקלעך, וואָס איך האָב זיך דערוווּסט, אז דורך נארישקייטן ווערט מען קלוג... איצט איז זי ווי אַ זייגערל באַ מיר אף די

הענט: ווען איך וויל, גייט זי בא מיר, און דאכט זיך, אז זי גייט, אָבער איך טראָג דאָך זי. די שיינע מאטילדא, די ווונדערשיינע, איז איצט ניט קיין הימלשע מיידל, פֿון איר קוק מוז מען אנטשוויגן ווערן, די שיינע מאטילדא איז איצט אַן אומזיסטע ביילאגע צום כאַווער ווועליע יאָדער, וועלכער האָט קיינמאָל פֿון זיך ניט געוווסט, און וועלכן עס דוכט זיך, אַז איצט פֿאַרשטייט ער עפּעס.

גוט!

געבענטשט זאָלן זיין מיינע כאַווײרים, די שוסטער. זיי האָבן דאָ א גרויסן כיילעק. — — — — — — — — — — — — — —

ניין! די שוסטער—ווייזט זיך איצט אַרויס—האָבן גאָרנישט ניט געמיינט. זיי האָבן פּאָשעט געוואָלט איך זאָל גיין רופֿן רייזעלען אָפֿן שפּאַציר. זיי האָבן זיך געפֿוילט צו גיין. מאַטילדאַ איז באַ איר ניט געווען. דאָס האָט אלץ אויפֿגעשפּילט מיין צודרודלטע פֿאַנטאַזיע!... זי מאָג אויך געבענטשט ווערן!...

3-טער קאַפּיטל.

## אין אַ פינצטערער נאַכט האָב איך געגנומען זען.

הינטערן טיר איז געשטאַנען אַ מענטש. ער איז געשטאַנען און צוגעהערט זיך. אָפּטער פֿון אַלץ האָבן זיינע גרויסע אויערן, אויפֿגעכאַפּט אַן אָפּקלאַנג פֿון דינינקע קושעלעך, אַ דינינקער קלאַנג, פּונקט ווי קליינינקע פֿייגעלעך טשוויטשערן. קלאַנגעלעך אָפּטע און אָפּגעריסענע. צווישן זיי, נאָר שוין ניט אַזוי אָפּט, האָט ער געהערט קושן ברייטע, ליפּיקע, און זייער אָפּקלאַנג איז פּונקט ווי מען שלעפּט אַרויס אַ פּראָבקע פֿון אַ פֿלעשל.

דער מענטש איז מאַטילדאס פֿאָטער. ער האָט אַ טעווע אונטערצוהערן, ער שטייט דערביי מיט אַ פֿאַרטרוימטן פּאָנים. ער דערמאָנט זיך מיסטאָמע, אז ער האָט אויך אַמאָל געקושט. און איצט—זיפֿצט ער אין זיך.

— איצט קושט מען!

איך האָב אים פֿיינט, מאַטילדאס פֿאָטער. ווען ניט זי, וואָלט איך אים שוין לאַנג אָנגעשפּייט אין פּאָנים.

איך בין שטענדיק באַ מאטילדאן. איך האָב אויפֿגעהערט צו שרייבן, כ'באַזוך ניט דאָס קעמערל. כ'האָב זיך אָפּגעריסן פֿון מיין אַרבעט, פֿון מיינע כאַווײרים, פֿאַרלאָזן זיי צוליב א מיידל, וואָס האָט מיך פֿאַרטשאַדעט.

גייט זי אַוועק אַ מינוט, טשוכע איך זיך אַ ביסל אויס, און געדאַנקען, ווי קאָמאַרן אין א הייסן טאָג, באַפֿאַלן מיך:

— ווועליע יאָדער, ביסט אויס מענטש געוואָרן, דו האָסט געכאַפּט א מיידל, אַ ספּעקוליאנטס אַ טאָכטער, און צוליב דעם וואַרפֿט אוועק א מענטש זיין געזעלשאַפֿט, זיין ארבעט, זיין מויעך, און טשעפּעט זיך איין אין אַ מיידל? ביסט פֿאַרמיידלט געוואָרן, ברודערקע, ס'איז א הינטיש לעבן!

איך גיב זיך דאַן אַ הויב פֿון שטול, גיב אַ שאַר מיט די הענט—פּונקט ווי איר וואָלט וועלן זיך פֿון עפּעס אָפּרייסן, און אָן עפּעס אָנכאַפּן, נאָר איך זעץ זיך צוריק אַראָפּ אָנמעכטיק.

זי באַמערקט עס. זי האָט טאַינעס. בויגט זי זיך צו מיר איין, נעמט אַרום מיין קאָפּ און זאָגט מיר:

— ביסט ווידער אומעטיק, יונגער פּאָעט...

זי בויגט זיך נאָך מער און קושט מיך.

און אַזוי ווי זי איז איינגעבויגן, דערזע איך מיטאַמאָל — אַ זילבערנעם ציילעמל אַף אַ דינינקע זילבערנע קייטעלע, וואָס הענגט איבער, טיף אונטערן האלדז, וואָס איך האָב ביזאַהער קיינמאָל ניט באמערקט. דער זילבער האָט אָפּגעגלאַנצט און האָט אַ בלענד געטאָן מיינע אויגן...

מיטאַמאָל איז מיר דורכגעלאָפֿן א בילד פֿאַר די אויגן: מאַטילדא שטייט אין קלויסטער, זי שטייט אף די קני פֿאַר אַן אַלטן גאַלעך, קושט אים די האַנט, און איז זיך מיסוואַדע...

יאָ! מיר האָט קיינמאָל ניט געאַרט, וואָס זי איז א רוסישע, אָבער דאָס, וואָס זי טראָגט דעם ציילעמל...

כ'פּרוּוו מיך איינשטילן: ס'איז דאָך אַ קלייניקייט. מעגלעך, אז זי גייט גאָר ניט אין קלויסטער. מעגלעך, אז ס'איז נאָר פֿון צירונג וועגן.

נאָר עמיץ לאכט זיך אין מיר פֿאַנאַנדער... כאַ, כאַ, זי קושט דעם גאַלעך!...

איר ווייסט דאָך, אז מיין האַרץ האָט זיך צעלאָפֿן ווי אַ נארישער פֿערד...

און אין אזא צייט איז געגנוב א קליין שמיצעלע, ער זאָל זיך צוטומלען.

איך האָב האלאָפּירט, און איצט בין איך צוטומלט פֿון א קלייניקייט. דער קליין ציילעמל האָט מיר געשטאָכן מיט זיינע אלע פֿיר עקן. געוויס אַ קלייניקייט, אָבער זי אַנטפּלעקט אסאך.

דורך א קליין טרייבל איז בעסער צו זען.

— א ציילעמל—פּיקט מיר אין מויעך—א רעליגיעזע, אַ קליינבירגערן, א נעפּמאנס א טאָכטער, און איך... א קאָמסאָמאָלעץ. א פּראָלעטאַרישער שרייבער. ביז וואָס ווועסטו דערגיין, ווועליע יאָדער? ווועסט נאָך עפּשער האָבן א קינד, זי וועט אים באגיסן מיט הייליקע וואסער, און דו ווועסט אים מאל זיין?...

דער זילבערנער גלאַנץ פֿון ציילעמל: ער שניידט די אויגן!...

און אין האַרצן שניידט, און אין די אויערן הילכט, און אין מויל ביטערט און די פֿיס פֿארשטיינערן זיך...

אין די הענט?...

די הענט ליגן אף איר. איך נעם זיי אַראָפּ, און איך ווייס ניט ווו זיי אהינטאָן.

---

האַרבסטיקע, לעבערדיקע טעג. די קאלטע רעגנס האָבן אף דורך און דורך דורכגעשווענקט די אָנגעהיצטע צעפּאַרעטע ערד. דינער רעגנשטויב פֿאַרקלייבט זיך אויך צו מיר אין קאָפּ, וואָס איז פֿארפֿולט מיט רעשטלעך פֿון היציקע געדאַנקען.

אַפֿן גאס פֿייפֿט דער ווינט ווי אַ סירענע, לעשט אויס פֿון די בוימער די געלע פֿייער-בלעטער, וועלכע לאָזן זיך דערנאָך, ווי דערטרונקענע שיפֿלעך, שווימען מיטן וואסער פֿון רעגן, שווימען האסטיק אָן א ציל.

אַלץ איז אין האַרבסט אָן א ציל.

צוליב וואָס פאַר א ציל גיי איך איצט צו מאטילדאן? ווייל ס'איז הארבסט. ווייל די האַרבסטיקע נעפלען דריקן מיר אַפּן הארצן, ווייל איך דערפיל אַ נאסקייט אין די פיס.

בא מיר לויפן היציקע געדאַנקען, קיין איינער וואַרט ניט ביז ער וועט ווערן פארטיק, און זיי פליען אָפּט אוועק גאָר פאַרקערטע, ווי דערטרונקענע שיפלעך... און מער קיין ציל איז ניטאָ. איך ווייס ניט, צי האָב איך זי ליב, איך ווייס ניט, צי האָב איך זי פיינט. עס ציט מיר נאָך צו איר.

איך גיי צו איר ווי אן אלטינקער, וואָס ציט זיין לעבן אָן קיין שום רעכענונג, ווייל ער איז געוואינט, אז ער דאַרף לעבן. דאָ איז פאַראַן נאָך עפעס אַ ליבע, נאָר ניט די לעבעדיקע, נאָר דער טויטער קערפער פון איר. אַ טויטע ליבע. דער ציילעמל האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַף אונדזער ליבע.

מיינע געדאַנקען רייסט איבער מאטילדאס פאָטער. אַלעמאָל רייסט ער זיך אַריין עפעס פלוצים. און איך פאַרשטיי אים ניט. איך קאָן גאָרנישט אופכאַפּן אין זיינע וואַסערדיקע אויגן.

— יונגערמאַן!

— וואָס האָט איר געוואָלט?

— ווי איך פאַרשטיי, זייט איר אונדזערער אַ גוטער פריינט— זאָגט ער מיט אַ וואַסערדיקן שמייכל.

איך ענטפער ניט. אַ גוטער פריינט בין איך אים? איך האָב אים פיינט. איך האָב פיינט זיין ברייטקייט, זיין פאַרשטעלטקייט, זיינע וואַסערדיקע אויגן. זיי לעשן עפעס אַלעמאָל מיינע פייערדיקע אויגן. און איך האָב אים פיינט, ווייל ער האָט אין זיך אַן ענלעכקייט אַף אַלע קאריקאטורן, וועלכע מע מאָלט אין די צייטונגען אַף נעפּמאַנעס.

נאר איך ענטפער ניט.

— איר קאָנט אונדז, יונגערמאַן, טאָן אַ טויווע. אייער פאָטער איז דער פאָרזיצער פון דער וואָינונג-געזעלשאַפט. מיך, ווי אַ ניטאַרבעטנדיקן עלעמענט, זעצט מען אַרויס פון דירע. איך רעכן, אַז איר קאָנט ווירקן אַף אייער פאָטער.

ער זאָגט אָפּ פעסט, פּאַמעלעך יעדעס וואָרט, ווי ער וואָלט אַרויסגעזעצט אַ ברייטל פון אויוון...

מיר פאַרדריסט שטאַרק די אָפנקייט פון זיין רײדן, זיין איבערצייגונג, אַז ער קאָן מיר; אַ קאָמסאָמאָלעץ, פּאָשעט און אָפּן זאָגן, איך זאָל העלפן אים—אַ נעפּמאַן, אַ סוינע.

איך ענטפער האַרט:

— איך קאָן אייך גאָרניט העלפן.

ער ציט עפעס אָן אַ מוטנעקייט אַף זיין וואַסערדיקן פּאָנים. ער פאַרגעדיכטעט אַביסל די אויגן, און צוטרייסלט די ליפן, דערנאָך קוועטשט ער אויף די ליפן, לאזט דורך זיי אַ קליינע עפענונג, און דורך איר לאָזט ער אַרויס ווערטער דינינקע, שפּיציקע.

— אַבי כ'האָב געמיינט, אַז איר וועט אונדז העלפן, איר גייט, זע איך, אָפּט אַריין צו מיין טאָכטער. זיינע שפּיציקע ווערטער שטעכן מיך. ער—דער הונט—גיט פּאָשעטע אָנצוהערעניש.

איך דאַרף אים באַצאָלן דערפאַר, וואָס איך גיי אַריין צו זיין טאָכטער.

איך זאָג:

— בעכיין איז וואָס איז, אַז איך גיי אַריין צו אייער טאָכטער?

— בעכיין זייט איר אומדאַנקבאַר, יונגערמאַן!

מיך שטעכט דאָס, וואָס ער רעט עס מיט אַזאַ איידעלן טאָן, מיך שטעכט, וואָס ער גיט צו נאָכאַנאַנד „יונגערמאַן‟, און איך זאָג אים שוין גאַנץ גראָב:

— איך ווייס ניט פאַרוואָס דאַרף איך אייך זיין דאַנקבאַר.

אים האָט קאָנטיק פאַרדראָסן—וואָס איך געפין ניט פאַרוואָס צו זיין אים דאַנקבאַר. ער האָט געלאָזן מיר, אַ קאָמסאָמאָליעץ, זיין בלוט און פלייש, זיין טאָכטער, און איך מאַך גאָרניט קיין וועזן פון דעם.

ער איז, ווי אַלע אָפגעגעסענע מענטשן, אָדער צופיל איידל, אָדער זייער גראָב. ער עפנט איצט אויף זיין גאַנצן מויל, און לאָזט ארויס האַרבע ווערטער, ווערטער ווי קלעצער:

— ניט נאָר, וואָס ניט דאַנקבאַר, דאָס איז פּאָשעט אַ כאַזערשאַפט...

עפעס האָט אין מיר אופגעריסן. כ'האָב זיך געשטיקט פון קאַעס. איך האָב פאַרביסן די צונג פון קאַעס. די ווערטער האָב איך אויסגערעט מיט אויסגעקוועטשטע באַקן, פאַרקרימטע ליפן און צושטשירעטע ציינער, און אַרויס זיינען זיי אָנגעביסענע, פאַרביסענע ווערטער:

— בעהיימע, אויב דו ווילסט בלייבן מיט גאַנצע קאַפיטעס...

איך האָב ניט פאַרענדיקט, צו דער וואַנט איז ניטאָ וואָס צו ריידן. ער איז שוין געווען הינטערן טיר.

---

מער גיי איך ניט צו מאַטילדען. טאַקע, צוליב וואָס גיין?..

איך זיך איצט גאַנצע טעג אין שטוב. איך שפּיל זיך מיט קינדער. מיט דער שאָכנטעס מיידעלע. זי האָט בלויע אויגעלעך און זי דערמאָנט מיר אָן יענער, אָן יענער, וועלכע איך האָב שוין דאַכט זיך ניט ליב, נאָר וועלכע האָט זיך פאַרקליבן צו מיר אין האַרצן, איצטער מיסטיקט עס דאַכט זיך שוין דאָרטן, נאָר איך האָב עס נאָך ניט אַרויסגעוואָרפן, ניט אויסגעקערט. דאָס איז מיר שווער. ס'איז מיר שווער, ווי אַ מאַמען, וואָס קלייבט זיך אַרויסוואַרפן די שמאַטעס, וואָס איז געבליבן נאָך איר נאָר וואָס פאַרשטאָרבענעם קינד.

היינט איז אַ נאַכט, א פינצטערע נאַכט, אַ געדיכטע און, דאַכט זיך, אַ קלעפּיקע שוואַרצקייט. איך האַלט די האַנט אין די קעשענעס, און, דוכט זיך, אז איך וועל זיי אַרויסנעמען, וועל איך זיי דערזען שוואַרצע, און מע וועט זיי ניט קאָנען אָפּוואַשן.

איך האָב פלוצים אין דער פינצטער דערזען אַ פּאָר פייערלעך. זיי געהערן צו מאַטילדעס אויגן. אין דער פינצטער זעט מען גאָרנישט, נאָר אויגן מיט פייערלעך זעען זיך נאָך בעסער.

זי איז געגאַנגען אַנטקעגן מיר, און זי מאַכט זיך, אַז זי זעט מיך ניט, אדער עפשער זעט זי מיך טאַקע ניט.

איך רוף איר:

— מאַטילדאַ.

זי שטעלט זיך, און קוקט אף מיר מיט געמאַכטע פרעמדע אויגן.

— מאַטילדע, דו האָסט פאַרגעסן, ווער איז וועליע יאָדער?

זי ענטפערט ניט, זי איז אינקאַעס, און זי קרימט אויס פון איר מיילכל:

— איך וויל ניט ריידן. דו האָסט באַליידיקט מיין פאָטער, מיין טייערן פאַ.

און דערנאָך גיט זי צו מיטאַמאָל האַסטיק, מיט אַ פולן מויל:

— איר האָט געטאָן ווי אַ כוליגאַן.

יעדער קליין טיילכל אין מיר האָט זיך צובונטעוועט קעגן דעם: זי גייט פאַרטיידיקן איר פאָטער, דעם מיעסן פאַרשוין, וואָס האָט מיר אזוי מיעס באַהאַנדלט.

און איך זאָג איר שטאַרק אָפּ:

— דיין טייערער פאַ איז אַ גראָשן ניט ווערט, דיין טייערער פאַ איז ניט מער ווי אַ הונט: איך גיב אַ קוק אף איר: איר פּאָנים האָט זיך מאָדנע צודרייט, די ליפּן האָבן זיך געטרייסלט, די נאָז איז אָנגעבלאָזן, די אויגן פאַרלאָפן געוואָרן, זי האָט זיך גענומען קאָנוולסיוו וואַרפן, און זי האָט היסטעריש גענומען אויסשרייען מאָדנע ווערטער, ווערטער וועלכע דער מויעך האָט ניט געשיקט, וואָס האָבן זיך אליין געלאָזן לויפן ווי אין אַ בעהאָלע, זיי זיינען געלאָפן, און איינער האָט דעריאָגט דעם אַנדערן, און פלעגן צובוקן זיך, און פלעגן געשטרויכלט און צוקלאַפּט ווערן, דערפאַר. זיינען אנדערע אַרויסגעפלויגן האַלבע ווערטער, אָנפּענימדיקע, צוהאַרגעטע.

און איך בין זיך געשטאַנען, און די ווערטער זיינען צו מיר ניט דערגאַנגען. אזעלכע צוקאַליעטשעטע ווערטער פאַלן אין מיטן וועג. מיך האָבן זיי ניט געריִרט. אַ מאָדנע זאַך: ניט נאָר וואָס מיך האָט ניט פאַרדראָסן, וואָס איך האָב זי געבראַכט צו דעם, אַז אָט דער שיינער פּאָנים זאל אַזוי צוקרימט ווערן, איך האָב אַפילע קיין ראַכמאָנעס אף איר ניט געלייגט. דער עקל האָט מיך פאַרפולט. דער גרעסטער עקל באַהערשט דאַן, ווען מע זעט אַ שיינע זאך, וואָס ווערן פאַרמיעסט. איך האָב זיך דערמאָנט אָן איר שיינעם פּאָנים, ווי שיין זי פלעגט אויסזען. איצט איז דער פּאָנים געוועזן צוקרימט, צודרייט, צוהיצט.

יענע נאַכט האָט אויסגעקערט די ליבע-מיסט פון מיין האַרצן, און יענע נאכט איז געבאָרן געוואָרן בא מיר די סינע, די אומפאַרמיידלעכע סינע, וואָס שלעפּט זיך נאָך דער פאַרגאַנגענער ליבע, פונקט ווי די נאכט, וואָס מוז קומען נאָכן טאָג.

יענע נאַכט האָב איך פאַרשטאַנען פאַרוואָס האָב איך זיך עס אַזוי פלוצים איינגעליבט: אין אַ פוסטקייט פאַלט מען לייכט אַריין.

יענע נאַכט האָב איך זיך אינעווייניק געפרייט, וואָס איך בין אויסגערייניקט געוואָרן, וואָס מיינע אויגן זיינען צועפנט געוואָרן.

אין אַ פינצטערער נאַכט האָב איך גענומען זען.

## 4-טער קאַפּיטל.

## דער ערשטער שניי גייט אַ צווייטן מאָל.

עס גלעט עפּעס מיין האַרצן. איך ווער צוריק שטיל. איך נעם צוריק לעבן... איך נעם צוריק שרייבן.

איך שרייב איצט אַ מאַיסע ווי אַזוי—שוואַרציאָר ווייס ווי אַזוי—איך האָב זיך אַיינגעליבט אין אַ שיינער רוסישער, נעפּמאַנישער מיידל, ווי מעשונע עס האָט זיך איינגעליבט אַ יונגער יידישער פּראָלעטערישער שרייבער.

— און איך ליב זיך איין—אַף דערוף בין איך דאָך אַ יונגער...

— און מיך אַרט ניט, וואָס זי איז אַ רוסישע — כאָטש איך בין אַ יידישער...

— מיך שטויסט אָבער אָפּ איר קליינבירגערלעכקייט—אַף דערוף בין איך דאָך אַ פּראָלעטאַרישער...

— און איך שרייב איר אַריין אַ בריוו — שוין איינמאָל אַ בריוו—אַף דערוף בין איך דאָך אַ שרייבער...

און איצט זיץ איך און שרייב. און שרייבנדיק וויל איך אויסוועבן דאָס אַלץ, וואָס איז נאָך געבליבן אַפן האַרצן, די סינע איז אויך איבעריק, זי דערווייזט נאָר, אַז אַפריער איז די ליבע געוועזן צו גרויס, און איך וויל אַלץ אויסמעקן, אַלץ פאַרגעסן...

איך שרייב. בא מיר ווערט פאַרפלייצט די פען. די געדאַנקען, די געפילן לויפן גיכער פאַר איר, און זי קאָן זיי ניט דעריאָגן.

איך וואָלט איצט געשריבן און געשריבן. אָבער מע שטערט מיר. די קינדער פון הויף זיינען צופיל צוגעוואָינט צו מיר. איך האָב זיי טאַקע ליב, אָבער איצט שטערן זיי מיר צו שרייבן.

אָט עפנט זיך די טיר—און מיין ברודער לאָזט אַריין מיין שאָכנטעס מיידעלע, אַ גוט מיידעלע, אַ קלוגעטשקע, אָבער אַ שלעכט דערצויגענע.

— זי האָט זיך איר פראַגע:

— שיי-יינע צורע, ווּסטע גענעכטיקט?

איך ווער זייער אינקאַעס, וואָס מע שטערט מיר איצטער. און איך צעשריי זיך אַף דעם קינד.

די קינד צעוויינט זיך.

און דער ברודער נעמט מיר זאָגן מוסער:

— אַז דו זיצסט און שרייבסט, פאַלט דיר איין אַ מאַניע, אַז דו ביסט אַ גאַנצער גראַף, אָט דאָס הייסט גראַפאָמאַניע!

איך שרייב ווייטער, מיר נעמט אָבער פאַרדריסן: איך האָב זי ליב, דער שאָכנטעס מיידעלע. זי האָט אויך בלויע אויגן און זי דערמאָנט מיר יענע, וועלכע איך וויל ניט דערמאָנען מיט מיינע ליפּן. עפּשער דערפאַר האָב איך זי נאָך מער ליב.

איך נעם זי אַף די הענט און טרייסט זי מיט ניט גאָר פאַרשטענדלעכע ווערטער:

— ווייַן ניט קינד מיינס, ניט וויין. נאַרעלע, ס'איז מיעס צו וויינען! טרערן, זאָלסטע וויסן זיין, זיינען גאָרנישט ניט ווערט. טרערן און געלעכטער, כאָטש עס דוכט זיך, אַז זיי זיינען די שטאַרקסטע אויסדריקער פון געפיל, זיינען אינדערעמעסן גאָרניט

ניט ווערט, ווייל מע קאָן זיי אַרויסרופן קינסטלעך: געלעכטער דורך קיצלען, און טרערן דורך ציבעלע. ס'איז גאָרנישט. שטאַרקער פון אַלץ איז יענער געפיל, וואָס מען זעט ניט פונויבן.

כ'רייד און כ'ווייס, אַז איך רייד דאָס פאַר זיך, כ'האָב ניט מיט וועמען צו ריידן, און עס ווילט זיך אויסריידן.

איך צעהאַרץ זיך און פיל ניט, ווי אונטער די אויגן האָבן זיך אויסגעשטעלט—ווי די וועכטער—טרערן.

איך פאַרשעם זיך פאַר דער קליינער, און שמייכל זיך פאַנאַנדער.

און זי די קליינינקע הערט אוף צו וויינען, און קוקט אַף מיר מיט אַזעלכע קעציש-פאַרשטייענדיקע אויגן, און צעשמייכלט זיך אויך.

און איך דערפיל די לעכערלעכקייט פון דעם, וואָס איך זאָג מוסער, און בא מיר אַליין זיינען די אויגן „אַפן נאַסן אָרט״, איך דערפיל די לעכערלעכקייט, און מיר פאַרווילט זיך אויסלאַכן פון זיך אַליין.

— הערסטע—זאָג איך—אַמאָל וועט אַ יאַט דיר אויך אָנברעקלען די האַרץ ווערסטו, אים מיסטאָמע נעמען פאַר אַ מאַן, נאָר אויב ער וועט זיין אַזוי ווי איך—אַ שוסטער, וואָס טויג ניט צו דער מלאָכע—לאָז אים ניט זיין קיין שרייבער!

---

מיך אינטערעסירט צי ניט, נאָר אויב אייך אינטערעסירט עפּעס יאָ, קאָן איך אייך וויניק וואָס ווייטער דערציילן וועגן איר: איך בין צו איר מער ניט אַריין. מער ניט אַ בריוו—ווי אַלע אַמאָליקע אָפּגענאַרטע העלדן—האָב איך איר אַריינגעשיקט.

און פון רייזעלען האָב איך געהערט, אַז זי פילט זיך איצטער זייער שלעכט, אַז מען האָט אַרעסטירט איר טאַטן.

גוט אַף אים!

---

דאָסראָוו קומט פאַר אַזוי: אַ פריער איז ווינטער, פרילינג, דערנאָך זומער, האַרבסט, און נאָכן האַרבסט קומט ווידער דער ווינטער.

לויטן רעכענונג—הייסט עס—איז ווייטער ווינטער.

אַ שיינער, אַ ווייסער ווינטער.

דער ווייסער הימל ברעקלט זיך. דער ערשטער שניי פאַלט אַרויס. דער שניי איז קלאָר. דער שניי איז ווייס. קלאָר און ווייס. ס'איז זיך טאַקע ניט קיין נייס, נאָר ס'איז פאָרט אַזוי.

זיין ווייסע קאַלטקייט גיט ער מיר איבער—דער שניי—אין האַרצן. די ווייסקייט בלייבט, און די קאַלטקייט ווערט אָנגעוואַרעמט. איך דערפיל זיך גרינג ווי אַ קינד, אין קאָפּ נעמען ווינטלען גרינגע פליגלדיקע זיכרוינעס, איך גיי און גליטש זיך אונטער, און אַ פרייד גליטשט זיך אין מיר.

פונדערווייטן דערזע איך אַ קאָפּ בלאָנדע האָר און אַ שלאַנקע פיגור. יאָ, ס'איז, דאַכט זיך, מאַטילדאַ, מיינע אַן אַמאָליקע באַקאַנטע. איצט, דאַכט זיך, קאָן איך זי ניט. און כ'גיי ווייטער.

האַרט לעבן מיר דערהער איך אַ קאָל:

— וועליע!

איך האָב זיך אַ קער געטאָן און שטיל געזאָגט:

— Вы, наверное, ошиблись!

זי האָט זיך אָנגעוואָרן, ווי אַ מאַטבייע אין שניי. אַ פאַרב איז דורכגעלאָפן איר פּנים. אָבער אין אים זיינען איצט ניט געווען אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן. עטלעכע וויינִיקער. און זיי האָבן אויך אויסגעזען ווי אָנגעשמירטע, אַרופגעלייגטע.

און דער קאָל איז טאַקע אַ שטיל-מעלאָדישער, אָבער אַ גערירטער.

און זי זאָגט מיר, מיט מיינע אַמאָליקע ווערטער.

— וועליע. דו האָסט פאַרגעסן ווער איז מאַטילדאַ?

כ'שווייג.

און זי רעט:

—וועליע טייערער, וואָס שווייגסטע? דו האָסט מיר אופגעוועקט, איך האָב שטענדיק נאָר זיך אַליין געליבט, דו האָסט מיר אויסגעהערט מיין האַרץ אַף דער לינקער זייט, און איצט לאָזטע מיך. איך האָב איצט קיינעם ניט, קיין טאַטן. איך וועל גיין נאָך דיר, און קאָן מיט דיר מיטגיין אַפילע אין קאָמסאָמאָל.

מאָדנע אָפּגעהאַקטע ווערטער.

און איך שטיי און קוק אַף איר. מיין אַלטע פאַרהיילטע האַרץ-ווונדן האָבן זיך גענומען עפענען. און איך האָב אַ קלער געטאָן: ווער ווייס אַ מיידלס האַרץ? עפשער האָט זי זיך געביטן. איך האָב אופגעוועקט אין איר די ליבע, עפשער האָט זי פאַרפולט איר פוסטקייט.

און זי בויגט זיך איין מיך קושן...

און עפּעס גיט אַ בליק אין מיינע אויגן.

דאָס בליצט דער ציילעמל, דער זילבערנער ציילעמל אַף איר האַלדז.

איך האָב זי אָפּגעריסן פון זיך און אַוועק.

איך גיי. און דער ערשטער שניי גייט. ס'איז ניט אזא טראַגעדיע, ער זאָל זיך צוליב דעם אָפּשטעלן.

און אויב מיר אַרט עס—איז עס נאָר, ווייל איך האָב אַ נאַריש צאַרבאַלעכאַים האַרץ.

— אייך זאָל עס ניט אַרן!

אָקטיאַבר—נאָיאַבר 1928.

ז. אַקסעלראָד.

# ס א נ ע ט.

זאָל זיין געבענטשט די לויטערע מינוט,
וואָס האָט מיך שטיל און קלאָר אַזוי דערהויבן,
געשאָנקען מיר אי מענטשלעכקייט, אי גלויבן
אין טריף אין הייסן פון מיין יוגנט-בלוט...

אָט די רעגע, אָט די לויטערע מינוט
ווען גענומען האָט מען זידלען מיך און לויבן,
אין די שורעס קוקן, ווי אין ריינע שויבן,
ווי זעט עס אויס: שלעכט איז דאָ צי גוט...

אָט די רעגע, ווען איך בין שטיל פאַרבליבן,
פעסטער צוגעדריקט דעם דראַנג פון ליפּן
און געלייטערט לענגער מיין געמיט.

ווען איבער מיר איז ליכטיק אופגעגאַנגען
אָוונטיקער אָנזאָג פון געזאַנגען,
אָט די רעגע פון מיין ערשטן ליד...

* * *

מיר רוען אָפּ אַף זומערדיקן פעלד,
מיר רוען אָפּ אין קאָרן-הויכן,
אַלץ אַרום איז דאָ אַ בלויע שוועל
אַריבערטרעטן קוים אַף עפּעס צו דערגרייכן...

אַרום, אַרום—פעלד און קאָרן
זון-פאַרגאַנג און ווייטער האָריזאָנט,
שטילער, רויִקער איז דאָ געוואָרן
און שטיל זאָל זיין נאָר ווער עס קאָן...

ווייכע, קלאָרע, אָווגוסטדיקע לופט
זויבער-דין זיך איבער אונדז פאַרצויגן,
און עס מאָנט אַצינד און רופט
דער מילדער בליק פון אָוונטיקע אויגן...

מיר שפּאַנען שטום, מיר שטעלן קליינע טריט,
און ציילן קערנדלעך פון רייפע זאַנגען.
און ס'ציט אַוועק אַ קלינגעוודיקע ליד
קלאָרע, פויערשע געזאַנגען...

ווייטער, ווייטער, און ס'גיסט זיך איבער,
דין אַזוי, ווייך אַזוי און קלאָר...
און אָנגענעמער ווערט און ליבער
אַזאַ רייפער זומער, אַזאַ גוטער יאָר!..

* * *

איך האָב ליב די בלאָנדקייט דיינע,
אָט דעם אָוונטיקן ריִר.
ווען די בלויע אויגן שיינען
מיט אַ נאָענטקייט צו מיר...

און די פֿינגער דיינע לאַנגע
שפּילן אף מיין קאָפּ.
און די האָר, ווי ווייכע זאַנגען,
וויגן זיך אַראָפּ.

ווען ס'איז זומערדיִק און טונקל,
ציטעריק און קיל.
ווען איך ווער אָט דאָ פֿאַרזונקען,
און איך בלייב דאָ שטיל.

און דו זאָגסט מיר:—גוטער ייִנגל,
זאָל שוין זיין ·גענוג!
איך וועל זיין היינט נאַריִש, ייִנגל,
אָבער דו, זיי קלוג!

* * *

איך לייעז היינט, ווי כ'לייען אַלע מאָל,
איינס נאָך איינס די ווערטער גייען איבער.
מיין ווייכער, זינגעוודיקער קאָל,
ווערט אייך נעענטער און ליבער...

אַלע שורעס מיינע, וואַקלדיקע, שטילע,
וועלן ציטעריק צו אייך דערגיין.
און קלאָרער נאָך וועט איר דערפֿילן
דעם געזאַנג פֿון מיין געביין...

נעמט צו פֿון מיִר מיין יונגן גרוס:
אַ האַרבסט אַזאַ איז די שטאָט באַפֿאַלן,
יעדער געלער בלאַט—אַן אָפּגעוועלקטער קוש,
און יעדער געלער בלאַט—אַ הויפֿן שטראַלן...

ס'איִז פֿריִ. און ס'פֿאלט שוין צו דער אָוונט
דער האַרבסט דער קלאָרער וועט געוויס זיך שטעלן.
און ס'איז מיִר גוט פֿון דעם:
כ'בין אייך, ווי פֿרילינג נאָענט,
און כ'קען נאָך האַרבסטיק-רייף ניט זיין געפֿעלן...

צ. דאָלגאָפּאָלסקי.

# פיר זייערע.

1

בריסקין, ריסקין, איסקין און קין—4 אָנגעשטעלטע אין איינעם אַן אַנשטאַלט... איר, טייערער לעזער, קאָנט ניט די 4 פאַרשוינען, וואָס אַרבעטן צוזאַמען שוין דעם דריטן יאָר. איר ווייסט ניט און איר קאָנט עפּשער ניט וויסן, ווער פון זיי איז דער פאַרוואַלטער און ווער איז דער בוכהאַלטער, און ווער איז צווישן זיי דער סעקרעטאַר, און ווער—דער געשעפט-פירער, וועלכער איז אין דערזעלבער צייט אויך דער אופזעער איבער דער ווירטשאַפט, דער „זאַווכאָז". איר קענט זיך מער ניט אָנשטויסן, אַז דער פאַרוואַלטער איז בריסקין און ניט ריסקין און ניט איסקין און ניט קין, ווייל דער פארפאסער, וועלכער קעמפט אַליין מיט צוויעס און מיט אונטערלעקערייִ, וועט דאָך אויך ניט האָבן קיין האָזע אָנהויבן זיין נאָוועלע פונם געשעפט-פירער. דער פאַרפאַסער, טייערער לעזער, איז—אָהאָ!—אַ מענטש, וואָס קען אַמאָל גיכער אָנקומען צום פאַרוואַלטער איידער צו די איבעריקע אָנגעשטעלטע. אַ שיינע מאַיסע! דעם פאַרוואַלטער איבערלאָזן אַפן סאָף. דער פאַרפאַסער וואָלט כויך דעם אויך ניט וואַגן צוטראַכטן פאַרן פאַרוואַלטער די קירצסטע דריי אויסעסדיקע פאַמיליע און איבערלאָזן פאַר דעם פאַרוואַלטערס אונטערטעניקע די לענגערע פאַמיליעס. איר ווילט, דער זאַווכאָז, לעמאָשל, זאָל האָבן אַזאַ קלינגענדיקע פאַמיליע, ווי ב-ר-י-ס-ק-י-ן?

אָבער שטעלט אייך פאָר, אַז איר זעט זיי אַלעמען אַפן אַווטאָמאָביל, אַפן אייגענעם אַווטאָמאָביל, אַ בעניצטן, מיט אויסגעדרייטע פרוזשינעס אין די בענק, צוגעדעקט מיט אַ היימישער קאָלדרע, און מיט אָפּגעפליקטע זייטן, ערטערווייז אויסגעריסענע און אָפּגעריבענע לעדער, אַף פאַרלאַטעטע מיט שטריק איינגעפעסטיקטע רעדער, וואָס דרייען זיך, ווי שיקערע, אַף די איבערגעשמידטע רעסאָרן; אַז איר זעט אַלע פאַרשוינען אַפן אַווטאָמאָביל, וועלכן זייער אַנשטאַלט האָט אָפּגעקויפט באַ אַ צווייטן ליקווידירטן אַנשטאַלט פאַר זייער אַ ביליקן מעקעך. איר שטעלט זיך פאָר, אַז איר באַגעגנט זיי אונטערן שטאָט אין אַ שיינעם זומערדיקן זונטיק אַלע זאַלבעפערט, צוזאַמען מיט נאָך 2 פרויען, און מיט אַ שפיצל, וואָס האַלט זיך גרויס מיט זיין ראָזן אויסבינדער, וועלכער באַהאַלט זיך טיף אין זיינע געדיכטע קלאָרע אויסגעצוואָגענע-הינטישע וואָל. שטעלט אייך פאָר, אַז איר באַגעגנט זיי אַלעמען זאַלבעזיבעט. דאָ פאָדערט זיך שוין אַ קוק פון אַ בעניטן און דערפאַרענעם מענטשן, קעדיי מעשאַער צו זיין, ערשטנס, צו וועמען געהערט דאָס הינטל, ווער זיינען די פרויען און ווי ווערן דאָ איינגעטיילט די אָמטן צווישן די פיר מאַנסבילן.

אָט זיצט נעבן שאָפער דער כ׳ קין, דער זאַווכאָז. עס עסן זיך איין אין זיין לייב די אויסגעלונקענע נאַקעטע פרוזשינעס, נאָר ער טראָגט אַריבער די ווייטיקן מיט געדולד. ער האָט אַפילע ניט קיין צייט צו טראַכטן, וואָס ערגעץ אין די אינווייניקסטע אייוורים, אין די אָדערן זאָל זיך פאַרהאַלטן דער בלוט-פאַרקער. אַף דער רעכטער קני האַלט ער קליינבירגערן און גלעט אים די מאָרדע און אַף דער צווייטער קני האַלט ער אַ קערבל, אַן אָנגעפּאַקעוועטע מיט אַלדאָס גוטס און אויך מיט עטלעכע פאַרכאַסמעטע פלעשלעך. דאָס הינטל האָט אַריינגערוקט זיין מאָרדע אין קערבל, און בריסקין, דערזעענדיק דאָס פון דער הינטערשטער באַנק, גיט זיך אַ הייב, ציט אויס זיין לאַנגן קערפּער אינדערלענג פון אַווטאָמאָבילכל און זאָגט אָן דעם געשעפטפירער מיטן שפיץ פון זיין וואָגיקן שטעקן, וועלכן ער האָט געבראַכט פאַראַיאָרן פון אלופּקע, ער, קין, זאָל איבערשיקן קליינבירגערן אהערצו צו זיי.

דאָס הינטל פאַרשטייט אַפן ווונק. עס גיט אַ שפרונג איבערן ווענטל פון מיטלסטן צושרויפּטן באַנק און פאַלט אַריין צו דער פּעטער בריסקיניכען אין שויס.

— מאַמוסיאַ, גראָבט איין בריסקיניכע אירע ליפן אינם הינטלס קעפל גראַדע אין דעם מאָמענט, ווען דער אַווטאָמאָביל גיט זיך אַ ריס אינדערהויך, אַריבערטראָגנדיק זיך איבער דעם באַוווסטן גראָבן, וואָס פאַרן בריקל.

עס שפּרינגען אויף פון זייערע ערטער אַלע פּאַסאַזשירן, כויך דעם שמייכלדיקן שאָפער, וועלכער האַלט זיך ביכלאַל אָנאַזייט און בלייבט זיצן רויִק אַף זיין אָרט, האַלטנדיק פעסט אין זיין האַנט דעם רודער.

בריסקין אָבער אַליין האַלט זיך מיט איין האַנט פאַרן רוקן, ער טאַפט מיט דער רעכטער האַנט די כוטהאַשעדרע און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער זיך איינגעגעסן אין דעם לויזן זייט פון זיין שאָכנטע ריסקיניכען, דעם בוכהאַלטערס ווייב, וועלכע זיצט צווישן איר מאַן, ריסקינען און בריסקינען און וועלכע פילט די טרוקענע לאַנגע פינגער פון דעם פאַרוואַלטער אַליין.

— זאָל זי פלאַצן, די גראָב-פלייש, די אָפּגעקאָרמעטע ענדעטשקע, טריומפירט ריסקיניכע און נעמט אַראָפ דאָס היטעלע פון קאָפ און גיט איבער דעם מאַן און ווענדעט זיך צו בריסקינס ווייב:

— און איך וואָלט קיינמאָל קיין הינט ניט געהאַלטן אין שטוב.

— מאַמוסיאַ, כאַזערט איבער אַף צולאָכעס בריסקינס ווייב און שיקט אָפּ דעם הינטל צוריק צו קינען און שרייט אויס:

— גיט אים, כאַווער קין, אַ פּיראָזשניע.

און דער בוכהאַלטער ריסקין פאַרקאַשערט די אַרבל פון העמדל, אַנטבלויזט די האָריקע האַנט און שעפט טאַינעג פונם פרייעם זונ-

טיק און פֿון דעם אייגענעם אַוטאָמאָביל און פֿונם שאָפֿער, וועלכער פֿירט אויס אַ ריי אַנדערע פֿונקציעס בא זיי אין אַנשטאַלט.

— מען וועט דאַרפֿן רעמאָנטירן די מאַשינע.

ריסקינען געפֿעלט בעסער דאָס וואָרט „מאַשינע" איידער אַווטאָמאָביל. כאַזערט ער איבער:—מען וועט די מאַשינע דאַרפֿן רעמאָנטירן.

— דאַרפֿן, איז מאַסקים בריסקין. און טרעט ניט אָפּ פֿונם בוכהאַלטערס יונגע ווייב.

— כאַווער איסקין, און איר וואָס בלאָזט זיך, וואָס זייט איר אומעטיק, וואַרפֿט אַוועק די צייטונג, פֿרעגט אזוי אופֿגעלייגט ריסקיניכע און פרווט מאַכן צווישן זיך און בריסקינען אַ קליין מעכיצעלע. דאָס געפֿעלט ניט בריסקינען. בריסקינען געפֿעלט בּיכלאל ניט, וואָס דער סעקרעטאַר האלט זיך אָן אַ זייט און וואָס דעם בוכהאלטערס ווייב דערווייטערט זיך פֿון אים, וואָס ריסקיניכע נעמט אַרויס פֿון זיין האנט דעם שטעקן, וועלכע ער האָט געקויפֿט פֿאַראַיאָרן אין אַלופּקע און גיט מיט אים אַ פֿיר איבער איסקינס האלדז.

— איך האָב פֿאַרן כאַווער איסקין אַ גוט מיידל.

— ער בראַקירט ניט מיט אַ ווייבל אויך, באַמערקט ריסקין און בלייבט העכסט צופֿרידן פֿון זיין כאָכמע.

— בא אייך דאַרף דאָרטן זיין גוט צו זיצן, הייבט זיך אויף ריסקינס ווייב און קריכט אַריבער איבערן מיטלסטן באַנק, באַווייזנדיק פֿאַר אַלעמען די ווידערנע זאָקן, וואָס העכער פֿון די קני זיינען זיי צוגעשטוקעוועטע.

— איצט וועט זיין גראַם צו זיצן. וויפֿל האָט איר אָפּגעצאָלט, כ' בריסקין, פֿאַרן שטעקל, פֿרעגט ריסקין.

— דעם וויפֿלטן מאָל פֿרעגט איר... הייס זייער, קרעכצעט דער פֿאַרוואַלטער בריסקין און די ווייב זיינע ווישט אים אויס מיט איר נאָזטיכל דעם פֿאַרשוויצטן און אָפּגעבליאַקעוועטן שטערן.

— אָט אזוי פֿאַרווײַלן זיך בריסקין, ריסקין, איסקין און קין.

2

קומענדיק מיטן גרויסן טאָג אהיים, שוין מאָנטיק, הייסט עס, איז ריסקין אומגעגאַנגען אין אונטערשטע וועש איבערן שטוב און האָט געפֿרעגט בא זיין ווייב, צי זי שלאָפֿט שוין. די ווייב האָט געענטפֿערט, געגעצנדיק, אז איר שלאָפֿט זיך ניט. דאַן האָט ריסקין זיך צוגעזעצט אױפֿן בּרעג בעט, פֿאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס און געמאַכט דער ווייב זיינער צוויי אָנמערקונגען: ערשטנס, דאַרף מען ניט ריידן מיט שטעכווערטלעך, באַזונדערס מיט דעם פֿאַרוואַלטערס ווייב, ווייל צאָרעס וועט ער האָבן דערנאָך און ניט זי. ניט איר דאיגע איז, וואָס די גראָב-פֿלייש קושט זיך און האַלדזט זיך מיטן הינטל. ער אליין האָט אויך פֿיינט הינט און פֿונדעסטוועגן, אז שפּיץ לויפֿט אַריין אין אַנשטאַלט, איז ער אים מעקאַרעוו. א צוציק, א גלעט פֿאַר די האָר, א בּלאָז אין די שפּיציקע אויערן, ווי זשע... און, צווייטנס... איז געווען אומטאַקטיש, וואָס זי איז אין מיטן העלן טאָג אַריבערגעשפּרונגען, ווי א ציג, צו איסקינען. וואָס האָט איר געאַרט, אז זי איז געזעסן נעבן בריסקינען, אים אַרט ניט לעבן וועמען זי זאָל ניט זיצן, אים

פּערזענלעך אַרט אויך ניט, וואָס זי האָט זיך איבערגעזעצט, נאָר בריסקין האָט זיך באַליידיקט, בא אים האָט זיך אויסגעצויגן די האַלדז און אָנגעגאָסן מיט בּלוט דער אָדער אויפֿן שטערן.

ריסקיניכע האָט מיט געדולד אויסגעהערט דעם מאַן און פּלוצלונג זיך בייז אַוועקגעזעצט אויפֿן בעט און געענטפֿערט, אַז, ערשטנס, איז ער, ריסקין, דער הויפּט-בוכהאַלטער, אויך א פֿאַראַנטוואָרטלעכער מענטש און איין פֿאַראַנטוואָרטלעכער מענטש מיטן צווייטן מענטשן דאַרף זיך האַלטן, ווי גלייכע מיט גלייכע, אַנדערש וואָלט זי ניט אָנגענומען די איינלאַדונג פֿאָרן אונטערן שטאָט. מיט קינען וואָלט זי אוודע ניט געפֿאָרן, און אז זי פֿאָרט מיט בריסקינען און מיט בריסקיניכען, איז זי, דעם בוכהאַלטערס ווייב, פּונקט אַזאַ מענטש, ווי זיי. ריסקין דאַרף וויסן, אז ער איז ניט קין און ניט איסקין אַפֿילע. זי האָט זיי אַלעמען אין דער ערד, און ער, דער מאַן, וואָס זיצט איצט ווי אַ גלאָמפּ אויפֿן בעט, איז אַ טריאַפּקע. און אַז זי וואָלט פֿריער וויסן דערפֿון, וואָלט זי מיט אים ניט כאַסענע געהאַט, און דאָס, וואָס זי האָט זיך איבערגעזעצט, איז זי ניט שולדיק, וואָס ער, ריסקין, איז אַ טיופּיאַק, וואָס זעט ניט, וואָס וויל ניט זען, אַז מען קריכט צו זיין ווייב, און עפּשער אַרט אים ניט, אַז מען קריכט צו איר, אַבי אויסנעמען באַ דעם גאָנזער, באַ דעם נאַטשאַלניק, נאָר זי האָט אים אין דער ערד. בריסקין האָט זי אָנגענומען מיט זיינע גאַדקע פֿינגער אָטאָ דאָ אין פֿוס און שיר ניט די זאָקן צוריסן, ער קנייפּט זיך אָטאָ דאָ—האָט ריסקיניכע באַוויזן, אין ריסקין אַ צוטומלטער האָט געזוכט בלאָע סימאָנים פֿון די קניפּ אויפֿן פֿוס העכער איבערן קני און האָט ניט געפֿונען און האָט אַ בייזער געענטפֿערט, אַז ער וועט מאָרגן מאַכן א סקאַנדאַל, אז דאָס איז כוליגאַנסטווע, אַז דאָ מוז מען דערלייגן, וווהין מען דאַרף, אַז פֿאַר אַזאַ זאַך קען מען אַראָפּנעמען פֿון דער אַרבעט און מען קען געבן אַזאַ קניפּ, ד. ה., אַזאַ רייניק, אַז זאָל ווערן פֿינצטער אין די אויגן און זאָל כאַפּן דער שוואַרציאָר.

נאָר אויף מאָרגן, אז ריסקין האָט זיך דורכגעשלאָפֿן, איז בא אים אָפּגעגאַנגען דער קאַעס. ער האָט באַשלאָסן, אַז מען דאַרף רויק און זייטיקלעך געבן צו פֿאַרשטיין בריסקינען, אַז ער ווייס, אַז די ווייב זיינע האָט אים, ריסקינען, דערציילט, נאָר דערציילן דאָס, ווי אַ שפּאַס. ער האָט שוין צוגעגרייט אַ שיינעם אַנעקדאָט, פֿון וועלכן בריסקין וועט זיך אָנשטויסן, אז ער ווייס.

— אויף נעכטיקער פּראָגולקע האָבן מיר גאַנץ גוט פֿאַרבראַכט, האָט דער ערשטער אָנגעהויבן ריסקין, נאָר בריסקין האָט אים אַפֿילע ענדיקן ניט געגעבן, ער האָט מיט קאַעס אויסגעשריִען:

— אַן ערשטן מאָל און א לעצטן מאָל, בענוג טרייבן די מאַשינע, און דאָס, וואָס מען פֿאָרט אונטער שטאָט מיט די ווייבער און מיט דעם גאַנצן אַנשטאַלט הולינקען, איז דאָס א בעזאָבראַזיע. די ווייב זיינע שפּרינגט, ווי א שוואַרציאָר פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן, און פֿון ריסקינען דעם שטילן וואָרים, דעם כאָם, דאַרף ער זיך היטן. ניט אין אווטאָמאָביל איז אַן אָרט צו פֿלירטעווען, האָט פֿאַרענדיקט בריסקין און האָט ניט געגעבן ריסקינען קומען צו זיך און איז שוין איבערגעגאַנגען צו געשעפֿט-פֿראַגן.

— אַוואַדע דאַרף מען ניט פֿלירטעווען אין דער מאַשינע, איך וועל זי ניט שאַנעווען. איך וועל איר פֿאַרגעבן אַ גאָב דער ווייב מיינער, איך וועל איר פּאָשעט אָפּזידלען. אַ יידענע בלייבט אַ יידענע.

— פֿונדעסטוועגן דאַרף מען אַזוי ניט אָנפֿאַלן, מיר ריידן דאָס צווישן זיך, איז בריסקין ווייכער געוואָרן.

— איך מיין אויך צווישן זיך. וואָס דען—איך וועל נעמען פֿאַרפֿירן געשעפֿטן מיט דער ווייב...

— האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו וועסט זי אויסזידלען.

— אַוואַדע אויסזידלען, וואָס הייסט אויסזידלען... איך רייד ביכלאַל... ווי באַלד, אַז מיר ריידן צווישן זיך... כ'האָב פֿיינט וואָאָבשטשע כקירענען זיך מיט ווייבער... אָט לעמאָשל... אייער ווייב איז אייער ווייב און מיין ווייב איז מיין ווייב און אז איסקין וועט האָבן זיין ווייב, וועט דאָס זיין זיין ווייב.

אַ האָרעלע איבערגעכאַפּט די מאָס, האָט ריסקין פֿאַרביסן אַ ליפּ, אָבער געגעבן, גוט געגעבן איבערן פּיסק. ער וועט דערציילן דער ווייב זיינער, וועט זי לאַכן.

3

אין פֿאַרגלייך מיט די גרויסע פֿאַבריקן און זאַוואָדן, ווו טויזנטער מענטשן בויען און שאַפֿן מיט אַזאַ אָנשטרענגונג און מיט אַזאַ אימפּעט, איז אָט דער קליינער אַנשטאַלט ניט ווערט מען זאָל אים דערמאָנען אַפֿילע. נאָר אינעווייניק איז דאָס אַ מעלוכעלע, ווי אַלע אַנדערע מעלוכעס. אַ קליינע מעלוכע איז אויך אַ מעלוכע. עסטאָניע איז אויך אַ מעלוכע.

קוקט אים אָן דעם כ' בריסקין באַ זיך אין קאַבינעט. ער ווייס וואָס ער האָט צו טאָן, ער ווייס, ווי צוצונעמען אַ מענטשן. אַז עס קומט אריין דער סעקרעטאַר איסקין אונטערשרייבן אַ פּאַפּירל—ווי שרייבט אונטער בריסקין דאָס פּאַפּירל? ער לייגט ניט אַוועק די צייטונג, ער קוקט אין איר אריין מיט איין אויג און מיטן צווייטן אויג וואַרפֿט ער אַ בליק אין פּאַפּירל. דער סעקרעטאַר גלעט אויס דאָס פּאַפּירל מיט ביידע הענט, און בריסקין לייגט ארויף די כסימע. איר האָט געדאַרפֿט אָנקוקן בריסקינס כסימע. דער „ב" ווערט צונויפֿגעגאָסן מיטן לאַנגן נון און האַלטן אַזוי פֿעסט די איבעריקע אויסיעס.

און אַז איסקין קערט זיך אום צוריק מיט דעם פּאַפּירל צו זיך אין קאַנצעליאַריע, שרייט ער אויס:

— קין.

קינען זאָגט מען קיינמאָל ניט, וואָס ער האָט צו טאָן. מען שרייט נאָר אויס:

— קין.

קינען פֿאַרדריסט עס, ער וויל כאָטש מיט וואָס עס איז דערמאָנען דעם סעקרעטאַר פֿון אַנשטאַלט, אַז ער איז אויך אַ מענטש.

מיר אַרבעטן זאַלבעפֿערט, און אַלע אונדזערע פֿאַמיליעס ענדיקן זיך אַף „קין". בריס-קין, ריס-קין, איס-קין, און איך אַליין קין.

— מיט וואָס דו פֿאַרנעמסט דעם קאָפּ דיינעם, זאָגט איסקין. קין האָט האַנאָע, וואָס איסקין איז ביזלעך.

קין ענדיקט באַלד די אָונט-שול, ער וועט באַלד פֿאַרלאָזן דעם אַנשטאַלט, דאַן וועט ער פּאָטער ווערן פֿון בריסקינען און פֿון זיין מאַדאַם און פֿון איר הינטל, וועלכן ער האָט פֿיינט סינעס מאָוועס.

אָפּטמאָל, ווען קין גייט אַף אַרבעט, קלאַפּט אים בריסקיניכע אָן אין פֿענצטער. ער זאָל ניט צוגיין און אַף מאָרגן זאָל ער ווערן פֿאַרקירצט? גייט ער יאָ צו. דאַן דערלאַנגט אים בריסקינס ווייב פֿון דעם אָפֿענעם פֿענצטער.

— זייט אַזוי גוט, איר וועט איבערגעבן פֿרישטיק אייער נאַטשאַלניק... מאַמוסיאַ, מען טאָר ניט אַזוי פֿרי מיט וויזיטן, לאָזט בריסקיניכע ניט אָפּ פֿון זיך דאָס הינטל, וועלכער רייסט זיך צו קינען.

— און דאָ איז אַ פּעקעלע וועש... איר גייט אין באָד היינט, עפּשער וועט איר איינער דעם אַנדערן אויסרייבן דעם רוקן, און גיט מיט אירע אויגן אַ פֿלירטעווע מיט קינען.

קין שלעפּט זיך מיט זיינע פּעקלעך און איז אויסער זיך פֿאַר קאַעס.

ווען ער באַקומט מיט 3-2 ראַזריאַדן העכער, וואָלט דער פֿעטער כאָזער ניט וואַגן זיך שאַפֿן מיט אים און קין באַשליסט פֿון מאָרגן אָן איגנאָרירן דעם גאַנצן אַפּאַראַט, נאָך דער אַרבעט געהערט ער איינגאַנצן צו זיך. דאָס איז קין היינט אַזוי קריגעריש געשטימט צוליב אַ ריי קאַריקאַטורן, וואָס ער האָט געזען אינם לעצטן נומער „קראָקאָדיל". דאָרט האָט ער געפֿונען אַלץ, וואָס אים דריקט אַפֿן האַרצן.

איסקין ווידער איז אויך ניט צופֿרידן מיטן נעכטיקן שפּאַציר. ווו האָט מען אים אוועקגעזעצט? אַ סעקרעטאַר איז אַלץ באַ לייטן, דאַרף ער זיך האַלטן, ווי עס דאַרף צו זיין, דעריקער טרייבן פֿון זיך קינען, בריסקינס שטוב-מיידל, דעם מיעסן קינען.

דערפֿאַר טאַקע, אַז איסקין האָט נאָך דער אַרבעט פֿונווייטן דערזען אַפֿן טראָטואַר קינען, האָט ער מיט אַ קיוון געמאַכט אַ בייזן פּאָנים און אָנגעהויבן שפּאַנען פֿעסט איבערן טראָטואַר.

באַ קינען איז איינגעפֿאַלן די דאָמים.

— דאָס שמעקט מיט פֿאַרקירצונג, האָט ער געטראַכט און איז צוגעגאַנגען צו איסקינען אַזוי האַכנאָעדיק. איסקינען איז געפֿעלן געוואָרן, וואָס ער האָט איבערגעשראָקן דעם זאַווכאָז. דעריקער האָט איסקין האַנאָע געהאַט, וואָס קין האָט זיך מיט אים אומגעקערט און איז נאָך אים נאָכגעלאָפֿן, מאַכמעס איסקינס טראָט איז אַ ברייטער און קינס—אַ שמאָלער.

— געווען אין באָד מיטן נאַטשאַלניק?—האָט איסקין געפֿרעגט. נאָר קינען איז אין קאָפּ ניט געלעגן ענטפֿערן איסקינען אַפֿן שטאָך-וואָרט; ער האָט פֿריער, איידער דער קורצזיכטיקער איסקין דערזען פֿונווייטן ריסקינען מיט דער ווייב.

איסקין האָט אַף 50 פּראָצענט איינגעשטעלט זיינע טריט. האָט צוגעגרייט אַ גוטן פּאָנים און האָט זיך באַגריסט מיט די ריסקינס.

די ריסקינס האָבן, פֿאַרשטייט זיך, פֿריינטלעך אָפּגעענטפֿערט אַף דער באַגריסונג, נאָר זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט: ניט קראַנק זיינען די יאַטן אומקערן זיך. איסקינען און קינען איז דאָס ניט גע-

פֿעלן געוואָרן. זיי האָבן זיך ביידע אומגעקערט צוריק, פֿריער איסקין און דערנאָך קין.

— און וווּ איז די מאַדאַם מיטן הינטל? האָט ריסקיניכע געפֿרעגט.

— ניט מיין הינטל און ניט מיין מאַדאַם,—האָט זיך קין געפֿונען... איר זעט, ווי עס אַרבעט די עלעקטרישע לאָטאָ?

איסקינען איז ניט געפֿעלן געוואָרן דער פֿאַמיליאַרער טאָן פֿון קינען. האָט ער בייז באַמערקט.

— די לאָטאָ איז פֿאַר שולער... רולעטקע, קאַזינאָ... פֿאַר אַ זאַוואָכאַז פּאַסט עס ניט, קין.

נאָר ריסקין האָט ניט געהערט, ווי איסקין מוסערט קינען. ער האָט פֿונווייטן דערזען די הויכע טרוקענע פֿיגור פֿון זיין פֿאַרוואַלטער צוזאַמען מיט זיין גראָבער ווייב און מיט קליינבירגערן, ריסקין האָט אַ גאַנצן טאָג געפֿילט, אַז ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס, אַז ער האָט זיך צופֿיל געהיצט. ער האָט ניט געוואָלט, אַז זיין ווייב זאָל זיך באַגעגענען מיט די בריסקינס, מאַכמעס די ווייב האָט אַרויסגייענדיק פֿון שטוב פֿאַרגעבן אים אַ גוטע לעקציע און איז אַרויס פֿון שטוב זייער קריגעריש געשטימט. האָט בריסקין אַרויסגעוואָרפֿן אין דער לופֿט:

— פֿאַרברענג דאָ אַ ווײַלע, איך האָב דאָ אַ וויכטיקן איניען וועגן אַ וועקסל.

איסקינען איז געוואָרן מולקע אויפֿן האַרצן—עפּעס זאָגט מען אים ניט אויס, עפּשער גאָר אַ פֿאַרקירצונג.

— און איר זייט אַלץ צוטומלט, כאַווער סעקרעטאַר, איז ריסקינס ווייב צוגעשטאַנען צו איסקינען און האָט מיט אַן איינגעהאַלטענעם קאַעס אויף איר מאַן אָנגענומען איסקינען פֿאַרן אַרבל.

בריסקין האָט זיך געבלאָזן און האָט אויסגעגאָסן זיין קאַעס אויף ריסקינען.

— איר האָט אָנגעטאָן היינט צאָרעס... ביכלאַל טויג די אַרבעט אין דער ערד... איך וועל מוזן אין מיין פֿאָרטראָג דערציילן אַלץ דעם טרעסט... די בוכהאַלטעריע איז מער ניט צום לאַכן.

אויפֿן ראָג האָבן זיך אַלע אָפּגעשטעלט אין איין קופּקע: בריסקין און בריסקיניכע, ריסקין און ריסקיניכע, איסקין און קין און קליינבירגער.

ריסקיניכע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זי שפּילט זיך דאָ מיט פֿייער, האָט זי באַשלאָסן ווערן אַ האָרעלע אויפֿגעלייגטער, האָט זי זיך געווענדעט צו בריסקינען:

— איר, כאַווער בריסקין, דאַרפֿט ניט פֿאַרגעסן, אַז איר זייט אויפֿן טראָטואַר, דאָ זייט איר ניט קיין נאַטשאַלניק, דאָ האָט איר געמעגט עפּעס אַרויסווייזן פֿריינטשאַפֿט און ניט קוקן אַזוי בייז, אַז איך שרעק זיך פֿאַר אייך. איך האָב מוירע אייך אַפֿילע בעטן איר זאָלט גיין מיט אונדז אין קינאָ... מען מעג אַ ביסל פֿלירטעווען מיט אייער מאַן? האָט זי זיך געווענדעט צו בריסקיניכען.

— מאַמוסיע, האָט בריסקיניכע זיך געאייסעקט אַרום קליינבירגערן, וועלכער האָט זיך געפּלאָנטערט אונטער די פֿיס.

— יאָ, אין קינאָ, האָט בריסקין געענטפֿערט, נאָר קליינבירגער שטערט אונדז.

— קליינבירגערן וועט דער כאַווער קין אָפּפֿירן אַהיים און וועט דערנאָך מיט אונדז אויך גיין אין קינאָ, האָט דעם בוכהאַלטערס פֿרוי געפֿונען אַן אויסוועג.

---

און אין דעמועלבן אָוונט אויפֿן צווייטן סעאַנס זיינען אַלע זאַלבאַזועקסט געזעסן אויף איין באַנק אין קינאָ אין אַזאַ סיידער: קין, בריסקיניכע, בריסקין, ריסקיניכע, איסקין און ריסקין. און שפּעט באַנאַכט זיינען זיי אַלע אַרויס פֿון קינאָ העכסט צופֿרידענע.

אויף מאָרגן האָט דער אַנשטאַלט געאַרבעט מיט אַ פֿולער אָנלאָדונג. דעם אַווטאָמאָביל האָט מען באַשלאָסן אָפּרעמאָנטירן.

# פּ י - פּ י.

פֿריער האָט מען זי גערופֿן באַסיע-ריסיע אָדער ביסעריסע און אַ ביסל שפּעטער—פּיפּי.

די ערשטע האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט די טעכנישע טוערן, נאָר זי האָט געשוויגן. וואָלט זי אַליין געווען אַ יונגע, וואָלט איר פֿאַרדריסן, לעמאַי האָט זיך פֿאַרדרייט דער פֿאַרוואַלטער כאַסקין מיט אַן אַנדער פֿרוי און ניט מיט איר. נאָר די טעכנישע טוערן איז שוין ניט קיין יונגע, איז איר גענוג אַ פֿריינטלעכער שמייכל פֿון דעם בריוון-טרעגער, וועלכער קומט מיט בריוו אַלע טאָג אין אַנשטאַלט. זי פּרעטענדירט ניט אויף ליבע פֿון פֿאַראַנטוואָרטלעכע טוער—האָט זי געשוויגן, נאָר אַלץ ביז אַ צייט. עס האָט אָנגעהויבן עקלען פֿון דער גאַנצער געשיכטע.

פֿריער פֿלעגט קומען דער פֿאַרוואַלטער כאַסקין אַליין. פֿלעגט זיך ארומקוקן געניייוועסדיק, אַריין צו זיך אין קאַבינעט און פֿאַרשליסן הינטער זיך די טיר. באַלד נאָך אים, אַלעמאָל אין איין צייט, פֿלעגט אָנקלאַפּן דאָס מיידל. ער האָט גוט געקאָנט איר קלאַפּ, ער פֿלעגט ניט פֿרעגן ווער-וואָס. געעפֿנט, פֿאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר און אַלעמאָל צוגערופֿן זי, די טעכנישע טוערן, און אָנגעזאָגט:

— טאָמער קומט מען מיר פֿרעגן, זאָלסטו, שוועסטערקע, זאָגן, אַז קיינער איז אין אַנשטאַלט ניטאָ. אַלץ אַזוי כיטרע מיט גוטינקע ריידעלעך.

די טעכנישע טוערן האָט פֿאַרשטייט זיך געטאָן אַזוי, ווי איר פֿאַרוואַלטער האָט באַפֿוילן, נאָר אין האַרצן האָט זי געטראָגן אַ קאַאַס אויף כאַסקינען. אַלע מאַנסביל זיינען גלייך. דאַכט זיך

אַזאַ מענטש, ווי איר פֿאַרוואַלטער, אַן אַרבעטער אַן אַרויסגערוקטער, אַ פּאַרטעיִשער, אַן ערלעכער, אַ באַרדאַאַס אַ מענטש זאָל זיך איינלוּבינקען אין אַזא צעקראָכן מיידל. ווי ווערט דאָס אים ניט מיעס. וואָס שווייגט די קעמערל. אַלע אָוונט, ניין איבער אַן אָוונט... שיידים וויסן וואָס... וואָס האָט ער דאָ געכאפּט.

אַ שטילינקער אַזאַ, נאָר פֿון שטילינקע דאַרף מען אַנטלויפֿן. שטילע וואַסער גראָבט טיף.

די געזונטע יאָר זאָל זי האָבן, וואָס זיין ווייב איז שענער און פֿולער איידער די מיידל זיינע, וועלכע קומט צו אים איבער אַן אָוונט. וואָס האָט ער אין איר דערזען? מער ניט, וואָס זי איז יונג... אַז זי קומט, טוט זיך אַף אים אָן אַ נייע הויט.

איינמאָל האָט דער פֿאַרוואַלטער פֿאַנאַנדערגעפּראַלט די טיר פֿון קאַבינעט און האָט אַריינגערופֿן זי, די טעכנישע טוערן. די מיידל איז אומגעגאַנגען איבערן צימער און האָט זיך געביינט און ער, אַ פֿאַנאַנדערגעשפּילעטער און אַ צוהיצטער, ווי אין מיטן זומער, איז מאַמעש געשפּרונגען פֿון דער הויט און געהאַלטן אין איין כאַזערן „באַסיע־ריסע, באַסיע־ריסע, באַסיע־ריסע“. און זי האָט אים אָנגעקוקט קלוימערשט באַשיידן, אַקוראַט ווי זי זעט אַ מאַנסביל אַן ערשטן מאָל, און אים פֿאַריכט: ניט באַסיע־ריסע, נאָר ביסעריסע, ביסעריסע.

— טייערע כאַווערטע, האָט זיך דער פֿאַרוואַלטער געווענדעט צו איר, צו דער טעכנישער טוערן: זייט אַזוי גוט און ברענגט מיר דעם פּאָרטפּעל פֿונדערהיים, דאָרט ליגט אַזאַ זאַך, וואָס איך דאַרף דאָס שוין האָבן... באַסיע־ריסע, באַסיע־ריסע, באַסיע־ריסע. ער ווערט צושמאָלצן פֿון גדולע, אַקוראַט ווי זי, די טעכנישע טוערן, זאָל אים שטערן זיך אַרומדרייען מיט דער אָפּגעשאָרענער קאָפּ. אים איז ווייניק דער קאַבינעט. ער וויל בלייבן אַליין אין גאַנצן אַנשטאַלט. אז זי וויל, קאָן זי דערציילן אַלץ דער ווייב זיינער, וועט זי אָנמאכן אַ כאַסענע.

נו, זאָלן זיי זיך צוקוקן פֿאַר איר אין די אויגן, זי וועט ניט ניספּאָעל, אלציינס ווייס זי פֿון אַלץ. טאָמער וועט באַסיע־ריסע אים אָנקלאָגן אין געריכט, וועט זי שווייגן, זי וועט ניט אויסזאָגן, זי וועט דערציילן פֿאַרן געריכט, אַז צום פֿאַרוואַלטער פֿלעגן אומגיין אַלערליי מענטשן, מאַנסבילן און פֿרויען, מאַלע וואָס מען גייט אום. זי וועט לייקענען, אַז באַסיע־ריסע איז צו אים אומגעגאַנגען, אַ מיצווע אַף איר: זאָל זי ניט קריכן. וואָס דען, זי ווייס ניט, די כצופּע, אַז איר פֿאַרוואַלטער האָט אַ ווייב מיט 2 קינדער?

די טעכנישע טוערן האָט געשוויגן ביז אַ צייט. איינמאָל האָט זי געגעבן אַ ווונק צו דער מאַשינִיסטקע גראַדע אין דעם מאָמענט, ווען די מיידל האָט אין טיר אָנגעקלאַפּט. די מאַשיניסטקע האָט געמוזט מוידע זיין, אַז די אַריינגעקומענע איז גראַדע אַ פֿיין מיידל, כאָטש אָנגעטאָן איז זי ניט איבעריקס. דער גאַנצער אַנשטאַלט האָט אַף מאָרגן שוין געוווּסט וועגן באַסיע־ריסען.

דער אוילעם איז אומגעגאַנגען אַנטוישט. דער אוילעם האָט ניט געקענט זען, ווי דער אַרבעטער נאַרט זיין פֿרוי און נוצט אויס דעם אַנשטאַלט און דעם קאַבינעט זיינעם, קעדיי צו שטילן די נידעריקסטע אינסטינקטן זיינע.

איינמאָל איז דאָס ווייב דעם פֿאַרוואַלטערס געקומען צו אים אין אַנשטאַלט. האָט איר געדראַפּט זען, ווי ער האָט זי אופּגענומען. מיילע, האָסט פֿיינט די ווייב, דו נאַרסט זי אָפּ אַזוי גראָב, טאָ זיי אָפּנהערציק. צו וואָס נאָך מולירן אַ מויעך. ער האָט זי אַוועקגעזעצט, האָט ארום איר אַרומגעטאַנצט, געוויצלט זיך מיט איר. דאָס איז נידערטרעכטיק און מיעס. דאָס וואָלט פּאַסטן פֿאַר אַ בורזשוי און ניט פֿאַר אַן אַרויסגערוקטן אַרבעטער אַלס פֿאַרוואַלטער פֿון אַ גרויסער בוי־קאָנטאָר.

אָרעמע פֿרוי! זי האָרעוועט אַף דער גאַנצער געזינד און ווייס נעבעך ניט, וואָס טוט זיך הינטער אירע פּלייצעס.

די מיידלעך און די ווייבלעך פֿון אנשטאלט האָבן די גאַנצע מאַיסע אויסגעטייטשט, ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג. ווי באַלד דו ביסט אזא וואָילער יאַט, איז וואָס זוכסטו פֿרויען פֿון דער זייט? און בא דיר אונטער דער נאָז אין אנשטאַלט האָסטו ניט געפֿונען קיין אינטערעסאנטערע פֿרויען? וואָס פֿעלט די געשעפֿטפֿירערן, דער געהילף־בוכהאַלטער און טאַקע דער סעקרעקאַר— אַ שיין מיידל מיט א פּאָר גרויסע, גראָע אויגן, אַזאַ שלאַנקע און אַן אינטערעסאַנטע?

קיינער וואָלט זיך ניט אָפּזאָגן פֿון דעם פֿאַרוואַלטער. ער איז אַ יונגער און א קרעפֿטיקער מאַנסביל.

אינאָוונט האָט די געשעפֿטפֿירערן מיטן סעקרעטאַר געשפּאַצירט אין גאַס.

— קום, האָט די געשעפֿטפֿירערן געזאָגט צו איר כאַווערטע מיר וועלן אַף א טשיקאַוועס א קוק טאָן, צי איז ליכטיק אין קאבינעט, אָדער פֿינצטער.

אין קאַבינעט איז געווען ליכטיק, דער גרינער אבאזשור האָט געשטאָכן די אויגן. אפֿן פֿענצטער האָבן ארומגעטאַנצט צוויי שאָטנס—דער שאָטן פֿונם פֿארוואלטער און פֿון זיין געליבטער. דאָס האָט געערגערט—זאָגט אייך וואָס איר ווילט.

דער גאנצער אַנשטאלט איז איבערגעגאַנגען אין אן אָנגריף— אַראָפּרייסן די מאסקע איינמאָל פֿאר אלעמאָל. אז דער אָרטקאָם האָט באַקומען אומזיסטע בילעטן, האָט די געשעפֿטפֿירערן אריינגעטראָגן כאסקינען... מיינט איר וויפֿל—3 בילעטן. דאָס איז אַ גוטער שטאָך.

— אָט איז אייך דריי בילעטן.

— איך דאַרף ניט קיין בילעטן, האָט דער פֿאַרוואַלטער געמאָלדן, איך האָב היינט קיין צייט ניט צוגיין אין טעאטער.

— אַהא, ער האָט מוירע זיך צו באווייזן פֿאר מענטשן, ער האָט מוירע פֿאַר דער ווייב.

איינמאָל איז די מאשיניסטקע געקומען גאנץ פֿרי דרוקן די וואנטצייטונג. איז זי צוגעגאַנגען צו דער טעכנישער טוערן הערן נייס.

— איר קענט מיר אָפּגעבן מאַזלטאָוו, האָט געזאָגט די טעכנישע טוערן, דער כאווער כאסקין האָט צוגעגעבן זיין מיידל א נייעם נאָמען—פּי־פּי. אומגעשפּרונגען, ווי א מעשוגענער איבערן קאבינעט און געהאלטן אין איין כאזערן פּי־פּי, פּי־פּי, פּי־פּי.

דאָס איז געווען אַ סענסאַציע. דער נייער נאָמען איז אריבער פֿון מויל צו מויל, און דער פּאָעס פֿון דער וואַנטצייטונג האָט טאַקע באַ דער ארבעט גופֿע צונויפֿגעשטעלט א לידל, אָפּגעדרוקט זי און איבערגעגעבן דער רעדקאָלעגיע. אָט איז זי:

באסיע ריסע, באסיע ריסע
איז אַ מיידעלע א פֿייער,
נאָר, כאַווײרים, צייט צו וויסן,
אַז עלעקטריע איז טייער.

זיצן זיי אין קאבינעט
אלע אָוונט זייער שפּעט.
באסיע-ריסע פּי-פּי, פּי-פּי
קום שוין בעסער אינדערפֿרי.

אַ נאָדל אין זאַק וועסטו ניט באהאלטן, עס האָט געוואָרפֿן אַן אויג אַף דעם פֿאַרוואַלטער דאָס קעמערל, עס האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן, אַז דער מענטש איז אריין מיטן קאָפּ אין דער מיעסער געשיכטע. דער פֿאַרוואַלטער האָט שוין אַ פּאָר מאָל דורכגעלאָזן זיצונגען פֿון פֿראַקציעס.

אף א זיצונג פֿון ספּעציאַליסטן, טעכניקער און בוי-אינזשענערן אינם שכיינעסן צימער האָט מען געדאַרפֿט באהאנדלען וויכטיקע פֿראַגן, וואָס נאָר דערפֿאַרענע און געניטע ספּעצן קענען זיך וועגן דעם ארויסזאָגן. האָט מען געוואַרט אַפֿן פֿאַרוואַלטער. די אומפּאַרטעיִשע ספּעציאַליסטן זיינען געזעסן און געמאָלט מענטשעלעך אַפֿן טיש און האָבן זיך בייז געוויצלט. איינער פֿון זיי האָט געזאָגט:

— אָט איז אייך א מוסטער פֿון איבערגעבוירט, צי אַף דעם רוקט מען ארויס אַרבעטער? אַף וואָס א מענטש פּאַטערט צייט. דער אַמהאָרעץ,—ער מיט זיין מיידל.

דער צווייטער ספּעץ האָט זיך איינגעשטעלט:

— כאסקין האָט אָנגעהויבן בעסער באנעמען די טאַבעלן, דיאַגראַמען און צייכענונגען.

ער מיט זיין מיידל זיינען ארויס פֿון קאבינעט. זיי האָבן זיך נאַריש צווענגט, זי אביסל שעמעוודיק.

— איבערמאָרגן? האָט די מיידל געפֿרעגט.

— איבערמאָרגן וועל איך זיין פֿאַרנומען, בעסער איבער איבערמאָרגן.

— און מיר וואַרטן אף אייך, כאַוועך, האָט איינער בייזלעך באַמערקט.

כאַסקין האָט א קוק געגעבן אַף זיין זייגער און האָט באוויזן, אַז ער איז געקומען צו דער צייט, אויב זיין זייגער שטייט ניט אָפּ.

מיילע, איז מען צוגעטראָטן צו דער זיצונג.

קעדאַי מיט אזא נעפּעש צו האָבן אַן אייסעק. לערנען אים, דערקלערן אים אַלץ אַף דיאַגראַמען, וואַרטן אַף אים.

דער פֿאַרוואַלטער האָט זיך אַזוי אַריינגעטאָן אין באַסיע-ריסען, אז ער האָט אפֿילע ניט באמערקט די וואַנטצייטונג. פֿאַרבייגעגאַנגען דעם קאָרידאָר, ווו די צייטונג הענגט, הונדערט מאָל און איינמאָל זיך ניט אָפּגעשטעלט אפֿילע. אז מען איז פֿאַרקאָכט אין א מיידל, זעט מען ניט, וואָס עס טוט זיך אונטער דער נאָז. די רעדקאָלעגיע האָט אבער אויך ניט געשוויגן. זי האָט באשלאָסן אַף דער ערשטער פֿאַרזאַמלונג עפֿענען די קאָרטן. און טאָמער וועט דער פֿאַרוואַלטער ניט קומען אַף דער פֿאַרזאַמלונג איז נאָך בעסער. דאַן וועלן שוין אלע אָנגעשטעלטע זען, צו וואָס פֿאַר מיעסן סאָף עס האָט זיך דערקייקלט דער פֿאַרוואַלטער זייערער.

נאָר דער פֿאַרוואַלטער איז גראַדע געקומען. ער איז געזעסן אַן איינגעגראָבענער, האָט מיט קיינעם ניט גערעט.

דער רעדאַקטער האָט אָנגעהויבן גאַנץ דייטלעך:

— איר פֿאָדערט, האָט ער אָנגעהויבן, אז די צייטונג זאָל זיין אַ גוטע צייטונג, דאָס איז אומעגלעך. אָט האָט אונדזער פּאָעט אָנגעשריבן שיינע גראַמען וועגן עקאָנאָמיע-רעזשים, ער ווייזט דאָרט אָן גאַנץ דייטלעך, אַז זיצן גאַנצענע נעכט אַ פֿאַרשפּאַרטער אין קאַבינעט קאָסט געלט. עלעקטריע קאָסט געלט דערפֿאַר, ווייל ניט פּי-פּי און ניט אונדזער פֿאַרוואַלטער וואַרפֿן פֿון זיך ליכט-שטראַלן. גיכער וואַרפֿן זיי פֿון זיך שאָטנס, וואָס לייגן זיך אַפֿן גאַנצן אַנשטאַלט, און פֿונדעסטוועגן האָט אונדזער פֿאַרוואַלטער אָנגענומען אַ פֿולן מויל מיט וואַסער און שוויגט.

דער פֿאַרוואַלטער האָט געבעטן אַ וואָרט, אַלע אף דער פֿאַרזאַמלונג האָבן זיך אָנגעשטרענגט. עס איז געוואָרן שטיל.

—כאַווײרים, האָט ער אָנגעהויבן. איך פֿאַרשטיי ניט, וואָס וויל פֿון מיר האָבן די וואַנטצייטונג. זאָל זי ריידן קלאָרע רייד. אויב איר רעכנט, אז איך דאַרף באצאָלן פֿאַר די עלעקטרישע ליכט, מיט וועלכע איך באַנוץ זיך, קאָן איך באצאָלן. זאָל דער רעדאַקטער צושטעלן אַ רעכענונג. אָבער וועגן וואָס פֿאַר א באסיע ריסע רעט איר. פּי-פּי, וואָס פֿאַר א פּי-פּי.

אַלע האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט.

ער האָט געמאַכט אַזאַ אָנשטעל, ווי דער גרעסטער אַרטיסט, ווי ניט אים מיינט מען.

— איך פֿאָדער מען זאָל מיר זאָגן אָפֿן און קלאָר, וואָס פֿאר אַ באַסיע-ריסע און וואָס פֿאַר אַ פּי-פּי,—האָט כאסקין איבערגעכאַזערט און אלע האָבן זיך נאָך הילכיקער צעלאַכט.

עס האָט געלאכט די טעכנישע טורען, די מאשיניסטקע, דער סעקרעטאַר, די ספּעצן, דער בוכהאלטער,—אַלע האָבן געלאַכט.

— אַ וואָרט באקומט די טעכנישע טורען, האָט געמאָלדן דער רעדאַקטער: איר קאָנט ריידן, כאַווערטע, גאָר אָפֿן, שרעקט זיך ניט: פֿאַר זעלבסטקריטיק קומט גאָר נישט.

די טעכנישע טורען האָט זיך פֿריער דערשראָקן און דערנאָך האָט זי אַרויסגעזאָגט זיך קורץ און דייטלעך:

— פֿריער האָט דער כ׳ פֿאַרוואַלטער זי אָנגערופֿן באסיע-ריסע און אָביסל שפּעטער פּי-פּי.

מער האָט די פֿאַרזאמלונג ניט געדאַרפֿט. דער פֿאַרוואַלטער איז געשטאַנען, ווי א געליימטער און האָט ניט געוווסט ווי אַרויסצודרייען זיך.

— כאַווערטע, וואָס פּלאַפּלט איר, איז דער פֿאַרוואַלטער געוואָרן שטאַרק אין קאַעס.

די טעכנישע טוערן איז אָבער אויך געווען אַן אָנגעכאַפּטע. ווײַבאלד, אַז ער זידלט זיך, וועט זי אים ווייזן. האָט זי באלד געענטפֿערט:

— איך געדענקט ניט, כאַוועה, אז איר האָט מיר איינמאָל געשיקט נאָכן פּאָרטפֿעל, האָט איר זיך אומגעהאָטשקעט איבערן קאַבינעט און האָט זיך געליובינקעט:

— באסיע־ריסע, באסיע־ריסע. געכאַזוערט צי ניט און דערנאָך פּי־פּי, פּי־פּי, פּיפּינקע... אַפֿילע בא דער ארבעט האָט איר פּיפּינקען פֿון מויל ניט ארויסגעלאָזן.

די גאַנצע פֿאַרזאַמלונג האָט זיך געקייקלט איבער די בענק.

— ווי האָב איך געזאָגט, האָט דער פֿאַרוואַלטער איבערגעפֿרעגט אַ צוטומלטער.

— באסיע־ריסע פּיפּינקע.

דאַן האָט די גאַנצע פֿאַרזאַמלונג דערהערט אַ היסטערישן פֿרויען־געלעכטער אַף דער הינטערשטער באנק. ווער מיינט איר האָט זיך דאָס אזוי היסטעריש צעלאַכט? באסיע־ריסע פּיפּינקע אַליין. דער געלעכטער האָט איר געשטיקט, האָט זי באהאלטן איר פּאָנים אין איר שאָכנס מאַנסבילשן פּאַלטאָ. די גאַנצע פֿאַרזאַמלונגען האָט געוואַרט מיט וואָס ווען זיך עס אַלץ ענדיקן.

פּי־פּי באסיע־ריסע איז ארויף אַפֿן טריבונע און האָט געזאָגט:

— פֿריער איז געווען באסיע ריסע, דערנאָך פּי־פּי און איצט סטערע־מערע.

די פֿאַרזאמלונג האָט אַ וואָרט ניט פֿארשטאַנען. נאָר דאָס איז געווען קלאָר פֿאַר אלעמען, אַז באסיע־ריסע איז ניט אבי ווער, אז דאָס איז אזא מיידל, וואָס קאָן פֿאַרדרייען דעם קאָפּ.

זי איז געשטאַנען אַזוי שטאָלץ און גראַציעז און אין דערזעלבער צייט אזוי רויִק. אזוי גייט אַרויס פֿאַרן אוילעם אַ באַליבטע זינגערן, וואָס ווייס, אז די אַודיטאָריע וואַרט אף איר מיט אומגעדולד.

— מישע,—האָט זי זיך געווענדעט צו איר שאָכן, לעבן וועלכן זי איז געזעסן: דערלאַנג מיר די העפֿט.

צו דער טריבונע איז צוגעגאַנגען א יונגער באָכער אַסאַך אַ ייִנגערער איידער באסקין און צוגעטראָגן אַ דיק העפֿט. און האָט זיך מיט אַן איינגעהאלטענעם שמייכל אומגעקערט אף זיין אָרט.

— פֿריער איז געווען באסיע־ריסע, דערנאָך פּי־פּי און איצט סטערע־מערע, האָט איבערגעכאַזערט באַסיע־ריסיע בא אַ נייגעריקן שווייגן פֿון דער גאַנצער פֿאַרזאמלונג. באסיע־ריסע האָט געשוויגן אַ ווײַלע, ארומגעקוקט דעם אוילעם, אָפּגעשטעלט איר בליק אַף די צוויי אינזשענערן און געמאָלדן:

— ניט באסיע־ריסע, נאָר ביסעקטריסע. ניט פּי־פּי, פּיפּינקע, נאָר פּי, פּאָשעט פּי, ניט סטערע־מערע—סטערעאָמעטריע און אָט איז אייך, כאַוויירים די העפֿט... כאַווער אינזשענער, אייער פֿאַרוואַלטער קומט האַיאָר אָן אין בוי־טעכניקום. בא מיר האָט ער שוין דעם עקזאמען אויסגעהאלטן. אָט זיינען זיינע אויפֿגאַבן, כאַווער אינזשענער, ער האָט פֿאַרן ווינטער גוט באוויזן, כאַווײַרים...

די טעכנישע טוערן האָט ניט זיכער זיך אַ שטעל געטאָן און האָט געמאָלדן, אַז זי אַליין האָט געזען—איז פֿאַרשפּאָרט צו ריידן, און פּיפּינקעס גלאַטע צינגל וועט דאָ ניט העלפֿן.

די צוויי אינזשענערן האָבן זיך איבערגעקוקט און איינער האָט באַמערקט:

— איצט זעסטו שוין?

און פּי־פּי אַליין איז אַראָפּ פֿון בינע, און די גאַנצע פֿאַרזאמלונג האָט זיך ניט געפֿונען און האָט ניט געקאָנט באַשטימען, צי מען דאַרף דאָ פּאַטשן בראַוואָ צי ניט, ביז אַן אַרבקאָר פֿון דער וואַנטצייטונג האָט איבערגעריסן מיט די ווערטער:

— די רעדקאָלעגיע באַגריסט דעם פֿאַרוואַלטער, נאָר אַף עספּעראַנטאָ־לאָשן דאַרף מען ניט ריידן.

אַלע האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט, צוויי דריי האבן אַפּלאָדירט.

אַזוי האָט זיך פֿאַרענדיקט די געשיכטע מיט באַסיע ריסיע פּיפּינקע.

ש. האַלקין.

# א י י פ ע ר.

1

אויב נאָר פֿון ווענט,
אויב פֿון ווענט און דאַך עס ווענדט זיִך,
אַז הערצער צוויי,
אַז הערצער ווילד-פֿאַרשיידענע,
זאָלן פֿיִבערן
מיִט פֿיִבער ערשטן און אומענדלעכן,—
איִז יעדער שאָ,
איִז יעדער רעגע מיִר דערווידער.

און ס'טוט מיִר באַנג,
וואָס ניִט אַ בוים
זיִך אָנגעגאָסן האָט מיִט ערשטע, פֿריִליִנגדיִקע בליִטן;
און ס'טוט מיִר באַנג,
וואָס שענסטן טרוים
האָט ברודיִק בלוט פֿאַרביִטן.

און ס'גיִנט דאָס האַרץ
דער וויִסטער פּאָר:
ניט אופֿגייען,
ניִט אופֿציִען קיין דאָר;
און ס'גיִט דאָס האַרץ
דעם מאַן,
דער ווייב,
זיי צווייען,—
אַז ס'זאָל אַ ווינט
דעם זיי
דעם וויִלדן
וויִסט
פֿאַרווייען.

. . . . . . . . . . . . . .

כ'האָב ליִב די שאָ,
ווען האַרץ ביִז בלוט זיִך פייניִקט,
די שאָ, ווען קאָפּ זיִך נויגט
כ'האָב ליִב זי צווייפֿאַך;
פֿאַרגיב מיר, נאַכט
דעם טשאַד—
דעם מענטשלעכן, דעם גרעבסטן טאַינעג,
פֿאַרגיִב מיִר, טאָג
מיין ניכטערן,
מיין קלאָרן
אייפער.

2

פֿריי זיִך קיִנד, וואָס ביִסט געבאָרן
אָן ניִסיונעס און אָן פּכאָדים—
ערשט ניִט לאַנג דאָ, פֿאַראַיאָרן,
האָב איִך אָפּגעהאַקט דעם פֿאָדעם.

איינגעוועבט אין האַרץ איִז
דיִנער פֿאָדעם... טיִף פֿאַרקניִפּט דאָרט;
איִצט איִך טאָר ניִט, איִצט איִך קען ניִט
קיינזאַך ברענגען פֿאַר די ליִפּן.

אויסגעוואָרצלט, אָפּגעריסן—
זאָל ניִט ווי טאָן זאָל ניט בלייבן;
כ'וועל מיין טיר אַף פֿעסט פֿאַרשליִסן—
וועט ער קומען—וועל איִך טרייבן.

וועל איִך בעטן, וויִ אַ פֿרעמדן,
וויִ אַ ליִבן—זאָל ער שוינען:
— ווו דו וויִלסט אַצינדער ווענד זיִך—
היִפֿער איִבער אונדזער וואָינונג.

זוך דאָ ניט קיין דיינס, קיין ענלעכס,
ס'האָט אַ ברוינער פֿלעק פֿאַרדעקט אַלץ;
ניט געשען איִז אומגעוויינלעכס—
ס'זאָל דערנאָך באַנאַכט ניִט שרעקן.

ס'זאָל דערנאָך אָ יעדער שמייכל,
יעדער ריִר און נויג פֿון ברעמען,
פֿאַר אַ קינד ניט זיין קיין צייכן—
ס'זאָל זיין מוטער ניט פֿאַרשעמען.

גיי בעזונטערהייט דיין וועג זיך,
לאָז צו רו, ניט שטער דאָס גליק אונדז;
ס'האָט אַ ווינט פֿאַרווייט די וועגן,
און פֿאַרברענט שוין אַלע בריקן.

לאָז צו רו, ניט וועק קיין ווונדן,
זאָל אַ שטיין דעם וועג דיר צאַמען—
זאָל אַ קינד זיך זיין פֿאַרבונדן
מיט אַ טאַטן, מיט אַ מאַמען.

פֿריי זיך, קינד, וואָס ביסט געבאָרן
אָן ניסיונעס און אָן פכאָדים—
ערשט ניט לאַנג דאָ, פֿאַראַיאָרן,
האָב איך אָפּגעהאַקט דעם פֿאָדעם.

3

זאָגסט—דו ווילסט ניט,
זאָגסט—מע דאַרף ניט,
אַזוי איז גרינגער,
אַזוי איז בעסער—
וועסט ניט זען—וועסטו פֿאַרגעסן,
עפּשער וועט דיר פֿאָרט געלינגען—
וועסטו ניט זען—וועסטו פֿאַרגעסן.

האָסט געזען אַמאָל אין כאָלעם,
ווי ס'גייען שיפֿן זיך פֿאַנאַנדער?—
אַלע גלייך—און אַלע אַנדערש,
און אין יאַם, אין טיפֿסטע טיפֿן,
וו דאָס וואַסער בלאָ ווי שטאָל איז—
ליגן שיפֿן, ריזן—שיפֿן,
רופֿן אויס פֿון יאָרן וואַנדער...
האָסט געזען אַמאָל אין כאָלעם,
ווי ס'גייען שיפֿן זיך פֿאַנאַנדער?

לאָז דיין שיף זיך גיין איר וועג איצט,
זאָל זי ניין איר גאַנג באַשערטן;
בלאָע וועלן וועלן יאָגן,
בלאָע וועלן וועלן טראָגן
און דיין שיף אין ערגעץ ברענגען,
און דיין שיף אין ערגעץ וואַרפֿן . .

. . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

זאָגסט--דו ווילסט ניט,
זאָגסט—מע דאַרף ניט...

.4

כ'ווייס ניט, צי וועסט קומען,
און עפּשער ביסטו דאָ שוין —
גין און גאָלד פֿון זומער
איז שוין אויסגעלאָשן.

און אַוועק א האַרבסט איז,
און נאָך אים א ווינטער —
וויפֿל שווערע לאַסטן
זיינען שוין אַ הינטער!

וויפֿל טיפֿע לײדן
האָבן אויסגעלעבט זיך! —
כ'קאָן זיך אלץ ניט שיידן
מיט די גינען-נעצן.

איך קאָן אלץ ניט אַוועקגיין
בלינדערהייט פֿונדאַנען —
ערגעץ אף די וועגן
ביסטו נאָך פֿאַראַנען.

ערגעץ ביסט פֿאַראַן דאָ,
נאָר איך קען ניט זען דיך;
עפּשער ביסטו אַנדערש?
עפּשער זיך געענדערט?

ניט אַזוינע קרויזן,
ניט אַזוינע זיידנס —
עפּשער גיט זיך אויס נאָר
מיר אַזוינס פֿונווייטנס.

כ'ווייס ניט, צי וועסט קומען
און עפּשער ביסטו דאָ שוין —
גין און גאָלד פֿון זומער
האָט זיך אויסגעלאָשן.

5

בלויע אויגן—אויגן קלאָרע,
בלויע אויגן—אויגן טיפֿע—
כ'קוק זיך איין, ווי ערשט געבאָרן
ערשטן בלוי, ווי ס'וואָלט באַגריפֿן.

וויפֿל פֿאַרבן ס'איז פֿאַראַן דאָ—
שענסטע פֿאַרב פֿון רעגנבויגן!—
שענער זיינען דיינע אויגן,
בלויע שפיל מיט ווייסע ראַנדן.

ס׳קאָן אַזוינס באַצווינגען יעדן,
ס׳קאָן אַזוינס פֿאַרפֿירן ווערמען
אָט אַזוינע דינע ברעמען,
אָט אַזוינע זיידן-פֿעדים.

כ׳מוז אַוועק—מיך וואַרט מיין וואָינונג,
יעדעס גליק זיך קירצט, זיך ענדיקט—
וואָיל צו דעם, וואָס קאָן זיך ווענדן
יעדן טאָג צו בלוי אַזוינעם.

בלויע אויגן—אויגן קלאָרע,
בלויע אויגן—אויגן טיפֿע—
כ׳קוק זיך איין, ווי ערשט געבאָרן,
ערשטן בלוי, ווי כ׳וואָלט באַגריפֿן.

* * *

# ר ו.

זונטיק איז אַ רו-טאָג
וויל איך רו געניסן,
נאָר דאָס האַרץ זיך בלוטיקט,
ס׳בלוטיקט דער געוויסן.

געזען איך האָב ערשט נעכטן,
נאָר איך ווייס פֿון לאַנג דאָס:
ארבעטלאָזע פֿלעכטן
ווערסטיקע פֿאַלאַנגעס.

רינג און רינג — אַ קייט איז,
און די קייט מיך פענטעט:
צו איינעם, צו א צווייטן—
און קיינער ניט קיין ענטפֿער.

אַלע ריידן, ציינן,
אַלע זוכן גרונטן—
כ׳קאָן אַלץ ניט פֿאַרבייגיין
אָט די רו פֿון זונטיק.

עפעס שטערט זי גיין מיר,
עפעס ווי א שטרויכלונג—
אָט די רו געהיימע
פֿון ניט אויסגענוצטע קויכעס.

מיט וואָס זיי איצט באצווינגען?
מיט וואָס זיי איצט פֿארנעמען?
אַז ס׳זאָלן אָט די רינגען
פֿאַר רו-טעג זיך ניט שעמען.

אַז ס׳זאָלן אָט די מענגען,
אָט די גרויסע איידע —
נאָך אָפרו זיך פֿאַרבענקען
ווי עס בענקס אַ האַרץ, נאָך פֿריידן...

ווען וועלן געפֿינען
יעדערער זיין ארבעט:
אַ שפינער צו א שפינער,
אַ גאַרבער צו א גאַרבער.

ווען וועלן ניט בלייבן
אָט די טעג די שווערע —
ווען וועלן שוין לייבער
אָפרוען זיך גערן.

זונטיק איז אַ רו-טאָג —
וויל איך רו געניסן,
נאָר דאָס האַרץ זיך בלוטיקט,
ס׳בלוטיקט דער געוויסן.

מ. ליפשיץ.

# ציקל „ראָכל“.

I

ס׳טראָגט מיין שוועסטער דעמזעלבּיקן נאָמען,
מיין שוועסטער איז הויך און איז שלאַנק.
און ווי ס׳יאָגן פון טייכן די שטראָמען,
יאָגט הייס פון איר האַרץ דאָס געזאַנג.

און פון נאַכט זיינען שוואַרצער די לאָקן,
וואָס רינגלען מיין שוועסטער דעם קאָפּ,
ווען ס׳קוקט די לעוואָנע דערשראָקן,
ווי אַ האָז, פון די וואָלקנס אַראָפּ.

און אַ בליק אויף אַזאַ איז מיין שוועסטער,
אין טונקעלע אויגן געשענקט,
זיי קוקן ווי פייגלעך פון נעסטן,
ווען דער ווינטער ווערט האַסטיק צעשווענקט.

און ווי אָדלערס, וואָס האָבן צעבראָכן
דעם שטייג, איז איר קער, איז איר שווינד.
יענער נאָמען איז אויך געווען ראָכל,
דער נאָמען, וואָס איך היט אַצינד.

II

אונטער האַרץ האָט די מוטער געטראָגן,
מיט דער האַרץ האָט די מוטער געזויגט,
ס׳האָט געבראַכט דיך אַ הילצערנער וואָגן,
ווען דעם קאָפּ האָט די מוטער גענויגט.

און מיט דיר האָט נאָך פינפען די מוטער,
געלייגט אַפן אויביקן אָרט.
אָ וויי צו דעם, וועמעס געבורטן,
ס׳שטאַרבן פריער פון דעם, וואָס געבורט.

זעקס קינדער, זעקס מייסים, זעקס קוואָרים,
זעקס בערגלעך מיט טונקעלן זאַמד,
און די זון האָט אַ שטילע און קלאָרע,
פאַר אָפּגאַנג גענויגט זיך צום ראַנד.

און צוריק האָבן שטילער די רעדער,
געלאָזט זיך פון הינטערן פלויט.
— — — — — — — — — — — —
ווי די בלעטער פון האַרבסטיקע סעדער,
פאַרשווינדט אַלץ, פאַרשווינדט און פאַרגייט.

III

די מיטלסטע ביסט צווישן ברידער,
אַ טייערע שוועסטער געווען,
און דיין קייווער איז אויך אינם מיטן
קעגן ליכטיקן מאַירעוו געווענדט.

נאָענט לעם דיר ליגט מיין מומע,
פאַרשניטן פון מערדערס אַ קויל,
און אַרום וואַקסן טאָפּאָלן שטומע,
און סאָסנעס צעוויגן זיך פויל.

און נעענטער ליגט נאָך דיין ברודער,
דיין ברודער, מיין נאָענטער פריינט.
מיר דוכט, כ׳זע ווי מעסער נאָך שיינט,
אין דער האַנט פון דעם מערדער פאַרבלוטיקט.

נאָר אַרום זיינען רויקע קוואָרים,
מיט בערגלעך פון טונקעלן זאַמד,
און די זון אַזאַ שטילע און קלאָרע,
נויגט זיך פאַר אָפּגאַנג צום ראַנד.

IV

אַ טאָפּאָל וואַקסט איצט אַף דיין קייווער,
שלאַנק, ווי דו ביסט געווען אַמאָל,
אין זיין רויש דוכט זיך הער איך דיין קאָל,
דיין קאָל, וואָס איז אַלעמען גויווער.

און מיט ליבע ווערט פול מיין נעשאָמע,
ווען פון בלעטלעך דער טונקעלער מעש
דערטראָגט מיר אין קלאַנגען דיין נאָמען
און זאָגט מיר: פאַרגעס שוין, פאַרגעס.

אָ, ווי קען איך, ווי קען איך פאַרגעסן,
אַפילע ס׳זאָל זיין דיין געבעט,
כ׳שטיי דאָ אָפּט ביז די שטראַלן זיך לעשן,
און די זון גייט אין ווייטן אַוועק.

עפּשער וואַקסן די צווייגן פון טאָפּאָל
פון טיף פון דער ברוסט דיינער אויס,
זיין וווקס איז נאָך יונג און ניט גרויס.
און ס׳פאַרהילט נאָך דיין קייווער זיין שאָטן.

כ׳האָב אַ צווייגל פון בוים אָפּגעבראָכן
אַ דינעם אַ טאָפּאָלשן רוט,
און דייטלעך דערהערט כ׳האָב און גוט
דיין נאָמען, דעם נאָמען פון ראָכל.

י. ראַבין.

# אין געזאַלצענעם יאַם.

(ראָמאַן, 1-טער טייל)

1

## כאַווער איליאַ.

גרויע אויגן האָט כאַווער איליאַ אַף דער זון, גרויע און אומרויִקע, נאָר אין שאָטן און אין טעג אָן זון זיינען אויגן בײַ אים טונקעלע, קאַרע, און דורך די ברילן מיט געשליפֿענע פֿירקאַנטיקע גלעזולעך זעען זיי אויס ווי שפּרינגענדיקע פֿייערלעך. אַז די אויגן זיינען אַף דער זון בײַ אים גרוי און פֿייערלעך שפּרינגענדיקע אין טעג, ווען זון איז אַן אויסגעלאָשענער און אָפּגעקילטער אויוון, האָט די ערשטע דערזען זיין ווייב. איצט לויפֿט זי אין די שטאָטישע שטילע פֿאַבריען צו דער ברייטער הויפּט-גאַס מיט צייטונגען, וועלכע שרייען פֿון זיך אַרויס נייס און געשעעניִשן און בעטן אַ האַרטן זעקסער פֿאַר דעם. זי איז אָבער אַמאָל ניט קיין ווייב זיינע געווען, נאָר אַ קאַלע.

עס איז געווען פֿעלד און טיפֿער גראָז און אַן איִנמיטן האַלבער טאָג האָט טרוקן און הייס אַ גאָלדענעם קאָפּ האָר צעשאָטן איבער פֿעלד, איבער גראָז, איבער זון. ער איז געווען יונג און נאָך קיין ברילן ניט געטראָגן, זי איז נאָך ייִנגער געווען און אים ליב געהאַט. פֿון אַנטקעגן האָט דער וואַלד געדיכטן סמאָלע געטריבן פֿון די בוימער, די לופֿט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט דער פעכיקייט פֿון דער סמאָלע און זיך געלייגט אין טיפֿן גראָז, וווּ ביידע זיינען געלעגן און וווּ זי איז מיט אַ האַלבער שאָ צוריק זיינע אַ ווייב געוואָרן.

ער איז געלעגן מיט א זאַטן און פֿוילן פּאָנים און מיט פֿאַרזשמורעטע אויגן זיך געוואַרעמט אַף דער זון און זי האָט זיך נעענטער צו אים גערוקט און געוואָלט זיך צוקלעפּן צו אים און פּלוצלונג געזאָגט:

— גרויע אויגן! גרויע אויגן בײַ דיר, איליאַ! און איך האָב געמיינט שוואַרצע.

האָט עס איר פֿאַרדראָסן און זי האָט אויפֿגעהויבן איר קאָפּ צו דער זון. האָט ער גרויע אויגן? זי האָט שוין איצט געקוקט נאָר אַף די ברעמען—געדיכטע שטרענגע ברעמען.

ציִ איז ער מיִד, ציִ אין קאַעס? זי האָט זיך ניט געקענט פֿאַנאַנדערקלייבן אין דעם. געשוויגן האָט זי און זיך פֿאַרטראַכט. אומדערוואַרט און ניט ווילנדיק, מיט בליקן צום וואַלד האָט זי געפֿרעגט:

— איליאַ, האָסט מיך טאַקע ליב?

האָט זי פֿאַרהערט זיין ענטפֿער און ס'קאָן זיין אויך, אַז ער האָט גאָר ניט געענטפֿערט, נאָר זיך אויסגעצויגן, אָפּגעגענעצט און זיך אויפֿהויבנדיק געזאָגט:

האַידאַ אַהיים! איך האָב נאָך היינט אַ זיצונג.

גייענדיק צוריק דורך פֿעלד און דורך וואַלד און שטאָטישע אָנגעבערנטע גאַסן האָט זי געטראַכט, אַז זי די ערשטע האָט היינט דעם ערשטן מאָל דערזען, אַז ער האָט גרויע אויגן.

איז עס געווען דאַן, ווען ער איז אַ שטעפּער געווען און זי אַן איינבינדערן, ווען כאַווײרים האָבן אים גערופֿן עלי און נאָר זי די איינציקע—איליאַ. איצט רופֿן אים שוין אַלע—איליאַ. ברילן טראָגט ער מיט פֿירקאַנטיקע גלעזולעך און איז ווי אַן אויסלענדער אָנגעטאָן. אין שטאָט איז ער אַ צוריקגעקומענער פֿון בערלין צי פֿון זשענעווע. אין יאָר טויזנט ניין הונדערט זעקס איז ער מיט נאָך אַנדערע מיטן פֿאַרלאַנג צו זען וועלט און אַף אָפּציִען פֿון זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער פּאָליציי געלאָפֿן אין אויסלאַנד. איצט איז ער ווידער אין דער אַלטער שטאָט און איז ווידער אַ טוער אין בונדישן קאָמיטעט. און צוליב זיינע הויכע און ברייטע פּלייצעס, צוליב די אויגן, וואָס זיינען אַף דער זון גרוי און אין שאָטן טונקל, מיט שוואַרצע געדיכטע ברעמען, שלעפּן אים אַלע פֿאַריינען אַף דערקלערן אַ שטרייק, אַף פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט באַלעבאַטים. דאָס ווייב פֿאַרקויפֿט צייטונגען. די קינדער לויפֿן איר נאָך אַף דער גאַס, זי רופֿט זיי איינציקווייז צו, ווישט זיי די נעזולעך אָפּ און טרייבט זיי צוריק אַהיים. אָבער די קינדער איז אַסאַך פֿריילעכער צו זיין אַף דער גאַס, נאָכלויפֿן דער מאַמען און העלפֿן אויסשרייען נייס.

און דערצו איז איצט מילכאָמע.

האַלב פוילן ווערט שוין באַטראָטן מיט דייטשישע שטיוול. שטאָטישע גאַסן זיינען מיט מיליטער פֿול, שטאָטישע הייזער מיט שפּיטאָלן. פֿון שטעט און שטעטלעך קומען היימלאָזע און פֿון פֿראָנט קומען נייסן: טויזנטער און טויזנטער געפֿאַנגענע זיינען גענומען, דייטשן בעטן שאָלעם. האָט עפּעס עמיצער דידאָזיקע ידיעס געכעשבנט און מיט אַ שמייכל אין די וואָנצן געפֿרעגט.

— ווער איז דאָרט געבליבן אַף בעטן שאָלעם?

— וואָס הייסט?

— וואָס הייסט! אַז די צאָל געפֿאַנגענע, וואָס די רוסישע צייטונגען נעמען, איז ניט נאָר גרעסער פֿאַר דער דייטשער אַרמיי, נאָר פֿאַר דער דייטשער באַפֿעלקערונג, פֿרעג איך דאָך, ווער איז דאָרט געבליבן אַף בעטן שאָלעם?

קיינער האָט ניט געוווּסט פֿון ווערמען דאָס שטאַמט, נאָר וויל איליאַן געפֿעלט עס און וויל ער דערציילט עס אַלעמען, זאָגט מען, אַז דאָס שטאַמט פֿון אים. איז ער, איליאַ, צופֿרידן, וואָס מע טיילט אים מיט דעם אויס, עפּעס פֿילט ער דאַן, אַז ער ווערט ברייטער און וואָגיקער, ווייל אין אים איז עפּעס פֿאַראַן אַזוינס, וואָס פֿאָדערט, אַז ער זאָל בײַ מענטשן קאָנטיק זיין און

מיט מענטשן זיין צוזאַמען, איבערהויפּט מיט מענטשן צוזאַמען. איז איצט פֿילט ער עס מיט צופֿרידנקייט. אַף דער אַלטער אייזערנער בעטל, וואָס האָט אַמאָל העלן לאַק געהאַט און וואָס איז שוין לאַנג פֿון ווייס פֿאַרשיידנפֿאַרביק געוואָרן, וואַלגערט זיך איליאַ ביז שפּעט אין טאָג אַריין. אַז ער שטייט אויף זוכט ער דעם אָנבייסן, וואָס דאָס ווייב האָט אים פֿאַרגרייט, און אַז ער געפֿינט, געפֿעלט עס אים ניט, איז ער דאַן ברויגעז און אומצופֿרידן... אָבער ער עסט. נאָכדעם גייט ער צום ווייב קויפֿן אַ צייטונג, זיין צייטונג באַקומט ער אָן געלט אָבער אַף רעשט וואַרט ער. ער ציילט דאָס רעשט ערנסט און פֿאָרשנדיק און פֿאַרטראַכט זיך אַף אַ ווײַלע.

— מאַדאַם, איך האָב אייך געגעבן פֿופֿציק קאָפּיקעס.

זאָגט זי פֿון אָנפֿאַנג:

— איר האָט אַ טאָעס מיין הער... נאָר ווייל ער טרעט ניט אָפּ, ווייל ער קוקט נאָך פֿאָרשנדיק און ערנסט, רעט זי שטיל און פֿאַרביסן — פֿאַרלייג מיטן קאָפּ, פֿינפֿונצוואַנציק קאָפּיקעס וועט דיר ניט קלעקן אַף פּאַפּיראָסן... ווער איז דיך מעכויעוו אויסצוהאַלטן... צי די קינדער אַף מילך, צי כאָליען דיך מיט געלט, אַוועק פֿונדאַנען, איך וועל מאכן אַ סקאַנדאַל.

— וועל איך דערפֿאַר מאָרגן ניט נעמען.

ענטפֿערט זי אים שוין אינגאַנצן ניט און שרייט אַריין מיט אַלע קויכעס אין אַ ווינקל גאַס אַריין:—אַ היינטיקע צייטונג... צען טויזנט געפֿאַנגענע דייטשן...

און אַז דער ווייבס קוילעס הענגען נאָך אינדערלופֿטן און פֿאַלן אַף פֿאַרבייגייער ווי אַ פֿרעמדער אָפּקומעניש, איילט שוין איליאַ אַוועק אין אַרבעטער-רעסטאָראַן. דאָרט ווייסן און קאָננען אים אַלע. ער באַקומט זיין אָנגעצאָלטן מיטיק פֿון אַן אַרבעט-לאָזן און דערציילט בא מיטיק פֿון זיינע רייזעס אין אויסלאַנד.

ער הויבט שטענדיק אָן מיט די ווערטער:

— אין מאַירעוו אייראָפּע... אין אַ בערלין, צי אַ זשענעווע, איז עפּעס אַביסל אַנדערש ווי דאָ, נאָר צווישן זיך גערעט, האָב איך זיך דאָרט גלייך געפֿילט היימיש...

דורך די טירן איז דער גאַנג פֿאָרויס און צוריק, בא די טישן איז רייד און קלאַפּעריי פֿון לעפֿל, טעלער, פֿון פֿענצטער פֿאַלן גאַנצע שויבן ליכט אַפֿן דיל און אַף די ווענט. אַ האַלבער פּאָנים בא איליאַן איז באַלויכטן, און ער אַליין איז איצט אינערגעצן פֿאַרשלעפּט פֿון דער פֿאַנטאַזיע. נאָכדעם ווערט שוין אים קלאָר, אַז זיין דערציילן פֿירט ער, ניט ווייסנדיק אַליין וווּהין, נאָר פֿון דאָס אַרויסגעזאָגטע האָט ער האַנאָע, גלויבט אַליין אין דעם און איז צופֿרידן, וואָס מענטשן הערן אים אָנגעשטרענגט און וואָס ער קען אַזוי דערציילן אָן אַ סאָף און אָן אַ עק. און אַז ער פֿאַרקריכט און מיט וואָס צו ענדיקן ווייס ער ניט, וואַרפֿט ער איבער אַ בריק צו אַ צווייטן, וואָס מיט יענעם האָט אויך אַזוי פּאַסירט. יענעם קאָנען אויך אַלע.

— מיט מייערן איז עס געווען?

טרעפֿט אַמאָל און דערזעלבער מייער איז בא מיטיק.

וואַרפֿט מען שטימען צו אים:

— מייער, מייער, קום נאָר אַ ווײַלע...

און אַז מייער ווייס ניט פֿון וואָס צו זאָגן, לאָזט איליאַ דאַן אַרויס אַ מויל געדיכטן רויך און זאָגט שוין הויך און שפּאָטיש:

— אָט אַ פּעטעך! האָסט דאָך מיר אַליין דערציילט... כאַ-כאַ-כאַ—וואָס איז בא דיר אַ קאָפּ? מייערל, האָסט דיין קאָפּ ניט אַף דיין אָרט.

לאַכן אַלע און אַלע זיינען איינשטימיק.

היינט האָט ער געהאַלטן אינמיטן דערציילן עפּעס, אַף אַלעמענס פּעניםער האָט שוין פֿאָרויס אַ שמייכל געבלאָנדושעט ווי אַ צוגרייטונג, אַז מען וועט באַלד דאַרפֿן לאכן, איליאַס פּאָנים איז אַ העלפּט מיט זון ליכט געווען פֿאַרגאָסן, איז עמיצער צו אים צוגעקומען, אַרופֿגעלייגט אַ האַנט אַף דער פּלייצע און געזאגט:

— איליאַ, אַף אַ פּאָר ווערטער.

אַז ער קומט צוריק צום טישל, עסט ער שנעל, וואַרפֿט אַ פּאָר ווערטער אַף גיך דורך, נאָכדעם שטעלט ער זיך אינמיטן צימער און שרייט אויס מיט זיין געדיכטן טענאָר:

— ווער גיט אַ גוטן פּאַפּיראָס?

און אַז ער באַקומט דעם פּאַפּיראָס, פֿאַרציט ער אים טיף און געשמאַק און זאָגט צו אימיצן, ווען מע קאָן אָנטרויען:

— און איצט צו דער אַרבעט.

— וואָסער אַרבעט?

— אָט כ'ווייס... בא עלענקע זאַלוצקען אַ שטיקל שטרייק מאַכן.

מיט זיך אַליין פֿילט ער זיך אַף דער גאַס ניט פריי, עס פֿעלט אים עפּעס—דער קרייז כאַווירים, פֿאַר וועלכע ער אַליין פֿאַרגעסט זיך, איז פֿאַרנומען מיט זיי און מיט זיך באַווייזן פֿאַר זיי. אַ געדאַנק גיט אַ פֿלי און דריקט אים שטאַרק צו דעם קאָפּ, אַז ער זאָל עפּעס אַ טראַכט טאָן וועגן זיך, וואָט דרייט ער זיך אַרום פּוסטונפּאַס, ער האָט דריי קינדער און אַ ווייב... נאָר אומצופֿרידן ווערט ער פֿון דעם, וואָס קריכט ער זיך אַליין אַף די פֿיס? שוין לאַנג ווי דורכשמועסן מיט זיך אַליין וויל ער ניט און קלאָר מאכן, וואָס ער וויל, האָט ער מוירע, און איצט ווי אַלע מאָל, און ווי אַלע מאָל גיט זיך עס אים גרינג איין, ער טרייבט עס אָפּ און שטעלט זיך פֿאָר, ווי ער וואָלט זיך נאָר איצט דערוווסט, אַז ער גייט דערקלערן אַ שטרייק און דאַרף זיך באַטראַכטן וואָס ער האָט צו טאָן און מיט וואָס ער זאָל אָנהויבן.

ער כאַפּט זיך אָן געדאַנק אָן ווי אָן אַן אָנהאַלט, פּאַמעלעך, נאָר זיכער טאַפּט אים אַ האַנט וואָס קען אים אָט, אָט אַף דער ליכטיקייט אַרויסטראָגן, פֿאַרטושט ער עס און רעט זיך איין, אַז ער דאַרף איצט וויכטיקערעס טאָן.

אַף גאַסן איז סאָף זומער. ערשטע בלעסער ווי אַ געלער אָנזאָג פֿון הארבסט וואַלגערן זיך אומרויִק און אומעטיק אַף דער גאַס. די זון, ווי ניט קיין געבעטענער גאַסט, דרייט זיך אַרום און געפֿינט קיין אָרט ניט. איבער גאַסן איז די באַוועגונג אַ שטראָמענדיקע, מיליטערישע היטלען, עפּאָלעטן און רויטע קרייצן ווימלען אומעטום. מידע און פֿאַרומערטע סאָלדאַטן מאַרשירן איבער שטאָט, אומרויִקייט ליגט אין קניימשן פֿון פֿאַרזאָרגטע

פענימער. אַף דער וואַרשווער רעמיזע, ווּ יעדער פֿליישער האָט אַ ביידל און יעדער הענדלערקע אַ קויש, גייען שטילע סוידעס אוּם. און דער מארק יידענעס האָט שוין פֿאַרפֿריער און פֿעסט אָפּגעמישפּעט.

— אונדזוער מיכלקע*) וועט שוין ווערן מיט אַ שטאָט קירצער.

— אַלוואַי, ריבוינעשעלוילעם... ווען וועט עס שוין זיין, סאָרע, ווען?

און סאָרע שאָקלט מיטן קאָפּ, מיט אַלע קנייטשן פֿון פּאָנים, וואָס זיינען פֿאַרגליווערט און באוועגן זיך ניט פֿון אלטקייט, און איר שאקלען באדייט: פֿאַרלאָזט זיך אַף מיר, פֿאר סאָרען איז עס שוין ניט די ערשטע שטאָט, וואָס זי פֿארקירצט.

איליאַס וועג איז א פאמעלעכער און אַ געדרייטער דורך גאסן און געסלעך. ער וויל פֿאַרגרעסערן דעם וועג און זיך דערווייל קלאָר מאכן וואָס ער האָט צו טאָן בא זאלוּצקען, און ער זאָגט דעריבער צו זיך אינדערהויך:

— איז מיט וואָס זאָל מען אָנהויבן?

אַז ער שטעלט זיך אָפּ אַף איינע פֿון די גאסן, שרייט אימיצער: „א היינטיקע צייטונג, צען טויזנט געפֿאנגענע... און ער, איליאַ, שעמט זיך נאָך איצט אויך צוגיין צום ווייב, וואָס פֿאַרקויפֿט צייטונגען, אָבער זאָגן „מאַדאַם" איצט קען ער ניט, עפּעס לאָזט אים ניט.

זאָגט ער:

— מאַלקע...

דאָס ווייב האָט אים שוין פֿוּנווייטן געזען און פֿונווייטן איר אויג פֿון אים ניט אַראָפּגעלאָזט, נאָר ווען ער זאָגט „מאַלקע", ניט זי אַ ציטער, ווי זי וואָלט אים פלוצלונג דערזען און וואָלט זיך איבערשרעקן, אין האַרץ קלאַפּט שטאַרק, אין קאָפּ ווערט שוואַך און אַף אַ ווײַלע ווייס זי ניט וואָס צו טאָן: שווייגן צי זידלען. דער פּאָנים איז בא איר אַ שטרענגער, אָבער צוזאַמען מיט דער שטרענגקייט איז אויך קאָנטיק, אַז אַ ליפּ קען זיך באלד פֿאַרוואַקסן מיט אַ שמייכל און זי זאָגט שטרענג:

— ווּ דרייסטוּ זיך אַרום ליידיקגייער?... אין דערדאָזיקער פֿראַגע און אין דער שטרענגקייט רעט זי אַרויס אַלץ, וואָס זי האָט צו אים: אַ ווייב אָן אַ מאַן, אַ מאַמע אָן אַ טאַטן, קינדער, וואָס האָבן איר גענויט אויס ארבעטערן צוּ ווערן, און נויט, וואָס טרייבט איצט צייטונגען פֿאַרקויפֿן, אַלץ, אַלץ, וואָס זי קען צו אים אַרויסשטעלן, אָבער צוזאמען אויך דאָס, אַז זי קען אַלץ מויכל זיין פֿאַר אַ וואָרט—מאַלקע! און זי כאַזערט איבער:

— ליידיקגייער...

— ווייסט דאָך, אַז אַ שטרייק, איז בא מיר... אַ שטרייקל בא זאַלוּצקען.

— זיי פֿאַרזיכטיק, איליאַ!

— נו, נו,... זיי רויק... ווּ זיינען די קינדער? אַף אוּנדז ביידן, מאַלקע, איז אָדער דער רוּעך וועט ברעכן דעם קאָפּ אָדער מיר... נאָר די קינדער... וואָלסט זיי געדאַרפֿט ערגעצן איינאָרדענען, מאלקע.

*) ניקאָלאַי.

קען זיין, ווען עס וואָלט ניט געווען אין גאַס, ווען זי זאָל זיך מיט אַ רעגע צוריק זיך ניט איבערנעמען, וואָס אָן איר איליאַן קען מען אין קיין שטרייק ניט אויסקומען, קען זיין, ווען ער זאָגט ניט „מאַלקע", וואָלט זי געשריען און געזידלט—זי זאָל איינאָרדענען די קינדער, געהערט?—און ער וואָלט ווי שטענדיק אַ שפּיי געטאָן און אַנטלאָפֿן. אָבער איצט קען זי עס ניט, נאָר, אָן איר ווילן, גיט אַף אַ ליפּ אַ שמייכל זיך אַ וויקל, און דער שמייכל רעט:

— אַהאַ... מע וואָלט עפּעס געדאַרפֿט, איליאַ... מע דאַרף טאַקע אַ טראַכט טאָן...

אַ ווײַלע שטייען זיי אָן ווערטער, זי דערפֿילט אַ ראַכמאָנעס צו אים, וואָס ער, כאַוווער איליאַ, דאַרף דאָ שטיין לעבן איר, וועלכע פֿאַרקויפֿט צייטונגען, און זי זאָגט:

— וואָס האָסטוּ זיך אַוועקגעשטעלט... ניט געַנוג, וואָס דיין ווייב פֿאַרקויפֿט צייטונגען, דאַרפֿסטוּ נאָך אויך?... און הער, איליאַ, האָסט דאָך שוין מיסטאָמע קיין פּאַפּיראָסן אויך ניט...

אַז איליאַ גייט אַוועק, פֿילט ער ניט ווי די פֿיס גייען. אַלע גייען און ער גייט אויך. גאַסן נאָך גאַסן בייטן זיך, אין מויערן זיינען טירן און קראָמען און פֿענצטער און מענטשן איילן אַרויס און אַריין, און ער איילט אויך איבערגעצן.

ער וואָלט געדאַרפֿט דאָס ווייב מיט עפּעס צופֿרידנשטעלן, די קינדער איינאָרדענען...

דוכט מיט איינמאָל איליאַן, אַז אַף דער גאַס איז שטיל געוואָרן, גאָר שטיל געוואָרן, אַז פֿון שטילקייט קלינגט אין די אויערן. ער ווייס, אַז ער פֿילט גאָרניט, אַז ער וויל זיך נאָר אָנשטרענגען, עפּעס טראַכטן. אינדערעמעסן פֿילט ער יאָ עפּעס, נאָר אומבאַשטימטעס, אַ געמיש פֿון אַסאַך, אַסאַך דינינקע נאָדעלעך פֿון געפֿילן, און אלץ איז אויסגעמישט. אויסגעפֿלאַסטערט, אומרויִקע און שווערלעך, אומקלאָר און אומבאַשטימט.

פֿון אַנטקעגן קומען אָן סאָלדאַטן מיט געזאַנג. עס ווערט טונקעלער איבער שטאָט, עס קוויטשעט אַ לאָקאָמאָטיוו אין דער נאָענט.

— מע וואָלט טאַקע געדאַרפֿט, געדאַרפֿט איינאָרדענען... אַ...

נאָר אַז ער פֿאַרויכערט דעם ערשטן פּאַפּיראָס אַף די אָקאָרשט באַקומענע געלט פֿון דעם ווייב, פֿאַרגייט אַלץ מיט רויך, אין טונקלקייט זעען ויינע אויגן אויס קאַר אונטער די שוואַרצע געדיכטע ברעמען און ער שטעלט האַרטע, פֿעסטע טריט, ווי עס פּאַסט פֿאַר אים, פֿאַרן כאַווער איליאַ.

## ערענקע זאַלוּצקי.

אַף דער הויפּט-גאַס—אַ גרויסע שילד מיט גאָלדענע דיקע אויסיעס אַף אַ העלן גרונט „קאָנדיטערײַ און בעקערײַ זאַלוּצקי און זין".

די זין האָט ערענקע זאַלוּצקי געשטעלט אָפּן שילד און די טעכטער אין די וויטרינעס—פֿאַרקויפֿן זיינע קאָנדיטערייען. זאַלוּצקעס קאָנדיטערײַ איז די ערשטע אין שטאָט און זיינע געבעקסן זיינען די באַרימטסטע אין דער געגנט. און אים אַליין קאָן מען

אין שטאָט ניט ווייניקער ווי זיינע געבעקסן. שאַבעס גייט זאַלוצקי מיט זיין ווייב שפּאַצירן. ער אַ הויכער, פּלייצעס ברייטע און איבער זיי אַ קאָפּ אַ קליינער, ווי אַ היטל איבער אַ קלויסטער, זי אַ קליינינקע, אַ דאַרע, מיט האָר גרויע און שיטערע אונטער אַ זיידענעם שאַל, מיט אַ פּעניםל אַ קליינס, וואָס שיינט מיט געלן גלאַנץ, ווי די געבעקסן אין זייערע וויטרינעס.

פֿאַרבייגייער רופֿן שטענדיק אָן זייערע נעמען:

— זאַלוצקי!

— עלענקע...

באַטייט דאָס ערשטע:

זאַלוצקי דער באַלעבאָס דער גוויר, וואָס אַ הויז האָט ער אַ פּירשטאָקיק, אַ קאָנדיטעריי אַ גרויסע, אַ דייע אין שטאָט און באַם פּאָליצמייסטער; זאַלוצקי, וואָס האָט צוויי זין אַפֿן שילד, צוויי טעכטער אין וויטרינעס, וועלכע ער וועט אַ גרויסע ירושע איבערלאָזן און אַ גרויסן נאַדן געבן.

דאָס צווייטע באַטייט:

עלענקע... עלענקע, וואָס ווער געדענקט ניט דאָס בעקער-ייִנגל מיטן געלן פּאָנים און צעריסענע טאַכטוינים, וואָס האָט כאַסענע געהאַט מיט אַ דינסטמיידל און געוואָרן „הער זאַלוצקי"; עלענקע, וואָס צום ווייבס נאַדן האָט ער דריי שוטפים געקראָגן און אַלע דריי אָפּגענאַרט און אַלע דריי אַרויסגעטריבן און געבליבן—עלענקע מיט די זין.

— האַ, עלענקע אַ גאַנצער מענטש... וואָס געלט קען מאַכן פֿון אַ כאַזער... געשוואָלן זאָל ווערן זיין קאָפּ ווי זיין בויך.

אָבער עלענקע הערט ניט, ניט גוט, ניט שלעכט. און קומט מען צו אים נאָך אַ טויווע, האָט ער ליב זיך לאָזן אַסאַך בעטן, און אַ הון האָט ער ליב צו מיטיק און אַ טעווע האָט ער אַרומבינדן די פֿינגער מיט שטריקלעך—וויסן צי ווערן זיי דיקער.

איז אַמאָל צווישן דעם גרויסן און אומרויִקן טומל פֿון דער הויפּטגאַס, מיט שילדן און ייִדישע נעמען, מיט ברייטע טראָטואַרן אַף באַטאָגיקן יאָגן און באַנאַכטיקן רויִקן שפּאַציר, דערמאָנט זיך עלענקע אָן זיינע זין: דריי זין האָט ער זיי. פֿאַרוואָס רעכענען אַלע און ער אַליין, אַז ער האָט נאָר צוויי?

קען זיין דערפֿאַר, וואָס דער ייִנגערער איז ניט געראָטן אין די עלטערע. ער האָט באַקן ראָזע מיט העלן פּוך אַף זיי. טריט שטעלט ער איידעלע און לייכטע, ווי ניט אָנרירן דעם ברוק און אַן אויסזען האָט ער אַ ווירדיקן פֿון אַ געלערנטן, אַזוי אַז יעדער קאָן זיך אָנשטויסן די פֿינף קלאַסן גימנאַזיע, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט. אָדער עפּשער דערפֿאַר וואָס מע זעט אים זעלטן, גאַנצע טעג אין שטוב ניטאָ און לאָזט זיך פֿילן נאָר דעמלט, ווען ער צעקריגט זיך מיט די שוועסטער און רופֿט זיי „אויסוואָרפֿן".

מיטן עלטסטן זון איז עלענקע ווי אַ גלייכער, פֿאַרן מיטלסטן האָט ער אָבער עפּעס מוירע. שטאַמט עס פֿון איינעם אַ טאָג, אַ ווינטער-טאָג, ווען אין געלן מויער אַף דער הויפּט-גאַס איז ווי שטענדיק אין פֿענצטער געווען אַן אויפֿשריפֿט מיט סלאַוויאַנישע קלויסטער-אויסיעס „פֿרישע פֿיש". דער מיטלער זון איז געקומען אַהינצו מיט אַ פֿולן קאָפּ ספּירט און מיט אַ פֿידל אונטערן אָרעם. ער האָט זיך מיט אַלעמען געקושט און געשריען:

— קלאַרען אַהער.

קיינער האָט ניט געענטפֿערט. אַ מיידל נאָר איז פֿון ווינקל אַרויסגעשפּרונגען און זיך אַף אים אָנגעהאַנגען:

— וואָס דאַרפֿסטו קלאַרען? איך בין בעסער, נאַ, זע...

— פּאָשלאַ וואָן!

און האָט איר אַ מאַטבייע געוואָרפֿן. קלאַרעס צימער איז געווען פֿאַרמאַכט, ער האָט מיטן פידל געקלאַפּט און גערעט צו זיך:

— אַהאַ! אַזוי... מיט אַנדערע... מיט אַנדערע...

געכאַפּט דאָס מיידל, וואָס האָט זיך אים אַפֿן האַלדז געהאַנגען, און אין טיר מיט איר געקלאַפּט. די טיר האָט געקרעכצט. און ווען זי האָט זיך געעפֿנט, איז אימיצער מיט אַ שטול געשטאַנען אַנטקעגן אים. געוואַרט האָבן אַלע אַף עפּעס... נאָר דער שטול איז אַף דר'ערד אַראָפּ, די פֿידל איז אויך אַף דר'ערד געפֿאַלן, און זאַלוצקעס זון האָט אויסגעשריען:

— פּאַפּאַ! דאָס ביסטו, פּאַפּאַ!... דו מעגסט...

פֿון יענעם ווינטער-טאָג אָן האָט עלענקע אַן אָפּשיי פֿאַרן מיטלסטן זון, אַן אָפּשיי און אַן אינעווייניקסטע מוירע. פֿון יענעם טאָג רופֿט ער אָן דעם מיטלסטן זון מיין כאָכעם און איז זיך אין אַלץ מיט אים מעיאַשעוו.

איז איצט זאַלוצקי אומרויִק און ניט זיכער. דער מיטלסטער זון קען אים קיין קלאָרן ענטפֿער גיט געבן, ווי ער זאָל זיך פֿירן מיט די אַרבעטער, וואָס האָבן ביישעק אַ שטרייק טאָן.

— וואָס זאָגסטו וועגן דעם, אַראָן?

— ברעכן זיי די קעפּ!

— ברעכן זיי די קעפּ זאָגסטו?... ביסט גערעכט... און היינט וועל איך נאָך דעם פּאָליצמייסטער אויך זען... ברעכן זיי די קעפּ...

דערווייל הייסט עלענקע אַריינשלעפּן די פֿעסער אייל פֿונם הויף אין סקלאַד אַריין. זאַלוצקי האָט אַ גוטן זיקאָרן און געדענקט גוט ווי מיט אַפּאָר יאָר צוריק, האָבן אַרבעטער-שטרייקער געעפֿנט אים אַ פֿאַס אייל און געלאָזט אויסרינען אין הויף. דרייט ער זיך איצט אַרום אין גרויסן הויף, וואָס איז מיט האָלץ פֿאַרלייגט, ווו עס שמעקט מיט פֿאַרלעגענע אייער און מיט זיסקייטן, אינם סקלאַד, ווו מעל און מייז זיינען שטענדיקע שכיינים.

פֿון אַרומגיין און באַפֿעלן ווערט זיין קאַרק באַדעקט מיט שוויס, רויט און אָנגעלאָפֿן. סאָפּעט ער און ווישט דעם קאַרק מיט אַ נאַסן האַנטוך.

— נאַטאַשקע, אַ וואַנע!

אַז עלענקע איז שוין אין וואַנע, שרייט מען פֿון דער קאָנדיטעריי:

— פּאַפּאַ, האַ פּאַפּאַ, אימיצער פֿרעגט אַף דיר.

בלייבט דער אימיצער וואַרטן אין דער קאָנדיטעריי. דער אימיצער, וואָס איז צו זאַלוצקען געקומען, איז אַ הויכער, מיטברילן פֿון פֿירקאַנטיקע גלעזלעך און אַן אויסזען האָט ער פֿון אַן אויסלענדער. אין קאָנדיטעריי איז קיינער איצט ניטאָ. די ווייסע טישלעך זיינען רויִק און ריין צוגעקליבן, און זאַלוצקעס טאָכטער

וואָס שטענדיק שטייט זי באַם טיש מיטן קאָפּ איין וויטרינע, קערט זיך אויס צום געקומענעם, פאַריכט זיך די האָר און די בלוזע און מיט זיסן און גרינג-ווייבערשן שמייכעלע פרעגט זי שוין צום צווייטן מאָל:

— איר דאַרפט צום פּאַפּאַ?

ביידע טעכטער זאַלוצקעס האָבן שוואַרצע געגרויזטע האָר, טראָגן לאַנגע רויטע אויריִנגלעך און העלע בונטע קליידער. ענלעך זיינען זיי איינע צו דער צווייטער, ווי ביידע קעפּ פון קאָרטן-מאַלקע.

פאַרנאַכט, ווען די קאָנדיטעריי ווערט פאַרשלאָסן, טוען זיך ביידע זאַלוצקעס טעכטער זייערע פאַרביקע קליידער אָן, און גאַנץ הויפּט-גאַס קוקט זיי נאָך ביז זיי ווערן פאַרפאַלן אין שטאָט-גאָרטן, וווּ זיי זעצן זיך צו אַף אַ באַנק. אין זייערע זילבערנע גרויסע רעדיקולן ליגן פאַרטיקע צעטעלעך (צען קאָפּיקעס נעמט אַ יאַטל פאַר איבערגעבן אַ צעטעלע אַן אָפיצער). דער אינהאַלט פון צעטעלע איז: „מיר ווילן זיך מיט אייך באַקאַנען“. רוסישע אָפיצערן באַקוקן די זילבערנע רעדיקולן די לאַנגע רויטע אויריִנגלעך און נעמען אָן די איינלאַדונג פון די צוויי שוועסטער, וואָס דאָס ריידן אונטער דער נאָז איז באַ זיי געוואָרן אַ סטיל, אַ מין איינפלוס פון פראַנצויזיש, וואָס זיי קענען ביידע ניט.

טעג פון מילכאָמע—אָפיצערן זיינען דאָ אַזויפיל, וויפל איינוואָינער אין שטאָט, איצט האָבן שוין ביידע שוועסטער די צעטלעך פון די רעדיקולן אַרויסגעוואָרפן, דאַרפן שוין ניט גיין זוכן אין שטאָט-גאָרטן באַקאַנטשאַפטן. אָפיצערן פירן זיי אַרום אַף אווטאָמאָבילן, באַשיינען מיליטערישע הוליאַנקעס און מאַסקאַראַדן.

— אַך, אַזויפיל באַקאַנטע, מע בעט זיך באַ אונדז...

און אַף די מאַסקאַראַדן, אַף די הוליאַנקעס העלפן זיי דעם טאַטנס געשעפטן, וועלכע זייערע ברידער פירן: צופירן פּראָוויאַנט פאַר דער אַרמיי. ווילט זיך זיי ניט שלעפן מער מיט דידאָזיקע אָפיצערלעך, וואָס האָבן אַלע איין פּאָנים און ווערן דערעסן, ווי די זיסקייטן אין טאַטנס קאָנדיטעריי, פון וועלכע נאַראָנים-מענטשן לעקן די פינגער.

זאַלוצקעס טאָכטער, וואָס איז איצט געווען אין קאָנדיטעריי, האָט אַפן אַריינגעקומענעם א וואַרעמען בליק געוואָרפן—אַ פיינער ציווילער יונגערמאַן אין אויסלענדישע ברילן... זי האָט באַקוקט זיינע אויסלענדישע קליידער, זיין פּאָנים מיט די געדיכטע שוואַרצע ברעמען, שטייפע און שטרענגע און אַ אַפּאָר טריט געמאַכט צום גרויסן טריומאָ-שפּיגל, אַ שמייכל געטאָן און זינגענדיק און אויסעצויגן געפרעגט שוין צום דריטן מאָל:

— צום פּאַפּאַ?

און ווייל זי האָט זיך געכאַפּט, אַז זי פרעגט עס שוין צום דריטן מאָל, האָט זי צוגעגעבן:

— פערזענלעך צו אים, ציִ ביכלאַל?

-- סאַי פערזענלעך, סאַי ביכלאַל...

— אַ זייער... זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן און זיך אָפּגעהאַלטן—מיר זיינען נאָך ניט באַקאַנט... נו, לאָמיר זיין באַקאַנט.

זי האָט אים אַ האַנט אַרויסגעשטעלט, ער האָט איר האַנט גענומען און לאַנג ניט אָפּגעלאָזט.

אין קאָנדיטעריי איז אַריין אַ פרוי מיט צייטונגען אונטערן אָרעם.

— איר האָט איבערבלייב?

— פאַראַן...

זאַלוצקעס טאָכטער האָט אַרויסגעשאַרט פון אַ קעסטעלע שטיקלעך קיכל, געבעקס, טאָרט. די פרוי מיט די צייטונגען האָט דאָס פּעקעלע עטלעכע מאָל אין האַנט געוואויגן, באַטראַכט און שלוצלונג זיך אַ קער געטאָן צום „אויסלענדער“.

— איליאַ, וועסט עס עפּשער מיטנעמען? ער האָט אַף איר אַ קוק געטאָן, ווי ער וואָלט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, נאָכדעם האָבן זיינע אויגן זיך אַ ציִ געטאָן פאָרויס:

— ניין, איך קויף עס ניט!

— די פרוי האָט שנעל געכאַפּט דאָס פּעקל און איז גלייך אַרויס.

— אַזוי... האָט זי עס אייך פאָרגעלייגט קויפן... און מיר האָט געדוכט... אַן איינפאַל פון אַ יידענע... עפּשער ווילט איר טאַקע פאַרזוכן פון אונדזער געבעקס?

פון אַרומיקע צימערן האָבן זיך דערהערט שווערע טריט.

— אַי, פּאַפּאַ!

און צום גאַסט:

— איך האָף מירן זיך זען...

— יאָ, יאָ! איך האָף!

## איליא און עלענקע.

איליא איז צו זאַלוצקען שוין א צווייטן מאָל געקומען, זיך געזעצט אף א שטול ניט געבעטענערהייט און געזאָגט:

— פאניע זאַלוצקי, אייער ענטפער דאַרף איך באַקומען אין א האַלבער שאָ ארום.

ער האָט עס ארויסגעזאגט פעסט און שטרענג. מיט דער פעסטקייט, וואָס באַ איליאן ווערט שטענדיק, ווען ער גייט אין שליכעס פון אנדערע, און די אנדערע פאַרלאָזן זיך און וואַרטן אף אן ענטפער. ער פילט דאַן, אַז די אַלע, אין וועמענס נאָמען ער רעט, שטייען אונטער זיינע פּלייצעס און הערן זיין יעדעס וואָרט און פילן זיין יעדן קער.

זאַלוצקי האָט אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט און בייז. ציִ פאַר זיין זעצן זיך ניט געבעטענערהייט, ציִ פאַר זיין שטרענגן טאָן און זיכערקייט. ער האָט אים אָנגעקוקט און מיטן קליינעם קעפּל אַ דריי געטאָן איבער די ברייטע פּלייצעס, און ווייל ער איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל און אָן ווערטער, האָט איליאַ פאָרגעזעצט:

— אין אַ האַלבער שאָ ארום, אויב איר באַפרידיקט ניט אונדזערע פאָדערונגען, דערקלער איך א שטרייק.

— הערט נאָר, איר פילט זיך צופיל באַלעבאָס באַ מיר.

איליאַ האָט אַפן טיש אַוועקגעלייגט אַ קליינעם דאַמען-זייגערל און געענטפערט:

— אף אייער צייט! דער באַלעבאָס זייט איר און ענטפערן דאַרפט איר און, הער זאַלוצקי, איך ראַט אייך ניט פאַרשווערן די לאַגע, מיר זיינען גרויסע אַקשאָנים.

האָט באַ זאַלוצקען דער געפיל געבלאָנדזשעט און ניט געלאָזן זידלען דעם שטרענגן גאַסט, וואָס לייגט אים פאָר אין א „האַלבער

שאַ". האָט ער זיך געפֿילט מיט זיין האַמעטנעם שווערן קערפּער און ארופֿגעזעצטן קליינעם קעפּל ווי א פֿאַרלאָרענער צווישן די באַקאַנטע שטולן און טישלעך. ער האָט גענומען הוסטן און נאָך עטלעכע מאָל איבערכאַזערן דעם שווערן געמאַכטן הוסט. האָבן זיך זיינע ביידע עלטערע זין אַריינגעלאָזן אין צימער און, אַז די זין האָבן זיך צוגעזעצט פֿון ביידע זייטן גאַסט, האָט זאַלוצקי דערפֿילט, אַז ער קען דעם פּאָליצמייסטער, אַז ער איז דער טאַטע פֿון זאַלוצקעס ביידע זין.

— הערט, יונגערמאַן, איר וועט אליין אוועקגיין, צי איך זאָל רופֿן פּאָליציי?

איליאַ האָט אַפֿן זייגערל געקוקט און געשוויגן.

— איר, ענטפֿערט? נאָך אַמאָל פֿרעג איך... ער האָט זיך פֿון אָרט א ריס געטאָן, געכאַפּט דאָס טרייבל פֿון טעלעפֿאָן און אַריינגעשריגן „צום פּאָליצמייסטער". ווען פֿון טעלעפֿאָן-סטאַנציע האָט מען געפֿרעגט צו וועמען ער דאַרף, האָט ער שוין געענטפֿערט פֿאַמעלעכער: „פּאָליציי-צירקל".

גערעט האָט ער שוין נים צו איליאַן, נאָר צו א ווינקל פֿון וואַנט:

— אַז אַ ייד וויל טפֿיסע, פֿאַרוואָס זאָל איך אים ניט פֿאַרגינען... און אַז איר זייט א ייד, איז וואָס? און מאַכנדיק אַ פּאָר טריט צום פֿענצטער, האָט ער צוגעגעבן:

— באַ מיר איז אלצאיינס אַ ייד צי א גוי...

געדוכט האָט, אז די שטילקייט אין צימער איז שטילער געוואָרן. עלענקע האָט מיט אַ זייט אויג געקוקט אף איליאַן און געוואַרט ער זאָל זיך אופֿהויבן און אנטלויפֿן. אָבער איליאַ האָט ווידער א קוק געטאָן אַפֿן זייגער און געזאָגט:

— נאָר ווינציק צייט געבליבן.

איז עס פֿאַר עלענקען געווען עפּעס אויסטערליש. ער האָט זיך אינמיטן צימער אָפּגעשטעלט און געקוקט מיט שטומקייט אף די זין.

און די זין האָבן אין זיינע שטומע אויגן געקוקט און דערזען פֿאַר זיך זייער טאַטן, וואָס קען שרייען און טרייסלען מיט די הענט, ווען מע דערשרעקט זיך פֿאַר אים, אָבער ער ווערט אליין דערשראָקן און פֿאַרלאָרן, ווען מע שטעלט זיך אים קעגן. דער מיטלסטער זון האָט זיך צו איליאַן געווענדעט:

— הערט רעב ייד, טראָגט זיך פֿונדעסטוועגן אָפּ, דאָ גייט ניט אין קיין שפּאַס.

איליאַ האָט א שמייכל געטאָן—ניט דאָס ערשטע מאָל בא אים—און טאַקע דערפֿאַר, ווייל אים האָט געדוכט, אַז זיין שמייכל דערגייט צו די, וואָס האָבן אים אהער געשיקט. אז זיי זעען ווי זיכער און רויק ער זיצט דאָ, בא עלענקען זאַלוצקען, אף אַ שטול, האָט ער נאָכאַמאָל א שמייכל געטאָן.

איך וועל מיין צייט אָפּוואַרטן, איך וואַרט אף אייער ענטפֿער... דאַן גיי איך אוועק.

עלענקע האָט א צאַפּל געטאָן, זיין קאַרק איז רויט געוואָרן.

— און וואָס רעכנט איר, מע וועט אייך לאָזן פֿונדאַנעט אַנטלויפֿן? איר האָט זיך פֿריער געדאַרפֿט דערשרעקן, ניט איצט...

איליאַ האָט הויך געלאַכט און געוואָלט זאָגן:

— אָט אַ פּעטעך...

נאָר געזאָגט האָט ער:

— איך האָב מוירע... און באַ אייך ציטערן די הענט, הער זאַלוצקי...

— באַ וועמען?

— בא אייך... זיי ציטערן, גיט אַ קוק.

זאַלוצקי האָט ניט דרייסט און ווי אונטער אַ היפּנאָז אויסגעצויגן די הענט און וואָס אים האָט פֿאַרוווּנדערט, אַז זיי האָבן אַ פּאָר שוואַכע ציטערן געטאָן, ווי אַ סטרונע פֿון א לייכטן אַנריר, און ווייל ער איז פֿון דעם געוואָרן פֿאַרשעמט, און ווייל די זין האָבן הויך אַרויסגעלאַכט אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ מין פֿאַרווייליגנג, האָט עלענקע מיטן גאַנצן קערפּער אַ ציטער געטאָן און געבליבן שטיין אַף ניט קיין זיכערע פֿיס.

פֿריער האָט אין טיר אימיצער אַ „גוט מאָרגן" אַריינגעוואָרפֿן, און נאָכדעם האָט דער פּריסטאַוו זיך אין צימער באַוויזן. ער האָט געהאַט אַ שטרענגן אויסזען און לאַכעדיקע אויגן, וואָס ווייזן, אַז צו זאַלוצקען גייט מען ניט אומזיסט, אַז אַ פֿאַרדינסטל וועט זיין.

איליאַ האָט זיך אופֿגעשטעלט, געבעטן דעם פּריסטאַוו אַף זיין אָרט זיצן און געפֿרעגט דער ערשטער:

— וואָס הערט זיך עפּעס, פֿריינט?

— ניטשעוואָ!

דער פּריסטאַוו האָט לאַנג געצויגן דעם אָ, אָנגעקוקט איליאַן און געווענדעט זיך:

— פֿאַר דיר, עלענקע, איז טאַקע דאָ נייס, וויכטיקע.

— וויכטיקע?

— יאָ-אָ-אָ!

עלענקע איז געוואָרן נייגעריק.

— אָט... אָט כ'וועל נאָר עפּעס דערלאַנגען. און איז איילנדיק אַרויס, איליאַ נאָך אים.

— הער זאַלוצקי!

נאָכדעם האָט דער פּריסטאַוו פּאַמעלעך געגאָסן שנאַפּס אין אַ גלעזל און פּאַמעלעך עפּעס דערציילט. און אַז די טאָכטער איז אַריינגעלאָפֿן צוטומלט:

— פּאַפּאַ, פֿאַרוואָס זיינען די אַרבעטער עפּעס פּלוצלונג אוועק?

האָט עלענקע גענומען זוכן דעם אויסלענדער מיט די ברילן, זיין האַלדז איז רויט געוואָרן, ער האָט די הענט צעוואָרפֿן אין די זייטן:

— זיין אַרבעט! וווּ איז ער?

## וואָס גאַסן דערציילן.

באַנאַכט צינדט מען אין די הייזער קיין פֿייער ניט אָן. איינאָונט ווערן די גאַסן פּוסט, טויערן פֿאַרמאַכט, טירן פֿאַרשלאָסן, און טריט פֿון קאַראַול קלינגט הילכיק אָפּ אין דער נאַכט. אַ הונט רוקט אַ מאָרדע פֿון אונטערן טויער, גיט אַ שטילן און אומעטיקן האַווקע, דערשרעקט זיך פֿאַר זיין אייגענעם האַווקע און בלאָנקעט אַוועק.

וועט מען אינדערפֿרי שוין אופֿשטיין דייטשן?

נאָר אינדערפֿרי כויזעקט מען:

— צו פֿרי דעם שפּאַלט געמאַכט, דער דייטש לאָזט אף זיך וואַרטן.

איִן שטאָט איִז געקומען גענעראַל דאַניִלאָוו, אין מארק האָט מען דערציילט, אַז דער גובערנאַטאָר האָט גערופן דעם ראָוו און איִם געזאָגט:

— דער גענעראַל האָט געזען צופיִל ייִדן איִן שטאָט, זאָגט זיי, אַז זיי זאָלן זיִצן איִן שטוב.

איִנמיִטן דערדאָזיִקער נייס איִז אַפן מארק אָנגעקומען אַ לאַנגע קייט פורן, וואָס האָבן זיִך געשלעפט מיִט מענטשן פון פאַרשיידענעם עלטער, מיִט בעטגעוואנט, קערבלעך און בעבעכעס.

— היימלאָזע.

— אַרויסגעיאַגט.

— אַרויסגעטריִבן.

פון די פורן האָט מען גערעט:

— ייִדן, בניי, ראַכמאָניִם, מע האָט אפילע ניִט געלאָזט אַ טרונק וואַסער נעמען. אלץ איִבערגעלאָזט, הייזער, ברייזער, גוטס... ווו זאָל מען זיִך אַהיִנטאָן, ווער האָט זיִך געקענט ריִכטן... די וועלט גייט אונטער...

גיִמנאַזיִסטן און סטודענטן זיינען אָנגעלאָפן און די פורן פון מאַרק אַראָפגעפיִרט. דער אוילעם האָט זיי נאָכגעקוקט, איִמיִצער האָט געלט געקליִבן פאַר די היימלאָזע אַף ברויט, פאָליציי האָט געטריִבן אַהיים.

פלוצלונג האָבן זיִך אלע אַ לאָז געטאָן צו דער גאַס. קיינער האָט ניט געוווסט וואָס דאָ קומט פאָר, נאָר געלאָפן זיינען אַלע, זיִך געשטופט און געשטויסן, געטראָטן אף געפאַלענע. באלד האָט מוישעלע מאיענטעק אופגעהויבן דעם שיִרם און מיִט אַן אויסגעצויגענעם קוויטש אויסגעשריען:

— דעם פאָליִצמייסטער!

איִצט האָבן שוין אַלע געזען, ווי צוויי פאָליִצייסקע האָבן געפירט דעם פאָליִצמייסטער אף א דראָזשקע. די עפּאָלעטן זיינען באַ אים געווען אַראָפגעריסן, דאָס היִטל איִבער די אויגן אַראָפגערוקט.

מוישע מאיאָנטעק האָט זיִך אָנגעשפאַרט אָן שיִרם, אַרויסגעשטעלט זיין בויך פאָרויס און געזאָגט:

— גאָר אָן מיין וויסן, וואָס זאָגט איִר ייִדן, וואָס פאַר אַ וועלט עס איִז געוואָרן!

מוישעלע מאַיאָנטעק האָט ליִב אַסאַך ריידן און אסאך זיִך וויצלען, איִן שטוב רעט ער צו דער קאַץ:

— דו, פרומע קאץ, וואָס שפריִנגסטו ווי מיין טאטע, אז איִך פלעג איִם שמייסן.

שטעלט די קאַץ אָן אַ פּאָר אומרויִקע אויגן, גרייט אָן די פּיִס אַף אַנטלויפן. מוסערט ער זי:

— אַנטלויפן... פּע! איִך זאָג דעם ראָוו דעם עמעס איִן די טאָכטויניִם, שווייגט ער אויך און דו האָסט קיין דערעך-ערעץ ניט פאַר מיִר. ווייסט ניט ווער מוישעלע מאַיאָנטעק איִז?

מוישעלע מאיאָנטעק פאַרייסט דעם קאָפּ און שפאַרט זיִך אַפּן שיִרם אָן, אַז ער זאָל אויסזען סאָליִדער.

— ער האָט געכאַפּט אַן איִבעריִקן שמעק טאַבאַק, ייִדן, האַ? אָבער זעט ווי מען פיִרט אַ פעטן כאזער—מיִט גאַנצע צוויי כאַפּערס. מיילע איך ביִן איִם דעם קאָוועד מויכעל, מויכל, ייִדן, מויכל, האַ? און איִצט דאַרף מען וויסן, וואָס זאָגט עפּעס עלענקע?

— מע האָט שוין אָפּגעזאָגט פאַר איִם.

— רעט קלאָרע איִווורע.

— דער גענעראַל האָט איִם געגעבן 24 שאָ, פאַר אים און די זיִן און די טעכטער... אַפילע קיין קוכן זאָל ער ניט לאָזן.

פאַרנאַכט ווערן די גאַסן ליידיק, בא די טויערן פרווּוט מען זיך פאַרהאַלטן.

— עפּעס געהערט?

— נייס?

— מע זאָגט, אז די יעקעס קאָן מען שוין אַ שמעק טאבאק דערלאנגען.

— וואָס דאַרפסטו זיִך מאטריעך זיין—זיי וועלן אליין נעמען.

איִן די הייזער זוכט מען מיט וואָס פאַרשטעלן טיִרן און פענצטער, זיִך פאַרזיִכערן, אז אימיצער זאָל ניט קומען, און קיינער ווייס ניט פאַר וועמען און פאַרוואָס מע באהאַלט זיִך. בלעטער פון בוימער פאַלן געלער, אומעטיִקער. די זון א מידע, פאַרטראַכטע. דער שטאָט-גאָרטן איז לײדיק, אַן אומעט הערשט אף די בלעטער און אפּן שפיִנוועבס, וואָס ציט זיִך פון די בוימער. איִבער גאַסן שלעפן זיִך היִן און צוריק די אָבאָזן, מאנסביִלן ליִגן אויסבאַהאַלטן, אז מע זאָל זיי ניט טרייבן שוץ-גראָבנס מאכן, און מיידלעך האָבן מוירע ארויסצוגיין אין גאַס פאר די קאָזאקן, וואָס זיינען אָנגעקומען מיִט הוק און מיִט פייף און דעם מאַרק צעראַבירט, אַ געזאנג פון סאָלדאַטן, וועלכע צוטראָגן איִבער די גאַסן „טשעבאַריִקי טשופּטשיִקי“ און „סאָלאָוויי פּטאַשעטשקאַ“, דערגרייכט צו די בוידעמער, ווו מאנסביִלן ליִגן און ברומקען אונטער אַ ליִדל איִן דער שטיל:

„סאָלאָוויי, סאָלאָוויי—אַ פייגעלע,
פּאָניע קושט אין לאָך פון בייגעלע,
ניִקאָלאַי טריִנקט און רעט
— דייטשן נעמען שטעט.

איִליאַ גייט אַרום פון ווינקל צו ווינקל, ער רעט צו זיִך, ער רעט צום ווייב און קען זיִך ניט צוגעוואָינען זיִצן איינער אליין אָן כאַוויירים גאַנצע נעכט איִן שטוב פאַרשפּאַרט. ענג איז אים געווען יענעם אָוונט און מיִד האָט ער זיִך געפיִלט, ווען ער האָט זאַלוצקען אַרויסגעשיִקט. איִן ציִמער מיִט דריי קיִנדער, מיִט אַ ווייב האָט ער זיִך דאָ געפיִלט, ווי פון מויל וואָלטן אלע ציינער אַרויסגעפאַלן, און אַליין האָט ער ניִט געוווסט פאַרוואָס ער האָט צו זאַלוצקען אַ מיִטגעפיל געהאט.

— וואָס האָבן זיי צו איִם געהאַט? גראַדע איִצט, ווען ער האָט אַ שטרייק געפיִרט, האָט אים דער טייוול אַריינגעמיִשט.

— פאַרשטייסט, מאלקע, פאַרשטייסט... מיין כעשבן איִז געווען אַ ריִכטיִקער. ער וואָלט קראַפיִרט און דעם שטרייק וואָלט ער נאָכגעגעבן. ער וואָלט געקראַפּיִרט זאָג איִך דיִר... דאַרף זיִך דער טייוול אַריינמיִשן.

דאָס ווייב האָט אים געטרייסט. זי האָט זיך געפילט העכער באַ זיִך, ווען איִליאַ האָט גערעט מיט איִר וועגן זיינע זאכן, און איִליאַ האָט דערפיִלט, אז איִצט דאַרף ער האָבן מיִט איִמיִצן זיִך דורכצוטאַינען, ווו נעמט מען איצט כאַווייריִם? אָבער כאַווייריִם

זיינען ניטאָ און ער, ער ווייס גוט, אז די גאַנצע נאכט וועט ער שוין ניט קאָנען רוען:

דער שטרייק איז שוין געווען דערקלערט, און ער האָט זאַלוצ־קעס טאָכטער אַף דער גאַס באַגעגנט. ער האָט דעם קאָפּ אָפּגעקערט אָנאַזייט און זי ניט געוואָלט אָנקוקן. מיט דער פאַטילניצע האָט ער דערפילט, אַז אַ פּאָר אויגן בייסן זיך איין אין אים און פון נייגעריקייט האָט ער געוואָלט זען צי עס איז ריכטיק. ער האָט זיך אָנגעטראָפן מיט אירע אויגן, און אירע אויגן האָבן געשמייכלט און מיט פריילעכקייט געלויכטן. ער האָט גאָר אָן זיין ווילן זיך אָפּגעשטעלט און פון איר דערהערט:

— וואָס מיין פאַפאַ האָט ניט צו מיר.

האָט ער געמוזט ענטפערן און מיט אַ שמייכל:

— איך רעכן.

זיי זיינען נאָכדעם לאַנג ארומגעגאַנגען. אין אָנהויב איז אים עפעס אומבאַקוועם געווען, אים האָט זיך זייער פאַרוואָלט געפעלן ווערן; ער האָט שוין געשפּאַסט, דערציילט פון זיינע רייזעס אין אויסלאַנד. שפּעט באַנאַכט האָט ער זי אַהיים געפירט, זי האָט שטייף און הייס זיין האַנט געדריקט.

— איך דאַנק, איך בין אַנטציקט, אינטערעסאַנט פאַרבראַכט... איר זייט ווערט אַ קוש.

זי האָט זיך פלינק צו אים אַ קער געטאָן, אַן איילי‌קן קוש געטאָן און אין טויער פאַרשוווּנדן. איז ער געבליבן שטיין באַם פאַרמאכטן טויער, זיך דערמאָנט, אַז מען דאַרף איילן אַהיים און זיך עטלעכע מאָל אָנגערופן אידיאָט, וואָס ער איז ווי אַ לעמעשקע געשטאַנען, ווען אַ מיידל האָט אים געקושט, ער האָט אָבער געהאַפּט און איז זיכער געווען, אַז ער וועט זי נאָך באַגעגענען...

— וואָס גייט איר ניט שלאָפן, קינדער... וואָס קריכט איר אַרום ווי ווערים אונטער די פיס און לאָזט אַ וואָרט ניט אויסריידן!

— וואָס האָסטו צו די קינדער און ווער לאָזט דיר ניט ריידן? יאָגסט זיך אַרום אין צימער שטום ווי דער טיש. קינדער! שלאָפן גייט... וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן, איליאַ!

ער וויל גאָרניט זאָגן, ער דאַרף כאַווירים אַף זיך דורכצוריידן. אָבער כאַווירים זיינען דאָ ניטאָ און עס ווילט זיך אים שוין שווייגן און ניט טראַכטן אַפילע וועגן דעם, גייט ער גלאַט אַרום איבערן צימער און פון גאָרניט טראַכטן דערטראַכט ער זיך, אַז גוט וואָלט שוין געווען די דייטשן קומען. זאָלן זיי שוין קומען, און פון בעדאַנק ווערט אים שוין גרינגער, עס וואָלט זיך מיט דעם געענדיקט אַן אָפּשניט פון זיין לעבן און ער וואָלט איצט אַלץ אַפסניי אָנגעהויבן. ער ווערט פריילעכער און זאָגט צום ווייב:

— ווי רעכנסטו, די דייטשן וועלן גיך קומען, מאַלקע?

## איבער נאַכט.

באַנאַכט איז אַוועק דער לעצטער צוג. ער האָט אַ לעצטן פייף געטאָן אין דער שטילקייט פון נאַכט, אַ לעצטן געשריי גע־טאָן צווישן די שטומע און אויסגעלאָשענע באַן-געביידעס און שטיל אַוועק. פּאַמעלעך און מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי נאָך אַ טויטן.

אין שטאָט איז די נאַכט געווען אַ שטילע, אָן טריט פון קאַ־ראַגל, אָן בילן פון הינט.—איין שטיק אויסגעגאָסענע רויִקייט איז געהאַנגען איבער גאַסן, און דורך לאָדן און טירן האָט די רויִקייט געשריען אין די הייזער און אומרויִקן ציטער אַרויסגערופן.

צו שטיל עפּעס...

אַף מאָרגן פרי איז די שטאָט אָן אַ באַלעבאָס געווען, ניט רוס, ניט דייטש—אַ שטאָט פאַר זיך אליין. איז עס פאַר שטאָט געווען גאָר אומגעריכט און ניי. אַף די שטילע גאַסן האָבן מענטשן ניט קיין זיכערן טראָט געשטעלט און קיין מוט ניט געהאַט פעסט די ערד אָנרירן מיט די פיס. פון דער שטילקייט און אומזיכער־קייט איז אין עמיצנס קאָפּ אַ געדאַנק געבוירן געוואָרן. עס קען ניט זיין, אַז מען זאָל אַ שטאָט לאָזן אָן אַ באַלעבאָס פראַנק און פריי, געוויס ליגט אַן ארמיי באַהאַלטן און וואַרט פאַרטאַיעט אַף די דייטשן, אז מען זאָל זיי פון קוילן און גראַנאַטן פון פענצטער און דעכער באַשיסן. ווי עלעקטרישער שטראָם איז איבער גאַסן דער בעדאַנק אַוועק און גאַסן זיינען ליידיק און פוסט געוואָרן.

אָבער אין שאָען אַרום איז געוואָרן אַ טומל און אַ לויפעניש, אַלע האָבן געאיילט באַגעגענען און אָנקוקן די דייטשן, וואָס זיינען פון אַלע עקן שטאָט אָנגעקומען מיט בלומען אין די לאַצן און מיט שמייכלען צו פרויען.

באַ יידן איז אין יענעם טאָג געווען יאָמקיפּער. מיט טאַלעס־זעקלעך אונטער די אָרעמס זיינען יידן געלאָפן אָנקוקן די דייטשן. מוישע מאַיאָנטעק איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַסאַך טאַלעס־זעקלעך און מיט אסאך יידן און האָט דערציילט, אַז ער האָט שוין גערעט מיטן הויף-גענעראַל, אַז די דייטשן לאָזן זיך ריידן און זיינען איידעלע לייט.

— פאָניע קוואָס מעג פוצן די שטיוול באַ די אַשקנאַזים.

און אין דעמדאָזיקן טומל זיינען צוויי מענטשן אומגעלאָפן. איינעמס נאָמען איז געווען איליאַ, דעם צווייטנס שיע שוסטער.ביידע זיינען געלאָפן אַרום די דייטשישע סאָלדאַטן מיט רויטע שלייפלעך אין די לאצן און זיך געוואָלט דערוויסן, ווער פון די דייטשן איז דאָ אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט.

## אונטערן שילד מיט זיבן שפּראכן.

טיפער האַרבסט האָט זיך באַזעצט איבערן שטאָט. קילבלעכע אינדערפריען און אומעטיקע פאַרנאַכטן. אַ פאַרויכערטער הימל מיט אַ מעשענעם קאַנט פון זון. הייזער רויכערן מיט ביסלעך רויך פון קוימענס. אין פאַרנאַכטן אזוינע טראַכט עפּעס שטאָט און וויל וויסן, וואָס וועט אַרויסקומען פון די טאַלאָנטשיקעס אַף ברויט וואָס דער דייטש זאָגט צו געבן. וואָס טראַכטן פויערים וועגן ריקווירירן קאָרן. שטאָט האָט בלעכענע דעכער איבער הייזער און קען זיך מיט זיי ניט דערטראַכטן צו קיין ענטפער, וואָס זאָל זי אונטערוואַרעמען און טרייסטן אין אַזוינע פאַרנאַכטן, ווען אומע־טיקע געדאַנקען קריכן אָן, ווי מענטשן אין א ריי באַ אַ ברויט־קראָם, ווייל עס ווערט טונקל און ווייל אַ ווינטל שאַרט זיך שטיל און צושראָקן, ווי אַ פויערטע אין שטאָט פאַר אַ פּאָליצמאַן, ווען זי ברענגט עפּעס פאַרקויפן, און וואַרפט שטאָט אַ דרימל איבער די גאַסן, לאָזט אַראָפּ שטאָרן איבער פענצטער און שלאָפט איין און וואַרט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אַפן ערשטן שניי, וואָס וויל ניט קומען, ווי דער ענטפער וועגן ברויט, קאַרטאָפל

און קעראָסין. אין איינעם א פּרימאָרגן האָבן זיך קלאנגען פֿון א וואַרעמען אָנזאָג צוטראָגן—מע וועט עפֿענען ביליקע קיכן. אין געוועזענעם ארבעטער-רעסטאָראן האָט זיך איצט א ביליקע ארבעטער קיך געעפֿנט. איבערן טיר אַפֿן גרויסן מויער האָט זיך א שילד באַזעצט און געטראָגן אף זיך אסאך פֿארביקע פֿלעקן, זיבן שפּראַכן—יידישער ארבעטער קיך. אין די צימערן פֿון דער ביליקער אַרבעטער-קיך איז טומלדיק און רוישיק. פֿאַר אַסאך איז דער טומל פֿון מענטשן אין קיך א מאָס פֿון ארבעטלאָזיקייט. אז פֿרעסט זייען געקומען און א שניי האָט זיך אָנגעלעגט אַף שטאָטישע דעכער, האָט שוין דער טומל פֿון מענטשן מיט דער געדיכטער קאָלטענעוואַטער לופֿט פֿון קרופּניק אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעטן אָוונט פֿאַרפֿולט די צימערן. אין קלאַנג פֿון לעפֿל, גאָפּל האָט מען דאָ ציימונגען געלייענט. וועגן אַרבעט זיך נאָכגעפֿרעגט, אין דאַמקעס געשפּילט. און טרעפֿן פֿלעגט אמאל, אַז דער גרויסער עס-צימער צוטיילט זיך אַף פּאַרטיי-ווינקלעך און איבער אַלע טישן איז אַ קריג פֿון פּאַרטיי-פּראָגראַמען און טיש מיט טיש האָט מיט פּאַרטיי-הימנען קאָנקוריט.

באַלעבאָס אין קיך איז געווען „בונד". בונדישע אָנגעשטעלטע האָבן באַזעצט די קיך און זיי האָבן די לאָזונגען אויסגעהאַנגען. כוץ קאַרל מאַרקסן און פּערעצן איז אַף דער וואַנט געהאַנגען אויך בראָניסלאַוו גראָסער. די איבעריקע פּאַרטיי-ווינקלען האָבן געהאַט געציילטע מענטשן, פֿלעגן זיי זיך אָפּט פֿאַרייניקן קעגן „בונד" און יעדער פֿלעגט אַ רעדנער אַרויסשטעלן.

צווישן די מיטגלידער פֿון ווינקל-עסער איז איינער, וואָס קומט אין קיך אַלע שאַבעס. אַ גאַנצע וואָך זיינען דאָ נאָר אַרבעטלאָזע און עסער פֿון קיך. דער איינער, וואָס אין דער שטיל האָט מען אים גערופֿן „שאַבעסניק" און זיין נאָמען איז געווען לאָנדאָן, איז ניט קיין עסער אין קיך און ניט קיין אַרבעטלאָזער. ער איז איינער פֿון די געשעפֿט-פֿירער פֿון אַ גרויסן אַפּטייק געשעפֿט, האָט אַ שיין ווייב, וואָס רעט מיט די קינדער פֿראַנצויזיש און אַ קלינגענדיקן און שיינעם נאָמען—לאָנדאָן. ער האָט געהאַט אַ שטאָלענעם ערנסטן אויסזען מיט לאַנגע האָר ביז איבער די אויערן מיט שוואַרצע פֿינקלדיקע אויגן, וואָס שמייכלען און לויפֿן באַוועגלעך און אין אַלע זייטן. זיינע רעדעס האָט ער אָנגעהויבן.

— כאַוויירים! אַז מיר עפֿענען די ביכער פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג און ווילן דורכקוקן דעם דעבעט מיטן קרעדיט פֿון די יידישע פּאַרטייען, וועט ווערן דאַן קלאָר, אַז די עס עס...

העלפֿן אָבער קיין רעדעס ניט, פֿאַרוואַרפֿט ער די האָר קאָפּאַרוף און גיט אַ שמייכל.

— ברענגט נאָר אַהער שיין, שיע שוסטער ברענגט אַהער... דעם קאַסיר.

שיע שוסטער איז קאַסיר פֿון דער אַרבעטער-קיך, און אים האָט עס געהייסן ברענגען לאָנדאָן—שיע האָט שוין זיינע האָר צושאָרט אַף אַן אָרט איבער די אויערן און וואָס זיין שמייכל באַדייט: דעם „בונד" דאַרף מען רייסן פֿון אינעווייניק. שיע פֿירט גאָר אַ יכעס-ליניע פֿון „איסקרע" און קען צווישן נעמען, וואָס בונדעוצעס רופֿן אָן, אַריינשלעפֿן אויך אַ נאָמען לענין. לאָנדאָנס פּאָנים פֿאַרציט זיך מיט אַ געדאַנק, זיין פּאָנים באַוועגט זיך ניט און עס דוכט זיך, אַז ער וועט באַלד עפּעס וויכטיקס זאָגן, נאָר ער זאָגט גאָרניט, גיט זיך אַ כאַפּ אויף און דערמאָנט זיך—שיע איז ניט קיין בונדאָוועץ און אין אַסאַך פֿראַגן וועט ער שוין זאָגן וועגן פּראָגראַם-מאַקסימום און מינימום, וועגן באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס... און אים, לאָנדאָנען, וועט אַסאַך גרינגער זיין נאָכדעם צו באַווייזן, וועלכע פּאַרטיי עס פֿאַרטרעט דעם יידישן אַרבעטער, ער שמייכלט פֿון זיין איינפֿאַל און איז צופֿרידן פֿון זיין זיג, וואָס וועט קומען, און אין זיין זיג איז ער זיכער. ער איז אַלעמאָל זיכער אין אַלץ, וואָס ער טראַכט און זאָגט אַרויס. מיט זיין זיכערקייט איז ער דערגאַנגען ביז אַ געשעפֿט-פֿירער אין גרויסן אַפּטייק-געשעפֿט, מיט זיין זיכערקייט איז ער געוואָרן אַ פֿירער פֿון עס-עס און צוליב זיין זיכערקייט האָבן אים בונדאָוועצעס פֿיינט און נוצן אים אויס נאָר דאַן, ווען מען דאַרף דינגען אַ קלוב אַף אַ קאָנצערט, ווען מען דאַרף פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט געזעלשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן. ער האָט אַ נאָמען אין שטאָט און פֿאַר זיין נאָמען האָט מען אַכט. און אַז מע נוצט אים אויס, לאַכן די בונדאָוועצעס נאָכדעם פֿון אים אינדערשטיל. ער איז פֿון לאַכן ניט ניספּאָעל געוואָרן, ער איז געווען אַ מענטש מיט ניכע געדאַנקען, מיט איינפֿאַלן, מיט שפּיציקע גלייכווערטלעך, און איבערהויפּט האָט ער געקענט יענע אָפּנאַרן און מאַכן אַליין אַ נעבעך-פּאָנים. אויב ער האָט ניט געקאָנט, האָט זיך אים געדוכט, אַז ער נאַרט, און איז פֿון דעם געווען צופֿרידן. שיע שוסטער ווייס, נאָך וואָס מען רופֿט אים. ער ווייס, אַז ער וועט ניט אַרויסטרעטן... ער איז אַ דיסציפּלינירטער פּאַרטיי-מאַן... פֿונדעסטוועגן שטעלט ער זיך אויף און גיט איבער די קאַסע איינעם פֿון די יונגע כעווירע, וואָס זיצן שטענדיק אַרום אים, שמועסן און וויצלען זיך און אַז עמיצער וועט שוין קומען קויפֿן אַ מיטיק וועט שוין יענער זאָגן:

— אַן אַדיוטאַנט זיצט... ווו איז דער גענעראַל אַליין?

אַזוינע „אַדיוטאַנטן" האָט שיע אַסאַך, אַלע זיינען זיי יונגע יאַטן און גייען אים שטענדיק נאָך. מענטשן וווּנדערט עס: ער איז שוין דאָך גאָר ניט קיין יינגל דער שיע און שלעפּט זיך אַרום מיט אַ גאַנצן כיידער. קיין יונגער איז שוין טאַקע שאַיע ניט—ער איז שוין געווען אַ קירזשנער, אַ שניידער, אַן אָנגעשטעלטער, פֿיר יאָר אין סיביר געווען און דאָרט אַ עלעקטרעמאָנטיאָר געוואָרן, איצט איז ער אַ קאַסיר אין קיך. די אַלע יונגע יאַטן, וואָס רינגלען אים שטענדיק אַרום און כאַווערן זיך מיט אים, האָבן פֿון זיינע רייד זיך געוווּנדערט:

— וואָס האָט מען פֿון אים ניט געהערט... איך הער איצט דעם ערשטן מאָל אַ נאָמען לענין... ער איז אַפּאָנים פֿון די יונגע, ניט לאַנג, האַ!

דערציילט שיע: אויב כעווירע וויסן פֿון „איסקרע", איז לענין געווען פֿון די הויפּט-פֿירער און וועגן באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס איז ער אויך געווען...

— גאָר אינטערעסאַנט... ער האָט עפּעס ביכער אויך?

— יאָ! אין ביבליאָטעקל באַ אונדז איז גאָר ניטאָ אַזוינס. עפּעס נים אַזוי ווי דו דערציילסט, שיע! פּלעכאַנאָוון ווייסן מיר, בעבל, קאַוטסקען... לעניִן האָבן מיר ניט געהערט קיין מאָל... ניט אַלעמאָל לערנט שיע די כעוורע. אָפּט לערנען זיי איִם.

— שיע! דיינע שיך... דיינע באָטשיקעס... שוין אַ יאָר ניט געפּוצט.

— אָנטליי מיר דיין געמבע, וועל איך זי אָפּראַזירן.

פֿילט זיך דאַן שיע ניט באַקוועם. ער באַשליסט, אַז דאָס איז אָפּגעלאָזנקייט, און מע דאַרף עס אויסראָטן, אין שטוב פֿאַרגעסט ער וועגן דעם, לאָזט דעם הערינג אַן אָפּגעצופּטן אָפֿן טיש, אַז ער זאָל טריקענען, און ער לייגט זיך אין בעט אריין מיט אַ ביכל אין די הענט און מיט די שיך אַף די פֿיס.

אַלע אינדערפֿרי פֿאַרנעמט ער זיך מיט ספּאָרט און רייבט מיט קאַלטע וואַסער זיין לייב. אין אָוונטן, אַז כעוורע קומען צו איִם און וועגן אַלץ איז שוין אָפּגערעט, לייגט ער זיך אריין אין בעט, ניט אַ שפּיי ביזן ווינקל און זאָגט.

— יאַטן, לאָמיר מאַכן אַ פֿאַרבאַנד פֿון באָכערים. ניט כאַסענע האָבן און פֿאַרטיק. זאָלן זיי בלייבן מיט די צעפּ...

איצט, אַז ער קומט אריין אין זאַל, ווערט שטיל און לאָנדאָן שרייט איִם אַנטקעגן:

— שיע, אייער וואָרט.

— עפּעס זע איך ניט, אַז דער פֿאָרזיצער זאָלט איר זיין.

דערפֿילט לאָנדאָן, אז ער האָט זיך צוגעאַיילט און פֿאַרענטפֿערט זיך:

— האַגאָם ניט, נאָר וואָס איז שאַיעך... מיר וועלן אייך הערן.

— איר ווילט דאַווקע... הערט... מיטיק ערשטער סאָרט 30 פּעניג, צווייטער—20...

לאַכט מען, לאָנדאָן בלייבט מיט אן אָפֿענעם מויל און קען זיך קיין אייצע ניט געבן, וואָס זאָל ער דאָ איצט טאָן. אומפּאַרטעיִשע בעטן שוין איצט שיען:

— ערנסט, כאַווער שיע, אייער מיינונג?

אייגנטלעך איז דאָך אַזוי... איך האָב דאָך ניט קיין מיינונג פֿון שיע שוסטער, נאָר פֿון אַ פּאַרטיי. און די מיינונג פֿון „בונד" האָט איר שוין געהערט... איך מוז גיין פֿאַרקויפֿן צעטלעך אַף מיטיק.

בלייבט ווידער, אַז דער בונדישער פֿאַרוואַלטער איז דער באַלעבאָס. אז ער הענגט אויס די לאָזונגען, פֿירט אָן מיט רעוואָלוציאָנערע יאָנטויוים, און אַז ער דאַרף, פֿאַרמאַכט ער א ציִמער און לאָזט קיינעם ניט אריין—אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון „בונד". טרעפֿט, אז עס פֿאַלט אויס אום שאַבעס, און לאָנדאָן מאַכט זיך ניט וויסנדיק און רייסט זיך אין טיר פֿון פֿאַרזאַמלונג מיט קוילעס, וואָס פֿאַרנעמט צימערן גלאַט אַזוי, גייט אים אנטקעגן אַרויס שיע און זאָגט מיט א מוסער-טאָן:

— כאַווער לאָנדאָן, דאָ איז א פֿאַרזאַמלונג פֿון די עסער פֿון קיך און איר רייסט זיך אַף די ווענט.

בלייבט לאָנדאָן שטיין אָן באַוועגונג און אָן רייד—ער איז ניט קיין ארבעטסלאָזער און ניט קיין עסער אין קיך, און אַהער קומט ער איינמאָל אין וואָך פֿאַרטיידיקן די עסעס.



— אנטשולדיקט, איך האָב געמיינט...

ער ווייס גוט, אז דאָ איז א פֿארזאַמלונג, אָבער ער ווייס אויך, אַז זיין פּארטיי-ווינקל אין קלוב-זאַל האָט נאָך ווינציק קייכעס זיך צו שטעלן קעגן.

— וועלכע פֿראַגן שטייען באַ אייך?

אָבער די טיר פֿארקלאַפּט זיך און שיע איז שוין אַף יענער זייט.

## סטודענטן.

פֿרעסט און אָדליגעס זיינען שוין געווען און אַף א שניי ווארט מען נאָך אַלץ. די גאַנצע שטאָט איז נאָר פֿאַרנומען מיט איינס—וועט שוין אַמאָל פֿאַלן א שניי?

אין אזא נאַכט, ווען דער הימל איז א קאַלטער, שטרענגער און קלאָרער געווען, האָט קיינער ניט געגלויבט טרעפֿן א פֿרימאָרגן א אויסגעדיקטן אין ווייכן שניי איבער האַרטע צופֿאַרענע גאַסן. געווען איז אָבער טאַקע אזוי. און צוזאַמען מיטן שניי האָט א האָפֿענונג גענומען קלאַפּן און מיט אומגעדולד אַף עפּעס געוואַרט.

נאָכדעם איז שוין דער וועג לאַנג א גלייכער און פּוכיקער געלעגן און לאַנג געוואַרט אַף פּויערשע פֿורן קאָרן, קאַרטאָפֿל און האָלץ, נאָר די פּויערשע דאַרע פֿערדלעך האָבן זיך לאַנג אַלץ ניט באַוויזן.

געווען איז איצט אזוי—ניט הונגער און ניט זאַט, נאָך ביסלעך ברויט געווען, נאָך קאַרטאָפֿל און אַפֿילע קעראָסין ריינעם און ניטגעמישטן האָט מען געקענט קריגן אינדערשטיל, אָבער אומרויִקע און ניטזיכערע זיינען געווען טעג. געוויגט האָט מען זיך צווישן ברויט און הונגער, און פֿאַרויס זיינען געווען וואָכן מיט דאַרע און אויסגעהונגערטע טעג.

דערווייל איז געווען ניט ברויט, ניט הונגער.

און געווען איז דערווייל נאָכוואָס: קינדער איז ווינציק געווען דער ברויט, וואָס מאַמעס טיילן איין, קינדער איז נאָך ווינציקער געוואָרן דער ברויט. וואָס דייטשן קלייבן זיך געבן. און גאַסן זיינען פֿול מיט מיליטער. באַם באַן איז דער טומל גרויס. דייטשן קומען, דייטשן פֿאָרן, סכוירעס פֿירט מען ארויס און סאָלדאַטן ברענגט מען, געווער ברענגט מען און אַלץ איז פֿארן פֿראָנט, אַלץ פֿארן פֿראָנט. און ווייטער זיינען דייטשן גאַנץ וואָילע און רויִקע מענטשן, און זאָל זיך יעדער זאָרגן פֿאַר זיך. פֿון זייערטוועגן איז גענוג, וואָס זיי קויפֿן אַלע טאָג צייטונגען באַ קינדער. א גאַנץ טוץ קינדער שלאָגן זיך איבער איין צייטונג—קלעקט עס פֿאַר אזויפֿיל קינדער ניט. אָבער קינדער זיינען שוין אַף דער גאַס, און די גאַס אליין זאָגט שוין אונטער וואָס צו טאָן.

— הערעלע, הערעלע דייטש, א מערכען האַרפֿן זיי ניט? ארום און ארום ווימלען קינדער אין מאַמעשע און טאַטעשע מאַנטלען מיט טומלדיקע אויסגעשריען:

— געבראָטנס מיט מוזיק!

— ביר מיט מוזיק!

— אַלץ קריגט מען מיט מוזיק!

און זיי שלעפּן באַ די פּאָלעס די דייטשישע סאָלדאַטן צו די בירעלעך, רעסטאָראַנען און קאַפֿעען, וואָס זיינען אָנגעזעצט באַ

דער באַן-גאַס. ווי אַן אַלטער פֿאַרשימלטער ניקאָלאַיעווער גענעראַל מיט מעדאלן.

צווישן אַלע קינדער געפֿינען זיך דאָ עטלעכע, וואָס אַ מאַמע זייערע פֿארקויפֿט צייטונגען און אַ טאַטע טראָגט ברילן מיט פּירקאנטיקע גלעזלעך און האָט אַ נאָמען איליאַ.

דער נאָמען אַליין און דער מענטש מיטן נאָמען איז איצט פֿאַרנומען. אין דער קאַנצעלאַריע פֿון אַרבעטער-קיך איז איצט אַ זיצונג פֿון בונדישן קאָמיטעט, און מענטשן האָבן געטאַינעט:

— מיר מוזן ווענדן אונדזער אויפֿמערקזאַמקייט אויף דער אינטעליגענץ... אין סטודענטן-פֿאַריין מוזן מיר פֿירן אַן אַרבעט...

קיין אייגענע אוניווערסיטעטן האָט די שטאָט ניט געהאַט, נאָר סטודענטן זיינען דאָ אַסאַך געווען, אַנגעלאָפֿענע און אָנגעפֿאָרענע.

אין די אָוונטן זיינען שוין איצט בונדאָווצעס אין סטודענטן-פֿאַריין געקומען, אָפֿטער פֿאַר אַלעמען איז דאָ איליאַ געווען און געזאָגט האָט מען דאָ וועגן אים:

— אַן אינטעלעגענטנער אַרבעטער.

פֿאַר שיע שוסטער איז געגוג די אַרבעטער-קיך, די יונגע כעווריע, וואָס רינגלען אים אַרום. עפּעס איז נאָך פֿאַראַן, וואָס פֿאַרנעמען זיין אויפֿמערקזאַמקייט, אָבער דאָס טרויט ער קיינעם ניט אָן.

שוין יאָרן זיינען אַוועק ווי פֿאַר שיען איז געווען איין און איינציק צוועק אין לעבן—קאַמף פֿאַרן סאָציאַליזם. נאָך פֿון שוועסטער עלטערע האָט ער יונגערהייט געהערט ווערטער ניט קיין פֿאַרשטענדלעכע, נייע און הייסע. און איידער ער האָט נאָך באַוויזן די ווערטער צו פֿאַרשטיין, איז דאָס יאָר 1905 אָנגעקומען, און די ווערטער זיינען אויף דער גאַס אַרויס, אויף פֿאָנען זיך באַזעצט און מיטאַמאָל געוואָרן קלאָר און פֿאַרשטענדלעך. נאָך בײַזן יאָר, וואָס האָט אַ רויטן בלוטיקן „פֿינף" אָנגעצונדן, האָט זיך בײַ שיען דורך אַרעסטן, דורך בלעטלעך פֿאַרבאָטענע און ווערטער אומפֿאַרשטענדלעכע אויסגעוואַרעמט אַ סינע צום קייסער. אַ סינע צו בורזשויען, און אין דעם יאָר פֿון רויטן בלוטיקן „פֿינף" האָט עס צעבליט, צעוואַקסן, פֿאַרפֿעסטיקט אויף שוין קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן און אויף אַלע מאָל געדענקען.

צוזאַמען מיט סינע, צוזאַמען מיט האַס איז אויך ליבע געקומען וואָס איז אויך געוואַקסן דורך די שוועסטער און אומפֿאַרשטענדלעכע מיילער. אַ ליבע צו אַ זאַך, וואָס טראָגט אַ קורצן און אַזאַ מאָדנעם נאָמען „בונד". געדוכט האָט אים פֿון אָנפֿאַנג, אַז מער ווי אַ נאָמען איז ניטאָ, און וואָס דער נאָמען באַטייט איז ניט וויכטיק, און שפּעטער איז אויסגעוואַקסן אַ פֿולער און גרויסער אינהאַלט פֿאַרן נאָמען און נאָך אַ טיפֿערע ליבע צו אים.

אין יאָרן פֿון פֿאַרשיקונג איז אים אויסגעקומען צו טרעפֿן קעגנער פֿון „בונד", און געווען זיינען די קעגנער ניט קיין ציאָניסטן. פֿאַר שיען איז קיין נייס ניט געווען, אַז ציאָניסטן און בורזשויען זיינען קעגן, ער וואָלט דיביידע מיט אַ כאַוער צוזאַמענגעבונדן און אויפֿן פֿייער געבראָטן. ער האָט אָבער דאָ געטראָפֿן אייגענע—רוסישע אַרבעטער, און דאָס האָט אים פֿאַרוואונדערט ביז פֿאַרדרוס. פֿון אָנפֿאַנג איז געווען איבעראַשונג און ווייטיק און נאָכדעם געדאַנקען אויף קלערן און איבערקלערן. און שוין נאָכדעם, פֿאָרנדיק צוריק, האָט ער געפֿירט אַסאַך אויסבעסערונגען צום אינהאַלט פֿון „בונד", וואָס רוסישע אַרבעטער האָבן אים איינגעוואָרצלט צוזאַמען מיטן נאָמען לענין.

אין איינעם אַ אָוונט האָט שיע זיינע אַלע כעווריע געגעבן אַ באַפֿעל:

— מאָרגן גייען מיר אַלע אין סטודענטן-פֿאַריין. קיינער טאָר ניט פֿעלן... טאָמער וועט האַלטן בײַ קלעפּ, איז געקנאַקט אויף אַלע זייטן.

— בײַ קלעפּ!

— יאָ, כעווריע... אַ דיסקוסיע וועגן בונדיזם און ציאָניזם... אַלע מאָל קומט צו קלעפּ... איז זאָלט איר בוכטשען אין די זייטן.

האָבן כעווריע ניט געוווּסט: צי זיך פֿרייען, וואָס מען דאַרף געבן קלעפּ, צי קלאָר מאַכן די אומפֿאַרשטענדלעכקייט, וואָס שיע שיקט זיי אויף ציוניאָסטישע פֿאַרזאַמלונגען. שיע האָט דאָך ניט איינמאָל געטאַינעט: וואָס איז דעם „בונד" געבליבן?—אַמפֿערן זיך מיט ציאָניסטן, ברענען די ציאָניסטן אויף אַ פֿייער! דער בונד האָט וויכטיקערע זאַכן...

אָבער אין די יונגע בלוט זיינען שוין בייזיקע פֿונקען אומגעלאָפֿן, וואָס האָבן געררייצט און אומרויק געמאַכט, זיי האָבן אינגאַנצן אָפּגעוואָרפֿן די צווייפֿלעניש, זיי האָבן אויסגעקליבן — קלעפּ!

דער סטודענטן-פֿאַריין איז פֿול געפּאַקט מיט מענטשן. אין בופֿעט-צימער איז הייס און אָנגערויכערט, גלעזער טיי, טעלערלעך, גאָפּלען, רייד און געלעכטער. אין רוישיקן בופֿעט-צימער האָבן אויף אַ ווײַלע אַלע די מיילער צוגעמאַכט, שאַרפֿער און שטרענגער אָנגעצוינן די אויגן אָנצוקוקן ווי עס האָט זיך אַריינגעלאָזט שיע-שוסטער אין אַ גרויסער מאַכנאַטער סיבירער פּאַפּאַכע מיט אַ צוטרענטן נאָס, פֿון וועלכער ברודיקע קניפּלעך וואָטע האָבן אַרויסגעקוקט, מיט אַ קורצן אָפּגעבראָכן בייטשל אין האַנט, מיט אים אַ כאַפּטע יאַטן, וואָס האָבן פֿון פּראָסטיקן דרויסן געסאָפּעט מיט די נעזער, זיי האָבן אָנגעגרייט פֿרייע און פּראָסטע באַוועגונגען, און איצט אונטער דער שיין פֿון עלעקטריע און נייגעריקע אויגן ניט געקאָנט אַרויסציען די הענט פֿון די קעשענעס. שיע איז געגאַנגען פֿאָרויס און דערפֿילט זיך ווי ער וואָלט אַ פֿרעמדע טיר געעפֿנט און אָנגעטראָגן שיך מיט בלאָטע. פֿון בופֿעט זיינען זיי אין לייען-צימער אַריין, נאָכדעם אין זאַל. שיע האָט געזאָגט:

— איר ווייסט, יאַטן, איך פֿיל זיך דאָ ווי אין באָד אין וואָליקעס, לאָמיר אַרויסגיין אָפּוואַרטן אין גאַס.

געזעסן איז שיע מיט די כעווריע אויף די ערשטע בענק און מיט אַקשאָנעס ניט געוואָלט אויסטאָן די היטלען. איליאַ איז אויף דער בינע אומגעלאָפֿן. דער רעדנער האָט גערעט געלאַסן, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געהויבן די נעזלעך פֿון די שיך נאָכדעם האָט ער די ווערטער געוואָרפֿן שנעל, מיט האַסט, שאַרף און שלאָגנדיק. אין זאַל האָט זיך עמיצער אויפֿגעהויבן פֿון אָרט און געזאָגט „אזוי". דער רעדנער האָט אָפֿן „אזוי" אָנגעוואָרפֿן שפּי-

ציקע, בייסנדיקע ווערטער וועגן ציאָניסטן און פּאַלעסטינע... פֿון אַ ווינקל האָט מען געשריען: „ניט פּאַלעסטינע, נאָר ערעציִס־ראָעל“... באַם רעדנער זיינען אַלץ האַסטיקער געפֿלויגן די ווערטער און זיינען שטעכיקער און שאַרפֿער אַלץ געוואָרן. ער האָט שוין בעקיוון אַסאַך מאָל איצט איבערגעכאַזערט פּאַלעסטינע און נאָר פּאַלעסטינע.

— ערעציִסראָעל זאָגט מען אייך, אידיאָט!... שיעס הענט האָבן זיך אויפֿגעהויבן און געוואָלט אַפֿן שרייערס פּלייצעס זיך אַראָפּלאָזן און אים איינשטילן, נאָר יענער איז פֿריער שטיל געוואָרן.

דער רעדנער האָט פֿאָרגעזעצט: יונגערמאַן, איר דערמאָנט מיר אַ באָק, וואָס האָט זיך געוואָלט...

דער יונגערמאַן האָט זיך צום צווייטן מאָל שוין אויפֿגעהויבן און זיך אויסגעקערט צום פֿאַרזאַמלטן אוילעם:

— כאַווײרים ציאָניסטן, מירן ניט דערלאָזן, אַז יעדער אַנטיסעמיט זאָל...

שיעס הענט האָבן שוין באַוויזן יענעמס פּלייצעס אָנטאַפּן און שטרענג אַריינזאָגן: זעצט זיך, אַז ניט וועט מען אייך אַרויסטראָגן. פֿון עטלעכע ווינקלען האָבן זיך דערהערט אויסגעשרייען, אַף עטלעכע בענק האָבן זיך מענטשן אויפֿגעהויבן, פֿון פּרעזידיום האָט מען געקלונגען, געבעטן און געפֿאָדערט ביז עס איז שטיל געוואָרן, און דער רעדנער האָט ווידער אָנגעהויבן שטיל און רויִק ביז ער האָט זיך צעשאָקלט און גענומען וואַרפֿן ווערטער אַף ווערטער, ווי טראָפּנס אין אַ געדיכטן רעגן.

פֿון עטלעכע רייען האָבן זיך מענטשן מיטאַמאָל אויפֿגעהויבן אַלע צוזאַמען און עטלעכע מיטאַמאָל האָבן אויסגעשריִען:

— מירן ניט דערלאָזן... די ציאָניסטן מעלדן, אַז זיי פֿאַרלאָזן דידאָזיקע שענדלעכע פֿאַרזאַמלונג, מיר רופֿן זינגען די „האַטיקוואָ“

אויד לוי אָודאָ טיקוואָסיינו...

— — — — — — — —

— — — — — — — —

אַ ווײַלע איז אין פּרעזידיום געוואָרן אַ טומל, אַ ווײַלע האָבן זיך מענטשן אין זאַל אָנגעקוקט און ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן ביז אַ צווייטער געזאַנג האָט זיך דערהערט:

ברידער און שוועסטער פֿון אַרבעט און נויט:

— — — — — — — —

— — — — — — — —

ביידע געזאַנגען האָבן זיך געריסן אַף העכער, געוואָלט איבערשרייען איינער דעם אַנדערן, פֿאַרטומלען, זיין שטאַרקער. אַלע זיינען געשטאַנען אַף די בענק, מיט די היטלען אין די הענט און באַוועגט מיט זיי אינדערלופֿטן. נאָך די לידער האָט מען איינע די אַנדערע איבערגעשריען מיט לאָזונגען, מיט זידלערייען, מיט אויסגעשרייען:

— כאַווײרים פֿון בונד אַף דער בינע.

גערופֿן האָט מען די בונדאָווצעס און געלאָפֿן זיינען די ציאָניסטן. אַלע האָבן געוואָלט די בינע פֿאַרכאַפּן. שיִע שוסטער איז געשטאַנען מיט זיינע כעווריע באַ די טרעפּלעך און קיין פֿרעמדן ניט אַרופֿגעלאָזן. אין איינגעשפּאַרטן האָט ער מיט דער פּאַפּאַכע געקלאַפּט אין די אויגן און די איבעריקע האָבן פֿאַר די הענט און פֿיס געשלעפּט.

אַף דעם האָט זיך ווידער צעקלונגען די „שוועע“, דער זאַל האָט געענטפֿערט מיט „האַטיקוואָ“. באַלד איז דער זאַל שטיל געוואָרן און גענומען רודערן קלאַפּן מיט טישן און בענק, מיט קוויטשען און מיט פֿייפֿן. די בינע האָט זיך געמאַכט ניט ווינסנדיק, העכער און רייסנדיקער שוין ניט געזונגען, נאָר געשריען די ווערטער פֿון דעם ליד. עס איז פֿינצטער געוואָרן, די בינע האָט געזונגען אין דער פֿינצטער. אַז די עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן זיך ווידער אָנגעגאָסן מיט ליכט, האָט שיִע אַ שפּרונג געטאָן אין זאַל אַריין און נאָך אים זיינע כעווריע. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטול און אַ שליידער געטאָן צו די ציאָניסטן. דער שטול איז פֿאַרפֿלויגן אין אַ פֿענצטער און מיט אַ טומל און פֿייף צובראַזגעט די ראַם שויבן, וועלכע האָבן זיך צושאָטן און צוזייט אַף שטיקלעך, דער געזאַנג אַף דער בינע איז איבערגעריסן געוואָרן. עס איז געוואָרן אַ געשריי און אַ ליאַרם, קיינער האָט ניט געוווּסט פֿאַרוואָס דער שאָכן שרייט און וואָס ער אַליין טומלט. קלאָר איז נאָר געוואָרן דאַן, ווען צווייען האָבן זיך גענומען דראַפּען און רייסן און איינער פֿון זיי האָט דעם צווייטן געשלאָגן מיט אַ פּאַפּאַכע איבער די אויגן. נאָכדעם איז שוין אינגאַנצן אומקלאָר געוואָרן ווער וועמען עס שלאָגט, הענט האָבן זיך געהויבן און אַראָפּגעלאָזן איבערן גאַנצן זאַל, עמיצער האָט געשריַען, עמיצער האָט געקוויטשעט, געפֿייפֿט און געגוואַלדעוועט פֿון אַלע זייטן. טישן האָבן זיך גערוקט, בענק זיינען געפֿאַלן, שויבן האָבן געפּלאַצט, פֿינצטער איז געוואָרן.

אַפֿן גאַס האָט מען זיך צעשטעלט באַ די ראָגן און געוואַרט אַף עפּעס, אַ היפּשע ווײַלע איז מען געשטאַנען, און יעדער ראָג האָט זיך בּאַראַט וואָס צו טאָן. דערנאָך האָט מען געשיקט פֿאָרשטייער איינער צום אַנדערן.

— גייט אַהיים—האָט געמאָלדן דער בונדישער פֿאָרשטייער—מירן אייך מער ניט טשעפּען, וואָס פּאַסט עס אַפֿן גאַס צו טומלען.

— גייט איר אַפֿריער, מירן אייך אויך ניט טשעפּען,—האָבן געענטפֿערט די ציאָניסטישע פֿאָרשטייער.

קומען מיר ניט צו קיין אויסגלייך?

איז מען ווידער געשטאַנען אַף די ראָגן און פֿאַר זיך איינגעטאַינעט און דערוויזן, אַז דער ערשטער גייט קיינער ניט אַוועק. געווען איז באַ אַלעמען אַ זיכערקייט און איבערצייגונג, אז דאָ אַף די ראָגן גאַס וועט געלייזט ווערן דער זיג פֿון היינטיקער דיסקוסיע: ווער וועמען?

צום סאָף האָבן די פֿאָרשטייער אָנגענומען אַ קאָמפּראָמיס:

— ביידע ראָגן גייען זיך איינצייטיק פֿאַנאַנדער.

(פֿאָרזעצונג קומט).

ב. אָרשאַנסקי.

# ב ל ו ט.

(ס אָ ף).

## פערטער אקט.

א סקלעפּנאַרטיקער צימער, ענלעך אַף אַ מיטלאַלטערישער הייל. אין סיפּע ווענט—לאַנגע, שמאָלע, גראַטעסירטע פענצטער, ענלעך אַף אַן אוראַלטן פאַרלאָזענעם קלויסטער.

פון הויס, פון הינטער דיקע ווענט דערטראָגט זיך אַ טומל און ראַעש פון מאַסן, אַ געמיש פון קוילעס און געזאַנג, פון שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן און הורא-געשרייען.

עס עפנט זיך דער פאָרהאַנג.

אַן אָפיצער, אַן אונטעראָפיצער און סאָלדאַטן אַלע באַוואָפנטע, ווער מיט רעוואָלווערן, ווער מיט ביקסן, שרייען.

— ניט גיט!
— אַהערצו ז'ניט דערלויבט!
— אַף הונדערט טריט עס טאָר קיין איינער צוגיין!
— גייט אָפּ!
— טרעט אָפּ!
— איך שיס!
— איך שיס!
— פּ-פּ-פּ-לי!
— פלי!..

אַ שאָס—און עס טוען אַ ציטער די שויבן. עס גיט נאָך אַ שאָס, און אַ ווירבל פון קוילעס טוט זיך אַ הויב אינדערלופטן און מיטאַמאָל ווערט ער ערגעץ ווייט צושאָטן און פאַרלאָרן, ווי אימיצער וואָלט דאָס אַלץ מיט קראַפט אָפּגעשטופּט.

### אָפיצער.

איך וועל זיי ווייזן!
די וואַך איז קליין, און זיי—אַן אוילעם אַזאַ גרויסער...
פון אַלע גאַסן שפּאַרן זיי אַהער...
איך וועל זיי ווייזן!

שפּרינגט ארויף אַף אַ באַנק, קוקט אין פענצטער, רעט צום אונטעראָפיצער.

באַפויל ס'זאָל גרייט צו שיסן זיין די וואַך,
און אָנגעלאָדן שטענדיק ס'זאָלן זיין די ביקסן!
און קיין שום וואַקלעניש וועל איך דאָ ניט דערלויבן.
שיס און ניט בערעס!

### אונטעראָפיצער.

סלושאיוס!..

לויפט ארויס. דער אָפיצער קוקט אין פענצטער.

### ערשטער סאָלדאַט.

צוריקנדיק זיך צום אָפיצער. כניפּעדיק.

אייער בלאַגאָראָדיע ז'א שיסער גאָר אַ גוטער—
אין שטערן גלייך געטראָפן האָט איר אים.

### אָפיצער.

אַ כוצפּע! איך שריי אים גיי אַראָפּ: און ער—כאַווייריס...
האָב איך געגעבן אים אַ כאַווערל... פון בליי.

### צווייטער סאָלדאַט.

קוקט אין פענצטער. זאָגט שטיל דעם דריטן.

מען האָט אַף פּלייצעס אים געטראָגן.

### דריטער.

ער האָט געפאָכעט מיט די הענט, געוואָרפן פייערדיקע ווערטער.

### פערטער.

און אַלץ צו אונדז גערעט... צו אונדז.

### פינפטער.

„סאָלדאַטן"... „ברידער"... „טייערע כאַווייריס"...

### ערשטער.

הערן אָפּן קאָל.

יאָ, „ברידער"... אַ זשיד מיסטאָמע איז דאָרט געווען.

### אָפיצער.

נאָר זשידעס!
זשידעס און סטודענטן און פּאָליאַקן!..
פון פאָטערלאַנד די סאָנים און פאַרעטער...

### ערשטער.

שטעלט זיך אין פראָנט. די האַנט אונטערן דאַשעק.

מיט ביקס און שווערד מיר וועלן אָפּווישן פון ערד,
פון לאַנד פון הייליקן פאַרטרייבן.

### דריטער.

מיר שרייען „שטיי!" און זיי—זיי שפּאַרן אַזש צום טויער.

### פערטער.

ער האָט געטאָן אַ ציטער...
און בלאַס געוואָרן איז זיין פּאָנים.

### צווייטער.

אין איין מינוט, איז אַלץ אַרום געוואָרן שטיל.

### ערשטער.

אַ קויל וועט העלפן שטענדיק.
ווי הינט, זיי ציטערן פאַר טויט...

### אונטעראָפיצער.

לויפט אריין אַ פאַרסאָפּעטער.

עס וואַקלט זיך די וואַך...
זיי וועלן אָפּגעבן די ביקסן.

### אָפיצער.

כ׳וועל שיסן!
אָן ראַכמאָנעס וועל איך שיסן יעדן,
ווער ס׳וועט כאָטש איין מינוט זיך וואַקלען.
עס טאָר ניט טראַכטן אַ סאָלדאַט אין שלאַכט,
הערן דאַרף ער דעם באַפעל און שיסן גרייט זיין שטענדיק.

עס דערטראָגט זיך אַ קנאַל פון אַ ביקס, דער אָפיצער און די סאָלדאַטן לויפן צו צום פענצטער.

### צווייטער.

עס שפאַרט פון צווייטער גאַס אַ גרויסער אוילעם.

### דריטער.

פאָנעס... רויטע, פאָנעס פלאַקערן איינלויפטן...

### פערטער.

אַך, וואָס פאָנעס! ווי כאָרוגוועס אין אַ יאָנטעוו!

### פינפטער.

טוט אַ קוק, זעט, פאַרפולט עס וועלן אַלע דעכער.

### אונטעראָפיצער.

זיי וועלן מער ניט שיסן...
זיי האָבן מוירע פאַר נעקאָמע פון האַמוין...

### צווייטער.

און איך וועל אויך ניט שיסן!

### דריטער.

עס ציטערט אין מיין האַנט די ביקס...

### פערטער.

אַוואַדע! נאָמיר גיין אַהין, צו זיי.

### פינפטער.

מאַניפעסט!.. פרייהייט..

### ערשטער.

שרייט אויס מיט אַ ווילדער האַנאָע.

סאָלדאַטן!.. קאָזאַקן!.. פול דער פלאַץ!

די איבעריקע סאָלדאַטן צוריקן זיך צושראָקן אין די ווינקעלעך.

### אונטעראָפיצער.

פיקעס!.. בלויזע שווערדן!.. שנײדן אין האַמוין!

### ערשטער.

שינדן וועט מען זיי די הויט!

### אָפיצער.

וואָס—דען—, אַ שפּילעכל... זיי ווילן בלוט,
איז פרעסט!...

פלינק אַ קער צו די סאָלדאַטן.

אַף די פאָסטנס!
שנעל!
נאָך מיר!

די סאָלדאַטן לויפן ארויס צושראָקענע. נאָך זיי דער אָפיצער און דער אונטעראָפיצער. פויזע. עס הערן זיך געשרייען, קוילעס, נאָר באלד נעמען זיי זיך דערווייטערן ביז־וואנען זיי פארשווינדן אינגאַנצן.

לאנגע פויזע. עס לאָזט זיך אריין דער פאָרזיצער און נאך אים פינף ריכטער פון קריגס-געריכט. אַלע אלטע פליכעוואטע גענעראַלן. דער פאָרזיצער—א הויכער, אַ דאַר־אויסגעטריקנטער, ווי א מומיע, מיט צוויי שורעס אָרדנס מיט און אָן בענדלעך. אויסגעהאנגען, ווי אף אן אויס־שטעלונג אין א שויפענצטער. זיי גייען שטיל, צושראָקן, ארומקוקנדיק זיך פון אלע זייטן. צוזעצן זיך ווו ווער עס געפינט אן אָרט. פויזע. דער פאָרזיצער הערט זיך איין.

### פאָרזיצער.

אַן איימיקע און שטורעמדיקע צייט
אַף ערד אַף זינדיקער האָט אָנגעשיקט דער הימל.
ער ווערט צעיושעט דער האַמוין, ער ווייס ניט פון קיין צאַם
און ס׳איז געזעץ פאַר אים נאָר טויטע ווערטער
ס׳איז אומרויק ביז גאָר באַ מיר דאָס האַרץ...
און גראָד אָט היינט פאַרוואָלט האָט זיך דעם שעף
אַ מישפעט אַזאַ האַרבן...

### איינער פון די ריכטער.

יאָ, אָט היינט, ווען ס׳בושעוועט די גאַס
מיט רויטן אומזין.

### צווייטער.

דער רויטער טייוול ברענט אין זייער בלוט.

### דריטער.

ס׳איז עפשער שוין דער אָנהויב פון דעם סאָף?..

עס גיט אַ קנאַל און אַ שטורעמדיקער הורא-געשריי צוטרייסלט די לופט, אַלע בויגן זיך איין, קוקן צושראָקן אף די פענצטער און די טירן. פויזע.

### פאָרזיצער.

עס כאַזערט נאָך אַמאָל זיך איבער די געשיכטע...
מיר זיינען אין באַסטיליען...
נאָר ס׳דוכט זיך מיר, עס זיינען דאָ די ווענט אַביסל שוואכער...
עס וועלן קומען עפשער נאָך קאָזאַקן...
וואָלט נעמען כאָטש אַ סאָף, און מיר וואָלטן
אַהיים כאָטש קענען קומען גיכער...

קלינגט. עס לויפט אריין דער אָפיצער.

נו, וואָס הערט זיך?
מען האָט געבראַכט שוין די פאַרברעכער?

### אָפּיצער.

דערווייל נאָך ניט.
ווי אַלעמאָל, איז היינט ניט מעגלעך זיי צו פירן.
מען מוז די קאַרעטע מאַסקירן,
און דורך הינטער-געסלעך פירן זיי, פאַרדרייט, פאַרפּלאָנטערט,
אַז קיינער זאָל ניט וויסן, ווער עס ווערט געפירט.
עס ווילדעוועו האַמוינים אַף די גאַסן
און קיין שום וואַך וועט היינט ניט העלפן,
איך האָב אין טפיסע דאָ ניט לאַנג געקלונגען:
„מען האָט זיי אָפּגעפירט אַהער"—אַזוי האָט מען געענטפערט.

### פאָרזיצער.

איז אונדזער וואַך כאָטש טריי?

### אָפּיצער.

ביז היינט געווען רויק איז די וואַך,
און קיינער וואָלט ניט וואַגן צוגיין אַף אַ הונדערט טריט.
נאָר היינט פאַרטאָג פאַרשפרייט האָט עמיצער אַ קלאַנג,
אַז ס'האָט דער צאַר, דער פאָטער אונדזערער געזאַלבטער,
געכאַסמעט זיי אַ מאַניפעסט, וואָס געבן זאָל
אי פרייהייטן, אי גלייכהייטן אַסאַך.

### פאָרזיצער.

א מינוט בליצט אויף אַ פייערל אין זיינע אויגן.

ניי, און לאָז אַזעלכע קלאַנגען ניט פאַרשפרייטן.
פאָרש אויס גענוי, ווער ס'האָט די קלאַנגען שעדלעכע געלאָזן.
און שטראָף, שטראָף האַרב פאַר יעדן טראַכט אַזעלכן.

### אָפּיצער.

סלו-שאַיוס!.. איך האָב אַזוי געטאָן.
עס זיצן צוויי בא מיר אין קאַרצער.

א קנאַק מיט די שפּאָרעס. אָפּ. דער פאָרזיצער קוקט אריין אין פענצטער.

### פאָרזיצער.

מען האָט דעם אוילעם, דאכט זיך, שוין פאַרטריבן
און פיקעס זעט מען אָן אַ שיר פון ווייט...

זעצט זיך לעבן טיש. עס קומען און עס זעצן זיך ארום טיש די ריכטער. מיט אַ שטילער, טרויעריקער שטים.

עס וועט אים מער ניט מעגלעך זיין באַהאַלטן...
נעכטן צוויי באַנאַכט געשען איז דער אומגליק,
און היינט איז ער באַוווּסט אין אַלע גאַסן:
אַ מאַניפעסט...
וויטע... וויטע...
באַם אַדל רוסישן איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי פאַמיליע,
און פרעמד איז זי דעם רוסישן געהער...
עס איז א פרעמדע האַנט דערביי געווען.

### די ריכטער.

— אַ פרעמדע...
— מאַניפעסט...
— וויטע...

### פאָרזיצער.

אליינהערשער געווען ביז נעכטן צוויי באַנאַכט...
ווי פעלזנשטיין, ווי באַרג-גראַניט,
געשטאַנען איז אַן אַלטע,
פון גאַנצן פאָלק געאַכטע,
דריי הונדערט יאָר די הייליקע דינאַסטיע
און איצט—
זיין מאַכט, וואָס האָט געגעבן אים דער הימל, איז צוצוויים.
ווער ווייס, ווער עס האָט אין האַנט דעם גאָט-געזאַלבטן
די פעדער דאָרט דערלאַנגט,
געצווינגען דעם אונטערשריפט צו מאַכן
און אָוועקלייגן דעם שטעמפּל אַף דעם טריפּוואַקס.

### אַלע.

— ווער ווייס... ווער ווייס...
צי וועלן מיר מיט אונדזער קאָפּ ניט דאַרפן צאָלן?...
— אַ קלייניקייט—צעיושעטער האַמוין!...
צוקאָכט האָט זיך אין אים זיין שוואַרצע בלוט,
און איבערקערן וועט ער אַלץ מיט קאָפּ אַראָפּ.

### פאָרזיצער.

מיט קאָפּ אַראָפּ...
עפּשער שניידט ער שוין די בייכער פון די קינדער,
די פרויען אונדזערע ער האָט שוין עפּשער דאָרט געשענדט?

מען קלינגט. עס לויפט אריין דער אָפּיצער. ראַפּאָר-טירט.

### אָפּיצער.

זיין עקסעלענץ, גענעראַל קאָנאָפּיטאָוו.

### קאָנאָפּיטאָוו.

לויפט אריין, נויגט זיך. עס נייגן זיך אויך די ריכטער.

דער אורטייל איז שוין גרייט?

### פאָרזיצער.

טוט א ווונק דעם אָפּיצער, ער זאָל אוועקגיין.

דערווייל נאָך ניט... עס איז ניט גרינג...
אַ צייט אַ שווערע איז געקומען.
ווער ווייס, וואָס ס'זיין?

### אַלע.

ווער ווייס, וואָס ס'זיין, ווער ווייס?

### קאָנאָפּיטאָוו.

וואָס עס זאָל ניט זיין—
אַ טויט-אורטייל דאַרף ווערן פאַרטיק.
און נאָר וואָס שנעלער דאַרף איך האָבן דאָס פּאַפּיר.

### פאָרזיצער.

בזשראָקן, מיט אַ שטילער, האַכנאָעדיקער שטים.

דערפון וועט גאָרניט זיין אַלציינס,
ביז איר וועט אָנטאָן זיי אַ שטריקל אַפן האַלדז,

וועט קומען שוין, ווער ווייס, אַ נייער מאַניִפעסט...
און עפּשער גאָר אַמניִסטיע...
צוּ וואָס מיִר אַלע... איר פאַרשטייט...
און איִר טאַקע אַליין...
אַ צווויִלדעוועטע מאַכנע...
מען קען דאָך ניִט אַזוי...

קאָנאָפּיטאָוו.
טוט אַ טופּע מיטן פוס.

און איך קען אויך ניִט!
איך וויל ניִט זיין קיין קאָרבן פון פאַראַט.
איִר ווייסט מיין לאַגע זייער גוט:
די רעכטע האַנט באַם שעף פון די זשאַנדאַרמען און...
געהיימע דרוקערייען... דירעס אומלעגאַלע...

פאַרזיצער.

יאָ... אָבער...
מען וועט אונדז אויך „פונויבן" פרעגן:
איר'ט געזען—עס האָט אַ וויִנט אַן אַנדערער אַ בלאָז געטאָן
פון הויפטשטאָט. איִר האָט געהאַט אַ מאַניִפעסט...

אַלע.

— אָוואַדע...
— אַ מאַניפעסט.
— פון אים אַליין געכאַסמעט...
— אַ ווינטל גאָר אַ נייער...

קאָנאָפּיטאָוו.

עס האָט קיין אַנדער ווינט פונערגעץ ניט געבלאָזן.
עס האָבן זיך צעבושעוועט די קנעכט?
מיר קענען זיי דערשטיקן יעדע רעגע!
צו גיך האָט איר פאַרלאָרן אייער קאָפּ,
צו גיך אַנטלויפט איר פון דעם שיִף.
פויזע. קוקט מיט פאַראַכטונג אַף זיי.

אָט דאָס איז אונדזער שטיצע אין געריכט?
אָ, ניט אומזיסט געגויט געוועזן איז דער צאַר צו כאַסמענען
דאָסדאָזיקע פּאַפּירל.
איר פאַרגעסט—
פאַר אונדז איז דאָ אַ וועג נאָר איינער!
אויב „דאָס פאָלק" באַקומען וועט די פרייהייט,
איז סאַי-ווי-סאַי פאַרפאַלן אַלץ.
באַ אים וועט איר פאַר זיך קיין כעסעד ניט געפינען.
פויזע. שטרענג.

דערווייל איז נאָך מיין פולמאַכט ניט געמינערט
און אופשטאַנדן האָב איך ניט איין מאָל שוין דערשטיקט.
איר עפנט דעם געריכט.
פאַרמישפּעט זיי צום טויט,
דער טאַליען האָט שוין אָנגעגרייט די שטריק,
און באַלד וועל איך זיי הענגען דאָ אין הויף.
פלינק אָפּ. פויזע. דער פאָרזיצער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ.

פאָרזיצער.

נו, פאַרפאַלן...
קליִנגט. עס קומט אַריין דער אָפיִצער.

מען האָט זיי שוין געבראַכט?

אָפיצער.

יאָ, אייער עקסעלענץ... אָבער...
עס איז ביז גאָר ניט רויִק אַף דער גאַס.
איך בין געווען געגויט צו בייטן אונדזער וואַך:
דער טומל האָט צעמיִשט באַ זיי די מויכעס.

פאָרזיצער.

אַזוי... צעמיִשט באַ זיי די מויכעס...
און די וואַך איז שוין זיכער?

אָפיצער.

איך גלויב, אַז יאָ.

פאָרזיצער.

לאָז אַלעמען אַריין.
און שטרענג זאָלסטו זיך פירן מיט דער וואַך.

אָפיצער.

סלושאַיוס!..

אָפּ. דער פאָרזיצער טוט אומרויִק אַ מאַך מיטן קאָפּ און גייט אָוועק רעכטס. נאָך אים, שטיל, צעשראָקן, גייען אַרויס די איִבעריקע.
פויזע.
עס עפנט זיך אַ שמאָל טיִרעלע, און פון איִר גייט אַרויס מאַריאַ. זי איז בלאַס, איינגעהויקערט, צעשראָקן. זי זעצט זיך איִן רעכטן וויִנקל באַם ראַמפּע, קוקט ערגעץ אומבאַשטימט. עס עפנט זיך אַ צווייטע טיִר, און עס גייען אַריין ביילקע, יאַנעק און סטאַניִסלאַוו. מאַריאַ טוט זיך אַ הויב פון איר אָרט, ציילעמט איִבער סטאַניִסלאַוון.

מאַריאַ.

גאָט, דו אייביקער און הערשער איבער וועלט—
באַשיץ מיין מאַן אין שווערער שאָ.
פאַר דיר איז דאָך אַנטפּלעקט דער סאָד פון יעדן האַרץ,
נאָר דו אַליין באַווייזן קענסט אַ וועג די ריכטער.
ציילעמט יאַנעקן.

און דו, מיין קיִנד...
איך האָב געזיִנדיקט קעגן דיִר...
אַף מיר אין האַרצן טראָגסטו שוואַרצע סיִנע.
אָ, גאָט, פאַרוואָס האָסטו געגעבן מיר אַ מוטער-האַרץ אַזאַ,
וואָס פלאַטערט און וואָס בלוטיקט פאַר איר קינד?
ציילעמט און ניגט זיך פאַר דער איִקאָנע.

העלף אונדז, גאָט, אין שאָ פון אומגליק.

סטאַניסלאַוו.

מאַריאַ, רויִק זיך און האָב קיין מוירע.
דער בוימל מוז אַרופשוויִמען אַף וואַסער.
זשעראָמסקעס האָבן קיינמאָל ניט פאַראַט דעם צאַר.
עס לויפט אַריין דער אָפיצער.

### אָפיצער.

שטייט אוף! דער געריכט גייט!

*אַלע שטייען אוף. עס בלייבט נאָר זיצןביילקע. יאַנעק הויבט זיך צושראָקן אוף, וואַרפט אַ בליק אף ביילקען, הויבט זיך אָן לאַנגזאַם און פאַרשעמט אַראָפּצולאָזן אָפּן באַנק. עס קומט אריין דער פאָרזיצער און נאָך אים די ריכטער. אַלע צוזעצן זיך אף די ערטער. דער אָפיצער בלייבט באַם טיר לינקס. פויזע.*

### פאָרזיצער.

אין נאָמען פון געזעץ כ'דערקלער די זיצונג פאַר געעפנט.
ווי קינדער, שטאַרק פאַרשולדיקטע פאַר פאָטער און פאַר מוטער,
מיט ריינעם עמעס עפנט אוף דאָס האַרץ.
שטרענג איז דער געריכט, נאָר מילד איז ער פאַר די,
וואָס ווילן אופריכטיק און ערלעך אויסקויפן די זינד.
אָן אייך אַליין איז אָפּהענגיק דער אורטייל.

*פויזע. קוקט אין די פאַפּירן*

אַלע האָבן דעם באַשולדיק-אַקט באַקומען?

### סטאַניסלאַוו.

*נויגט זיך מיט אַ באַזונדער גרייטקייט.*

באַקומען, אייער עקסעלענץ!

### יאַנעק.

*טוט זיך אַ הויב. טוט אַ וואָרף אַ בליק אף ביילקען, פאַרלירט זיך, שטאַמלט אַרויס.*

יאָ... באַקומען...

### ביילקע.

*זיצט און שווייגט.*

### פאָרזיצער.

*טוט אַ קוק אף ביילקען.*

עס פרעגט אייך דער געריכט—
איר האָט דעם אקט באַקומען?

### ביילקע.

איך האָב צו מאַכן אַ דערקלערונג.

### פאָרזיצער.

איר האָט נאָך צייט,
איר'ט שפּעטער מאַכן די דערקלערונג—
ענטפערט וואָס מען פרעגט אייך...

### ביילקע.

*קאַלט, אַקשאָנעסדיק, העכערט די שטים.*

איך האָב צו מאַכן אַ דערקלערונג.

### איינער פון די ריכטער.

דאָס איז דאָך כוצפע!
איר זיצט פאַר אַ געריכט, אין וועמענס הענט
ס'געפינט זיך אייער גורל...

### ביילקע.

זאָלן מיר פון כוצפע בעסער דאָ ניט ריידן,
און קיין שום דראָונג וועט ניט שוואַכן מיין געמיט.

*פאָרזיצער קלינגט, ביילקע בייז, אירׂאָניש.*

אין אייערע הענט געפינט זיך איצט מיין גורל?
און אייער גורל ווו געפינט זיך איצט?!

### סטאַניסלאַוו.

עך, ווי פרעך עס זיינען די זשידיוהעס!
עס שטייט פאַר איר פון הויכגעשטעלטע לייט אַזאַ געריכט.
און זי...

### יאַנעק.

*שפּרינגט אוף, גיפטיק.*

פאָטער, דו ביסט אַ זון פון אַדל,
און שטענדיק האָסטו זיך מיט אַדלטום באַרימט.
ווי פּאַסט פאַר הויכגעשטעלטע לייט אַזוי, ווי דו,
צו ברויכן זידלערייען?

### פאָרזיצער.

עס זיינען ניט דערלויבט צו פירן קיין געשפּרעכן.

### ביילקע.

עס איז דער פּאָרעץ בייז, דער פּאָרעץ איז באַליידיקט.
געדאַרפט האָט זיצן נאָר דער פּאָרעץ דאָרט, און זיצט אָט-דאָ
וויל דער פּאָרעץ פאַלן מיט חאַכנאָע אַף די קני
און כאַנפענען אין ביין אריין די לייט?

*פאָרזיצער קלינגט*

זאָל דעם האָנאָר פוילישן פאַרהיטן כאָטש דער פּאָרעץ.

### פאָרזיצער.

*קלינגט ענערגיש און לאַנג.*

איך בעט זיין רויק.
הער אָפיצער, שטעלט זיך נעבן איר
און לאָזט אָן מיין דערלויבעניש ניט ריידן.

*דער אָפיצער שטעלט זיך נעבן איר. קוקט אף אי גאַרלעסדיק שטרענג.*

### אָפיצער.

זיצט, איר האָט קיין וואָרט ניט.

### ביילקע.

*טוט אף אים אַ קוק. טוט זיך שאַרף אַ קער פון אים.*

אַוועק!

*דער אָפיצער פאַרלירט זיך. קוקט ראַכמאָנעסדיק-פאַרלאָרן אף דעם פאָרזיצער, ווי ער וואָלט בא אים געזוכט הילף.*

### איינער פון די ריכטער.

עס ווערן צופיל פרעך שוין די פּאָליטישע פאַרברעכער,
שטרענג וועט מוזן דער געריכט באַשטראָפן
די אַקשאָנעסדיקע מוירדים.

### יאַנעק.

עס מוזן זיין די ריכטער רויק,
עס טאָר פאָרויס דער ריכטער ניט באַשטימען,
ווי האַרב ס'וועט זיין די שטראָף.

### מאַריאַ.

טוט זיך מיטאַמאָל א הויב פון איר אָרט, טוט איין טראָט אין דער טיף פֿון דער סצענע. שטרעקט אויס ביידע הענט צום פֿאָרזיצער.

שאַ, איך בעט אייך, הערט מיך אויס,
עס מוז אַהער הערגיין די שטים פֿון גאָט.
נאָר זי אליין מעסוגל איז צו זאָגן אייך דעם עמעס...
הערט זיך צו צום בוירעס שטים.

עס גיט ערגעץ אַ שטאַרקער קנאַל, עס טוען א ציטער די שויבן, עס רייסט זיך אריין, ווי מיט גוואַלד, דער שטורעם פֿון גאַס. מאריאַ ציט זיך אויס. הערט זיך איין, ציילעמט זיך פלינק.

פֿון גאָט די שטימע ווערט אלץ שטאַרקער.
נאָענט איז די שאָ פֿון אויסלייז.

עס גיט נאָך אמאָל א קנאַל. דער פאָרזיצער ווערט צעשראָקן. גיט א וואָרף אַ בליק אָפֿן אָפּיצער. דער לעצטער שפרינגט ארויס לינקס. מאַריאַ ציילעמט זיך, הויבּט אָן צו זינגען מיט א ציטערדיקער שטים.

„יעשטשע פאָלשא ניע סגינעלא,
פוקי מי זשייעמי"...

### פֿאָרזיצער.

זייער מעוועלוול גיט אַ קלונג.

זעצט זיך!

### סטאַניסלאַוו.

מאַריאַ, רויק, מאַריאַ...

מאַריא האקט זיך מיטאַמאָל אָפּ, רוקט זיך פלינק אוועק אין ווינקעלע, זעצט זיך. עס קומט אריין דער אָפּיצער.

### ביילקע.

איך פֿאָדער—גיט אַ וואָרט פֿאַר א דערקלערונג.

### פֿאָרזיצער.

נו, זאָגט שוין, וואָס זשע ווילט איר.

### ביילקע.

וועלן? פֿון אייך?...
איך בעט קיין ראַכמים ניט.
איך וויל בלויז מאכן אַ דערקלערונג, איך וויל נאָר זאָגן:
אין ווירבל און אין שטורעם פֿון א וועלט—
וואָס איז פֿאַר מיר דער מישפעט אייערער אַצינד?
אַ פֿאַרס, א שפּיל אַ ציניש פֿאַר אייער אלטן טייוול, פֿאַרן שעף...
און אויב איך רייד דאָ נאָך מיט אייך און ענטפֿער אייך אַף פֿראַגן,
בין איך דערצו געצוווּנגען:
איך גיב זיך אונטער בלויז ברוטאַלער מאַכט.

### פֿאָרזיצער.

איך וואָרן, איר האָט קיין רעכט ניט צו באַליידיקן...

### יאַנעק.

עס איז דערלויבט צו מאַכן אַ דערקלערונג אין געריכט.

### ביילקע.

און נאָך א קליין דערקלערונג דאַרף איך מאַכן...

### פֿאָרזיצער.

זיצט! איך דערלויב אייך מער צו ריידן.

גיט פלינק אַ ווונק צום אָפּיצער. ער לויפט אונטער, גיט זי א שלעפ פֿאַרן האַנט.

### אָפּיצער.

זיצט, איר האָט ניט מער קיין וואָרט!
עס האָט אייך ניט דערלויבט דער פֿאָרזיצער צו ריידן.

### ביילקע.

גיט אַ ריס פון אים די האַנט, צום פֿאָרזיצער.

נעמט צו דעם פֿרעכן יונג פֿון מיר.

### איינער פֿון די ריכטער.

איר האָט באַליידיקט דעם געריכט.

### צווייטער.

דעם קאָוועד זיינעם ט'איר דערנידערט,
איר וואַרפֿט א שוואַרצן פֿלעק אף אונדז.

### פֿערטער.

עס מוז דאָך נעמען ווען אַ סאָף.

### ביילקע.

בא אייך איז דאָך דער סאָף שוין גרייט,
איר קאָנט שוין זיצן רויק!

### פֿאָרזיצער.

גענוג שוין!

### ביילקע.

און נאָך א קליין דערקלערונג דאַרף איך מאַכן:
דרייען שטייען מיר אצינד פֿאַרן געריכט.
עס האָט זיך דער אָכראַנקע זייער שטאַרק פֿאַרוואָלט...

### סטאַניסלאַוו.

שפרינגט אוף אין צאָרן.

זשידאָווקע, זעצט זיך!

### יאַנעק.

פֿאָטער!

### ביילקע.

פֿאָרעץ, שווייגט!
עס האָט דער פֿאָרזיצער קיין וואָרט אייך ניט געגעבן.

### מאריא.

שפרינגט אוף. מאכט צוויי טריט צום געריכט.

דערלויבט א מוטער...

### פֿאָרזיצער.

ס'איז ניט דערלויבט צו געבן אייך קיין וואָרט.
איר ווערט דאָך ניט באַשולדיקט. שולדיק זיינען...

### מאַריאָ.

ניט ער—נאָר איך בעדאַרפט האָב זיצן דאָ פאַר אייך.
ניט ער, נאָר איך באַגאַנגען האָב פאַרברעכנס.

### פאָרזיצער.

מאַדאַם, עס איז דאָך זייטיקע פּערזאָנען ניט דערלויבט
צו ריידן אין געריכט.

### מאַריא.

צײלעמט זיך פרום.

אַ מוטער בין איך דאָך,
אָ, גאָט, דו הײליקער, דערלויב מיר שטאַרבן פאַר מיין קינד.

### פאָרזיצער.

בענוג!
און אויב איר וועט זיך נאָכאמאָל דערלויבן ריידן,
וועל איך פון זאַל אַרויספירן אייך הייסן.

### ביילקע.

ברוטאַל און פרעך זייט איר!
אַ מוטער בעט זיך ראַכמים דאָ בײַ אייך
דערלויבן איר צו שטאַרבן פאַר איר קינד, און איר...

### פאָרזיצער.

שפּרינגט אויף בייז.

ווער פירט די זיצונג פון געריכט?

### ביילקע.

די גאַס!
איר וואָלט שוין לאַנג מיט אונדז פאַרענדיקט,
איר וואָלט פאַרשטאָפּט אונדז אַלעמען די מיילער,
ווען ניט דער אופגעברויזטער שטורעם פון דער גאַס.

### יאַנעק.

הויבט זיך אויף, ווי ער וואָלט וואָס באַשלאָסן.

אַלס באַשולדיקטער, איך בעט אין אָרדענונג אַ וואָרט.

### פאָרזיצער.

כאַפּט זיך אָן, ווי דאָס וואָלט בעווען דער אויסוועג.

אַ וואָרט באַקומט זשעראָמסקי יאַן.

### ביילקע.

איך האָב דאָך לאַנג געבעטן שוין אַ וואָרט.

### פאָרזיצער.

אייער וואָרט האָט איר דאָך שוין געהאַט.

### ביילקע.

איך האָב נאָך ניט פאַרענדיקט מיין דערקלערונג.

### פאָרזיצער.

קלינגט.

נאָך זשעראָמסקין וועט איר דאָס וואָרט...

### ביילקע.

איך האָב געבעטן פריער,
עס האָט אַ שאַיכעס מיין דערקלערונג
צום גאַנצן ווייטערדיקן גאַנג...

### פאָרזיצער.

קלינגט.

אַ וואָרט באַקומט זשעראָמסקי יאַן.

### יאַנעק.

איך זאָג זיך אָפּ אַצינד פון וואָרט,
איך וועל אים נעמען שפּעטער.

### פאָרזיצער.

פאַרדראָסיק צו ביילקען.

נו רעדט און מאַכט דאָס גיכער,
מיר זיינען ניט מעכויעו אויסהערן דאָ שאָען-לאַנגע רעדעס.

### ביילקע.

איר איילט? איר יאָגט? איר האָט קיין צייט ניט?
מיט אויגן בלוטיקע און זשעדנע,
מיט הענט, וואָס ציטערן פון נידעריקסטער טאַיווע,
עס ציט זיך שוין דער טאַליען צו דער שטריקל.
איר ציטערט... איר האָט מוירע טאָמער וועט דער יאַם
פון ליידן מענטשלעכע, פון טרערן און פון בלוט...
טאָמער ט'ער אַ טרייסל טאָן די פעסטונג,
אַראָפּשווענקען דעם סלופּ פון עשאַפאָט
און ראַסטעווען דעם קאָרבן?
ווי שפּינען גיפטיקע עס ציטערן בײַ אייך די שפּיצן
פון די פינגער און ציען זיך מיט נעגל שמוציקע
צו אָנגעגרייטער האַלדז?...

### פאָרזיצער.

עס איז דאָך אומדערטרעגלעך, איך צי אייך צו...

### ביילקע.

צו וואָס?
אויסער טויט, וואָס נאָך וועט איר מיר געבן פאַר אַ שטראָף?
איך האָב ניט, אָט ווי איר, קיין שמאָכטעס אַף דער ברוסט
און אָפּנעמען בײַ מיר וועט איר זיי דאָך ניט קענען.

### פאָרזיצער.

כ'וועל אָפּנעמען בײַ אייך דאָס וואָרט.

### ביילקע.

איר האָט דערויף קיין רעכט ניט.
עס איז מיין לעצטעס וואָרט פאַר אונטערהויכן דעם אָטעם
און איך וועל פאַרזעצן מיין רעדע,
וייל...
איך רייד דאָ ניט פאַר אייך!
אין לעצטע רעגעס פאַרן טויט,
פאַר לעצטן טראָט אַף בריקל פון דער טליע,

פֿאַר אייך, פֿאַר ברידער און כאַוויירים, פֿאַר זין פֿון קלאַס,
וואָס האָט געשיקט מיך אַפֿן וועג פֿון אויפֿשטאַנד
איך מוז פֿאַר אייך דאָ מאכן מיין דערקלערונג,
עס האָט זיך דער אָכראַנקע זייער שטאַרק פֿאַרוואָלט
צומישן אלע קאָרטן.
מיך, אַ קינד פֿון אויפֿשטאַנד, וואָס טיילט ניט אָפּ
דעם פוילישן מאגנאַט פֿון רוסישן חילקיר
און וועמעס שטראָף עס גרייט זיך לאַנג אַףביידנס קעפּ,
מיך געפּאָרט האָט די אָכראַנקע מיט זין פֿון „אַדלי",
מיט פּריצים פוילישע, וואָס איינער וואָלט פֿון זיי
מיט קנעכטישער האנאָע געקושט די טריט פֿון צאַר,
ווען יענער וואָלט געלאָזן נאָר אַ צוטריט;
דער צווייטער איז פֿון אים אַליין,
פֿון שעף פֿון די זשאַנדאַרמען סעקרעטאַר...
ניט אונדזער ציל איז דאָ צו טרעטן מיט די פֿיס אָט די,
וואָס שטייען אַף די טרעפּלעך פֿון דער טליִע,
עס ליגט אָבער אַף מיר „אַ כויוו",—
ווי קאָמיש ס'זאָל ניט זיין—צו „ריינוואַשן" דעם פּאָרעך.
און פֿאַר אים, פֿאַר אויפֿגעברויזטן שטורעם פֿונם לאַנד,
פֿאַר דער געשיכטע, וואָס איך וויל ניט לאָזן פֿעלשן—
איך דערקלער:
זשעראָמסקי איז אַ מאָנאַרכיסט!
און נאָר די טעמפּטקייט פֿון דער צאַרישער נאַגאַיקע,
די סינע ציניִשע, וואָס ס'שפּאַרט פֿון סאָלדאַפּאָן,
דער גייסט קאַזאַרמישער, מיט וועלכן ס'פּוילט
דער צאַר, זיין באַנדע בלוטיקע סאַליאָנים
און אַלע די, וואָס האלטן איצט די מאַכט—
נאָר דאָס געקאָנט האט מאכן אָט דעם פּאַן זשעראָמסקי,
דעם קנעכט געטרייען, פֿאַר אַ סוינע.
און יאַן?
יאַן איז גאָרנישט...
יאַן איז נאָר אַ קארבן פֿון זיין פֿאָטערס אַוואַנטיורעס!
זיי ביידע האָבן קיין שום שאַיכעס ניט צו מיר
און ניט די „זינד" געבראַכט האָט זיי אַהער.

זעצט זיך האַסטיק אַוועק אף איר אָרט. פּויזע. אַלע זיצן, ווי דערשלאָגענע, ביילקע איז בלאַס. אויפֿגעשרויפֿט. ווישט נערוועז דעם שטערן.

### יאַנעק.

ניִדערשלאָגן, הייבט זיך שטיל אויף פֿון זיין אָרט און מיט א דערוואָרגענער שטימע, ווענדעט ער זיך צום פֿאָרזיצער.

איך בעט אייך, גיט אַ וואָרט פֿאַר אַ דערקלערונג.

### פֿאָרזיצער.

אויך מיט א דערוואָרגענער שטים.

אַ וואָרט באַקומט זשעראָמסקי יאַן.

### יאַנעק.

עס איז מיר שווער... עס איז מיר זייער שווער צו ריידן
און אויפֿדעקן פֿאַר דיר מיין וויי...
אַ כוישעך... מיין גאָט, אַ טהוים אַזאַ...
אינערגעץ איז ניטאָ קיין האָפֿענונג פֿאַר מיר,
אינערגעץ איז ניטאָ קיין טרייסט.
עס וואָלט דאָס בלוט פֿון פּראָמעטיי אַפֿילע בלייך זיין
אַף אויסמאָלן דאָ...

ווי נאָר יאַנעק הויבט אָן צו ריידן, הויבט זי זיך אויף און שטעלט זיך אוועק ניט ווייט פֿון אים. זי רעאַגירט אַף יעדן וואָרט זיינעם.

### מאַריאַ.

נעמט דאָס בלוט פֿון האַרץ פֿון מיינעם,
שוואַרץ איז עס גענוג.

### יאַנעק.

וואָרט איין סעקונדע מיט איינגעטופּעטע אויגן, האלט איין זיין אומצופֿרידנקייט. ענטפֿערט ניט מאַריאַן.

עס פֿעלט מיר מוט, איך האָב ניט אָט די דרייסטקייט
און קיין שום רעכט איך האָב ניט אַף דער שפּראַך פֿון דער,
וואָס איך איר נאָמען קען דאָ נאָר פֿאַרשוועכן...
אין דעם פּראָצעס בין איך די טראַגישסטע פֿיגור:
איך האָב פֿאַר גאָרנישט ניט געקעמפֿט
און ווייס ניט וואָס צו זאָגן דעם געריכט,
און האָב ניט וואָס צו זאָגן דער געשיכטע...

### מאַריאַ.

איך וועל זאָגן,
אין דעם פּראָצעס האָב איך די גרעסטע שולד.

### יאַנעק.

ווערט אומגעדולדיק, העכערט די שטים און דערמיט ניט ער צו וויסן דער מוטער, אז ער איז זייער אומצופרידן מיט איר אריינמישן זיך. מאַריאַ האַקט אָפּ. קאָר-טשעט זיך איין אין ווינטאָק, הערט אָבער ווידער.

ווי אַ זינגער עלנטן אַף ווינקל פֿון אַ באַס,
ווי אַ בעטלער שמוציקן אין רויש פֿון מאַרק,
עס וועט פֿאַרבייגיין מיך
עס וועט מיך ניט באַמערקן די געשיכטע.
וויל...
איך האָב דעם שוועל פֿון טאַליענס הויז באַטראָטן.
און... דעריבער..

וואַרפֿט אַ טרויעריקן בליק אף ביילקען, נייגט זיך צו איר.

מיין האַרץ פֿאַרבלוטיקטער,
מיין בלאָנזשענדיקן בליק דערלויבט זאָל זיין צו ווענדן זיך
אַהין, פֿונוואַנען קומען קאָן אַמאָל צו מיר
אַ שטראַל פֿון וואָרעם האַרץ.

### סטאַניסלאַוו.

דו שטעלסט זיך אַף די קני פֿאַר איר!
ווי אַ בעטלער שטייסטו דאָ מיט אויסגעשטרעקטער האַנט
און בעטלסט אַ נעדאָווע!..

### יאַנעק.

ניין... איך שטיי ניט אַף די קני...
איך האָב דערוף קיין רעכט ניט.

און ווען איך וואָלט אַ רעכט אַזאַ באַקומען,
וואָלט איך עס האַרציקער און דרייסטער פיל געטאָן,
ווי דו, אַף קני באַם שעף פון די זשאַנדאַרמען.
און אויב אַ בעטלער בין איך איצט,
אויב איך אַ ציטעריקע האַנט דאַרף האַלטן אויסגעשטרעקט אין לופטן,
האָסטו דאָס מיך באַרויבט.
און...
פאַר שיין פון אָנגעשלייפטן שווערד,
פאַר שאָטן שוואַרצן פון דער טליע,
איך בעט דיך:
לאָז מיר ענדיקן מיין רעדע.

פויזע. טוט זיך אַ קער צו ביילקען.

ווען איך וואָלט היינט געווען נאָך פרום אַזוי ווי נעכטן,
און יעזוס קריסטוס וואָלט אַצינד מיין גאָט געווען,
וואָלט איך זיך פרום פאַר אים געבויגט און ציטעריק געבעטן:
אָ, גאָט, דו זעסט מיין האַרץ, דו ווייסט,
אַז אָפגעמעקט איז שוין דער וועג מיינער אַף ערד.
געבליבן איז מיר נאָר אַ שטעגעלע—צום טליע.

### מאַריאַ.

גיט אַ ציטער. מאַכט איין טראָט אין דער טיף פון סצענע.

שטאַרבן דיר וועל איך ניט לאָזן!
איך וועל מיין קאָפ פאַר דיר אַריינשטעקן אין פעטליע.

### יאַנעק.

מוטער, איך וואָלט געבעטן דיך... ניט שטער מיין ווידע מיר...

האַקט זיך אָפ. פאַרבייסט א ליפ.

אין פעטליע וועסט דיין קאָפ ניט דאַרפן שטעקן,
איך וועל ניט שטאַרבן אַף דער טליע, קאָנסט זיין רויק.

טרינקט אויס אַביסל וואַסער. זעצט זיך.

עס שטורעמט אָן אַ לאַנד,
עס האָט אַ וועלט צעצונדן זיך אין רויטן.
פאַר מיר אָבער, וואָס איז די פרייד פון רויטן פלאַקער?
באַם שיין פון אָט דעם פלאַקער,
נאָך העלער ברענען וועט אַף שטערן מיינעם בלאַסן
מיט אויסיעס גלודיקע און שאַרפע דאָס וואָרט—„אַכראַנקע"!
און פאַרן טויט איך האָב נאָר איין פאַרלאַנג.

ווענדעט זיך צו ביילקען.

איך וויל פאַר דיר זאָל ווערן קלאָר,
יאַנעק איז קיין שפיק קיין איין מאָל ניט געווען...
און אומשולדיק איז ער...
עס האָט דער פאָטער זיינער אים פאַרקויפט!..

ער ווערט בלאַס. מיט א ציטעריקער שטים ווענדעט ער זיך צו די ריכטער.

און אייך? קיין ווערטער האָב איך ניט פאַר אייך...
מיט איר צוזאַמען אַף דעם בענקל פון דער טליע
זיך אַוועקשטעלן... ניין... איר האָב דאָס ניט פאַרדינט...

און.-- דעריבער...
אין גלוד אין בלוטיקן,
ווו ס'האָט געלייטערט זיך מיין האַרץ,
אין נעכט אין איינזאַמע, אין שפאַנען איבער טפיסע.
האָב איך שוין לאַנג באַשלאָסן:

וואַרפט אריין א קייקעלע סאם אין מויל.

איך וועל פאַרשפאָרן אייך אַ שטריקל!

### פאָרזיצער.

שפרינגט אויף פון זיין אָרט.

וואָס איז דאָס,
איר האָט גאָר איינגענומען סאָם?
ווער דערלויבט האָט...

עס ווערט אַ טומל בא די ריכטער.

### מאַריאַ.

גיט אַ שוידערלעכן געשריי און א פאַל צו זיינע קני.

אָ, מיין זון!

### סטאַניסלאַוו.

אין דערזעלבער צייט, וואָס מאַריאַ.

יאַן! יאַן! וואָס האָסטו געטאָן...

### ביילקע.

יאַנעק...

### סטאַניסלאַוו.

זי, אָט די זשידאָווקע.

לויפט צו אים.

### יאַנעק.

טוט א ציטער, שטויסט אָפ סטאַניסלאַוון.

ניט זי, נאָר דו!

עס ווערט אַ טומל. דער פאָרזיצער הויבט זיך אויף פון אָרט, הויבט אָן ענערגיש צו קלינגען. קיינער קומט ניט. די ריכטער הויבן אָן צו קוקן דערשראָקן פון די ערטער. דער פאָרזיצער קלינגט נאָך שטאַרקער, נאָר קיינער קומט אַלץ ניט.

מיטאָמאָל—אַ שטורעם פון אורא-געשרייען און אָפגעריסענע קוילעס דערטראָגן זיך אַהער.

### קוילעס.

— ברעכט!
— די גראַטעס טוט אַ נעם!
— שפאַרט אין טויער!
— שטאַרקער!...
— נאָך שטאַרקער!
— די וואַך!
— אַרומרינגלען די וואַך!
— ברעכט!
— נעמט אָפ די ביקסן!

מיטאָמאָל גיט ערגעץ אַ קראַך און עס הערט זיך, ווי אַ גרויסער אוילעם האָט זיך אַריינגעריסן אין הויף פון געריכט. דער טומל שטאַרקט זיך, ווערט דערנעענטערט און דראָענדיקער. ביילקע שפרינגט אַרויף אַפן שטול.

### ביילקע.

עס האָט געשלאָגן שוין די שאָ פֿון אויסקויף
און ס׳קלאַפּט אין טיר פֿון טויט דער צאָרן פֿונעם פֿאָלק!
דערהויכט זאָל זיין די האַנט די מעכטיקע,
וואָס שטורעמט הייס די שוואַרצע קראַפֿט פֿון ציטאַדעל!
דערהויכט זאָל זיין דער האַס פֿון דוירעס
און ערשטע, שטורעמדיקע שאָ!

### מאַריאַ.

ציטערט אויף, שפרינגט מיטאַמאָל אויף. גיט מיט קראַפֿט
אַ ריס פֿון זיך דעם שלייער, כאַפּט זיך פֿאַר די גראָע
האָר מיט שוידערלעכע קוילעס.

מיין זון איז טויט! מיין זון איז טויט!
מיין לאַנד אין בלוט זי ווערט פֿאַרגאָסן!
מיין זון!... מיין לאַנד!...
בלוט!... בלוט!... בלוט!...

### ביילקע.

עס איז פֿון שטענדיק אָן מיט בלוט
דער וועג פֿון זיג באַגאָסן!
זיג איז קאַמף, זיג איז שלאַכט,
און שלאַכט איז בלוט!

שפרינגט ארויף אפֿן טיש. עס לויפֿן אריין דער
אָפֿיצער און עטלעכע סאָלדאטן. אלע באַוואָפֿנטע מיט
ביקסן.

### אָפֿיצער.

מיר זיינען אין געפֿאַר!
אַרומגערינגלט אַלע טירן!
קוים אַהער זיך דורכגעריסן!

### ביילקע.

אַהערצו! גיכער! אַלע טירן זיינען אָפֿן!
דרייסטער טוט אַ קוועטש!
זיי זיינען אַלע, ווי די מייז, צולאָפֿן!

### סאָלדאַטן.

לויפֿן אריין פֿון אלע טירן.

— די גראַטעס שוין צובראָכן!...
— די טויערן צוריסן!
— צולאָפֿן איז די וואַך!
— אָפּגענומען אלע ביקסן!
— צו דער טפּיסע זיך געלאָזן!

### קאָנאָפּיטאָוו.

ווייזט זיך פֿלינק אין טיר רעכטס מיט אַ רעוואָלווער,
וואָס ער האלט אין דער אויסגעשטרעקטער האנט.

איך וועל שיסן!

### ביילקע.

גיט אים א קלאפּ מיטן פֿוס איבערן האנט.

צו שפּעט! איר זייט אַלע אַרעסטירט!

עס רייסן זיך אריין פֿון אלע טירן און פֿענצטער
דעמאָנסטראַנטן. זיי צושיטן זיך איבער די ווינקעלעך, קוקן
אריין אין די זייטיקע צימערן. סטאַך שפרינגט אריין פֿון
פֿענצטער מיט א פֿאָן אין האנט. דערזעט ביילקען, שפרינגט
ארויף אפֿן טיש.

### סטאַך.

ביילקע!

צוקושן זיך הארציק. גיט אַ קלאפּ מיטן שטעקן אָן טיש.

נידער!

אלע ווערן מיטאַמאָל שטיל. די גאַנצע באַוועגונג
האַקט זיך אָפּ. די ריכטער זיצן צושראָקענע און איינגע־
קאָרטשעטע לעבן ראַמפּע לינקס. אַנטקעגן זיי, רעכטס אין
ווינקל—זיצן סטאַניסלאַוו און קאָנאָפּיטאָוו. זיי זיינען צו־
געטוליעט איינע צו די אנדערע, ציטערן פֿון שרעק. נאָך
אַ קליינער פּויזע.

### סטאַך.

מיר האָבן היינט די ערשטע שאָ פֿון שטראַלנדן ניצאָכן.
אין אונדזערע הענט עס זיינען איצט די גאַסן,
די אופֿגעברויזטע דערפֿער און די שטעט.
מיר ווייסן זייער גוט דעם ווערט פֿון מאַניפֿעסטן,
פֿון „גנאָד“ פֿון צאַרישן, פֿון זיינע גרויסע „כסאָדים“.
מיר ווייסן זייער גוט, אז הינטער אונדז,
אין יובל פֿון די גאַסן,
עס גרייט זיך ערגעצוו אַ שאָס און גלייך אין האַרצן.
נאָר...
דער טראָן דער בלוטיקער האָט איצט געטאָן דעם ערשטן ציטער!
דער שעף פֿון די זשאנדאַרמען, דער אלטער קייטן-הונט,
וואָס האָט מיט בייזע טריט באַוואַכט דעם צאַר
צושפּרייט און אומבאַהאָלפֿן ליגט אין שטויב
פֿאַר קלאַס, וואָס נעכטן נאָך געוועזן איז אין קייטן.
זאָל זיין—דאָס איז איין רעגע,
זאָל זיין, אז מאָרגן שוין וועט ווידער ווילדעווען ברוטאַל
די צאַרישע נאָהאַיקע. אָבער...
די אַלטע זיכערקייט פֿון רו צופֿרידענער אף אייביק
וועט מערער שוין ניט זיין.
ווייל מ י ר האָבן דערפֿילט א קראַפֿט,
וואָס קיינער וועט בא אונדז ניט נעמען שוין צוריק —
די קראַפֿט פֿון אופֿשטאנד.

### ביילקע.

איר ווילט די נייע קראַפֿט צושמעטערן אָן ברוק פֿון גאַס!
איר ווילט אין בלוט דערטרינקען דעם ניצאָכן!

### מאַריאַ.

בלוט!
מיין זון אין בלוט! מיין לאַנד אין בלוט!
ווער וועט מיר אומקערן מיין זון?
באַפֿרייען ווער וועט מיר מיין לאַנד!

### סטאַך.

מיר!
מיר באַפֿרייען וועלן אונדזער לאַנד
פֿון אייך פֿון אַלעמען —
פֿון פּאַן זשעראמסקי און פֿון צאַר!

### ב י י ל ק ע.

ניִדער מיט דעם פאַן זשעראָמסקי!

### ד ע מ אָ נ ס ט ר אַ נ ט ן.

— ניִדער מיטן צאַר!...

— הוּראַ!

— הוּראַ!

— הוּראַ!

### ס ט אַ ך.

אַנטוואָפּנט זיי, אָט שטייען נאָך סאָלדאַטן מיט די ביקסן.
רייסט אַראָפּ, צעטרעט דיִ אָרדנס מיִט די שליִפּעס.
נעמען זאָל אַ סאָף צוּ אלץ!

צושיִטן זיִך, ריִנגלען אַרום דיִ סאָלדאַטן, רייסן ארום דיִ שליִפּעס פון די גענעראַלן און אָפיִצערן, וואַרפן איִנ-דערלופטן.

מיִטאָמאָל גיט אַ ציטער די לופט פון א שאָס. איין סעקונדע ווערט שטיִל. ביילקע טוט א ציִטער, ווערט בלאַס, כאַפּט ארום מיט איין האַנט סטאַכן.

### ס ט אַ ך.

כאַפּט אונטער ביילקען.

ווער שיִסט? אַך, מערדער! פאַרשאָלטן זאָלט איר ווערן!

### ב י י ל ק ע.

קרעכצט, האַלט זיך פאַר אַ זייט.

טאָליאָניִם!... דאָס האַרץ! אָ סטאַך!...

די דעמאָנסטראַנטן טוען אַ ציטער. סטאַך לייגט אוועק אָפן טיִש ביילקען. איין סעקונדע ווערט אלץ אַנטשוויגן. סטאַך קוקט אווילע אָף ביילקעס פּאָנים, וואָס שטאַרבט אָפּ, וואָס פון סעקונדע. א שוידערלעכע שטיִלקייט. לאַנג-זאַם הויבט זיך סטאַך אוּף, ציט זיִך אויס, ווערט פאַר-וואַנדלט אליין איִן א שטיק שטורעמדיקן צאָרן. איין סע-קונדע קוקט ער אָפן ווינקל, ווו עס זיצן צוציִטערטע קאָ-נאָפּיטאָוו און זשעראָמסקי. שטיל.

### ס ט אַ ך.

וואָס האָט איר געטאָן?!...

פויזע. מאַכט צוויי ברייטע, שוידערלעכע טריט. איי-נעם פון טיש אָפן שטול און דעם צווייטן פון שטול אָפן דיל. ער בלייבט איִנמיִטן צוויִשן וויִנקל און ביילקען. קאָ-נאָפּיטאָוו און זשעראָמסקי ווערן נאָך נידעריקער איינגע-שלאָגענער. סטאַך קוקט לאַנג אָף זיי.

### י אַ נ ע ק.

וויִ ער וואָלט מיטאָמאָל באַגריפן, וואָס דאָ איִז פאָר-געקומען, טוט אַ פליִ אהינטער, וויִ עמיצער וואָלט אים שטאַרק אַ שטויס געטאָן איִן האַרצן, קאָרטשעט זיך איין און לאָזט ארויס אַ טיִפן קרעכץ.

אַי! אַי!...

### ס ט אַ ך.

מאַכט נאָך איין טראָט צו זיי, ווי ער וואָלט זיך גע-גרייט צום אָנפאַל.

שטעלט זיִך אַף דיִ קניִ!...
בויגט איין דיִ שטערנס קוּפערנע צוּם דיִל!

פויזע. זיי טוען עס לאַנגזאַם, האכנאָעדיִק. ער קוקט אָף זיי מיִט פאַראַכטונג איין סעקונדע. מיט א לאַנגזאַמען, קער ווענדעט ער זיִך צו די דעמאָנסטראַנטן. שטיִלערהייט, ווי פון טיפן האַרצן אַרויס צוגיסן זיך טענער פון טרויער-מאַרש.

אַנטבלויזט די קעפּ, נעמט אַראָפּ די היִטלען.
מיט שוואַרצע קרעפּ באַזוימט די רויטע פאָנעס.
זאָל ניִט אָפּשוואַכן דעם מוּט דער טויט פון אונדזער כאַווער...
עס זייגען קוואָרים בריִדערשע אין גאַנצן לאַנד צוזייט.
באַגנעט און ביקס איִז נאָך דערווייל באַם סוינע...
מיר וועלן אָבער גיין פאָרויס! מיר וועלן גיין צום זיג...
אַנטבלויזט דיִ קעפּ, נעמט אַראָפּ דיִ היִטלען!
און זאָל דער טרויער-מאַרש איִן אונדז ניט אוּפהערן צוּ וועקן
דעם פלאַם פוּן האַס און דורשט נאָך זיִג!

פויזע. עס ציִען זיך דיִ טענער פון טרויער-מאַרש. יאַנעק טוט זיִך מיִטאָמאָל אַ קנייטש, טוט זיך א קאָנוול-סיוון וואָרף צום טיש, ווו עס ליִגט ביילקע, טוט זיך ווייטאָקדיִק א קרים און טוט אַ קרעכץ.

### י אַ נ ע ק.

ביילקע... זיי מויכל... זיי מויכל... ביילקע...

טוט זיך א וואקל און ציט זיך אויס אף דרערד.

### פ אָ ר ה אַ נ ג.

מ. לוריע.

# 80 יאָר קאָמוּניסטישער מאַניפעסט און די פּאַריזשער קאָמונע.

(ס אָ ף).

בא דער באַלאגערונג פון פּאַריזש אין אפּרעל און מאַי, בייס די קאָמונאַרן האָבן, ווי ווילדע, געקעמפט פאַר יעדן קלאַפּטער גאַס פון פּאַריזש, האָבן די פּרייסישע פאָלקן באַזעצט דעם צאָפנדיקן און מיזרעכדיקן טייל פון די פּאַריזשער טויערן און פאַרשטעלט און האָבן באַקומען דעם באַפעל ניט דורכצולאָזן קיין אַנטלאָפענע קאָמונאַרן, וואָס וועלן זיך וועלן ראַטעווען דורך אַנטלויפן. אַזוי איז אָפּגעשפּאַרט געוואָרן דערדאָזיקער פּראָלעטאַרישער טייל פון פּאַריזש. ווי אין אַ פּאַסטקע האָט מען פאַטריבן די לעצטע קעמפער, פאַרטריבן אַפן בייסוילעם פון פּער-לאַ-שעז, און צווישן די קוואָרים און בא דער ווינקל-וואַנט פון דעמדאָזיקן בייסוילעם איז פאָרגעקומען דער לעצטער געראַנגל צווישן די קאָמונאַרן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר אַ נייער אָרדענונג און גלייכצייטיק פאַרטיידיקט די ערע פון דער נאַציע. אויב אָבער די רעגירונג פון טיער האָט זיך אַנטפּלעקט אַלס רעגירונג פון נאַציאָנאַלן פאַראַט, איז געווען די פּאַריזשער קאָמונע די בעמעסדיקע נאַציאָנאַלע רעגירונג. פאַרשטייט זיך, ניט אין דעם זין פון טיער, פאַוור און טראָשאַ.

„מ'וואַרפט אויף די קאָמוניסטן, אַז זיי ווילן אָפּשאַפן דאָס פאָטערלאַנד, אַז זיי ווילן אָפּשאַפן די נאַציאָנאַליטעט. די אַרבעטער האָבן ניט קיין פאָטערלאַנד. מ'קאָן בא זיי ניט אַוועקנעמען דאָס, וואָס זיי האָבן ניט“—רופט דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט, און די פּאַריזשער קאָמונע פון 1871. און די רעגירונג טיער האָט באַוויזן, וואָס דאָס פאָטערלאַנד און די נאַציאָנאַליטעט איז אַזוינס פאַר דער בורזשואַזיע, ווען דער פּראָלעטאַריאַט באַשליסט אַראָפּצוואַרפן די קייטן פון זיך און צו ווערן דער פירער פון דער עמעסער נאַציע.

4. **דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור.** אויב דער מאַרקסיזם איז פון דעם אָפּאָרטוניזם פאַראַטן, איז דאָס דעריקער אין דער פראַגע: דעמאָקראַטיע אָדער דיקטאַטור. די בורזשואַזיע ווייס אויסגעצייכנט דעם עמעסן זין פון דער בירגערלעכער דעמאָקראַטיע. דער פּראָלעטאַריאַט שפּירט יעדן טאָג אין זיין אייגענעם לייב, וואָס אַזוינס דידאָזיקע דעמאָקראַטיע באַטייט.

ווי פאַרהאַלט זיך דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט“ צו דער דאָזיקער פראַגע? צוערשט מוזן מיר ווידעראַמאָל באַטאָנען, אַז די אויפגאַבע און דער ציל פון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט“ איז קידעמקאָל וויַזן דעם **אַלגעמיינעם** וועג, אַפן סמאַך פון דעם אַנאַליז פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, אַפן סמאַך פון דעם אנאַליז פון די קלאַסן-פאַרהעלטענישן. אָבער שוין אין דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט“ איז דידאָזיקע פראַגע געשטעלט געוואָרן זייער קלאָר. ווי ווערט די דעמאָקראַטיע פאָרמולירט אין דעם „מאַניפעסט“? אין אַן אויסגעשמידטן זאַץ הייסט עס: דער ערשטער שריט אין דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע איז די פּראָקלאַמירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס הערשנדיקן קלאַס, איז די דעראָבערונג פון דער דעמאָקראַטיע“. אין דעמדאָזיקן קורצן זאַץ איז שוין געגעבן געוואָרן אַן אויסשעפּנדיקע פאָרמולירונג וואָס די דעמאָקראַטיע איז: **אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג אין פּראָלעטאַרישן זין איז ערשט מעגלעך נאָך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, ווען דאָס פּראָלעטאַריאַט האָט זיך קאָנסטיטוירט און זיך פּראָקלאַמירט אַלס קלאַס!**

עפּשער מיינט דער מאַניפעסט, אַז פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע הייסט נאָך לאַכלוּטן ניט באַצווינגען דעם ביז איצט הערשנדיקן קלאַס, הייסט נאָך לעגאַמרע ניט עקספּראָפּריאירן דאָס אייגנטום פון דער בורזשואַזיע—מיט איין וואָרט, אַז די דעמאָקראַטיע נאָך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע שליסט ניט אויס, אַז אויך די בורזשואַזיע זאָל זיך באַטייליקן בא דער מאַכט, וואָרעם זי איז דאָך אויך אַ טייל פון פאָלק? אַף דערדאָזיקער פראַגע ענטפערט דער מאַניפעסט אַזוי:

„דער פּראָלעטאַריאַט וועט אויסנוצן זיין פּאָליטישע הערשאַפט דערצו, קעדיי קעסיידער אַרויסצורייסן באַ דער בורזשואַזיע דעם גאַנצן קאַפּיטאַל, קעדיי צו צענטראַליזירן די גאַנצע פּראָדוקציע-מיטלען אין די הענט פון דער מעלוכע, ד. ה. אין די הענט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אָרגאַניזירט אַלס הערשענדיקער קלאַס... דאָס קאָן פאָרקומען צוערשט זעלבסטפאַרשטענדלעך נאָר דורכן אריינשניידן זיך אין דאָס אייגנטום-רעכט און אין די בירגערלעכע פּראָדוקציע-פאַרהעלטענישן, ד.ה. דורך אַזוינע מיטלען... וואָס זיינען ניט צו פאַרמיידן אף דורכצופירן אַ רעוואָלוציע אין דעם גאַנצן שטייגער פון דער פּראָדוקציע“.

עס ווערן אָנגעוויזן די ערשטע וויכטיקסטע מאָסמיטלען, וואָס וועלן מוזן דורכגעפירט ווערן נאָך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. די וויכטיקסטע פון דידאָזיקע מאָסמיטלען זיינען: עקספּראָפּריאַציע פון דעם ערד-באַזיץ; צענטראַליזאַציע פון דעם קרעדיט אין די הענט פון דער מעלוכע; צענטראַליזאַציע פון דעם

טראַנספּאָרט אין די הענט פון דער מעלוכע; פאַרגרעסערונג פון דער צאָל פון מעלוכע-פאַבריקן, פון די פּראָדוקציע-מיטלען א. א. וו.; פאַראייניקונג פון דער באַווירטשאַפטונג פון ערדאַרבעט און אינדוסטריע; באַזייטיקן דעם אונטערשייד פון שטאָט און דאָרף; אָפּשאַפן דאָס יערושע-רעכט; פּראָקלאַמירן אַלגעמיינע אַרבעט-פליכט א. א. וו.—אזוי ארום איז די עקספּראָפּריאַציע פון דעם אייגנטום און פון די פּראָדוקציע-מיטלען און זיין קאָנצענטרירונג אין די הענט פון דער מעלוכע, „*דאָס הייסט אין די הענט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אָרגאַניזירט אַלס הערשנדיקער קלאַס*"—דער ערשטער תנאַי אַף צו שאַפן די באַדינגונגען פון דער דעמאָקראַטישער אָרדענונג אין דעם פּראָלעטאַרישן זין.

די אָפּאָרטוניסטן פון היינט זינגען זייער ליד גאָר אַף אַ נייעם נוסעך—אַף אַ נוסעך, וואָס זאָל פאַרהילן זייער עמעסן פּאַרצוף בענוגייע דעם פּראָלעטאַריאַט. דערפאַר מוזן זיי זיך סוימעך זיין אַף ניט קיין אַנדערן ווי אַף מאַרקס גופע, דאָס פאַרלאַנגט שוין זייער אייגענער קיעם. דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" האָט געלאָזן אַ צוואָע פאַר דעם קאָמוניזם, ווי אַזוי מען מוז קעמפן קעגן דעמדאָזיקן פאַראַט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וואָס ווערט דורכגעפירט אינם נאָמען... פון דער דעמאָקראַטיע.

אין דער צייט, ווען מאַרקס און ענגעלס האָבן געשריבן דעם מאַניפעסט, האָבן עקזיסטירט פאַרשיידענע קאָלירן פון „סאָציאַליזמען". דעריבער הייסט אויך דער מאַניפעסט „*קאָמוניסטישער*" און *ניט סאָציאַליסטישער*. קעגן דעם סאָציאַליזם פון די פערציקער יאָרן האָבן מאַרקס און ענגעלס געקעמפט און געמוזט קעמפן ניט ווייניקער פאַרביטערט, ווי די איצטיקע מאַרקסיסטן (ד. ה. די קאָמוניסטן) קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן מענשעוויזם.

נאָכן אָפּרעכענען זיך מיטן „רעאַקציאָנערן סאָציאַליזם" (דעם פעאָדאַלן, קליינבירגערלעכן, און „עמעסן" דייטשישן סאָציאַליזם), גייט דער מאַניפעסט איבער צו דעם קאָנסערוואַטיוון סאָציאַליזם פון פּרודאָן און דעם אוטאָפּישן סאָציאַליזם און קאָמוניזם פון סען-סימאָן, פוריע, אָווען א. א. וו. (דערביי זאָגט מאַרקס בעפּיירעש, אַז ער מיינט ניט אָט יענע שריפטן, וואָס האָבן פאַרטראָטן די פאָדערונגען פון דעם פּראָלעטאַריאַט, ווי באַבעף א. א. וו.).

„דערדאָזיקער סאָציאַליזם,—זאָגט מאַרקס, ריידנדיק פון פּרודאָנען,—פאַרשטייט אונטער דער פאַרענדערונג פון די מאַטעריעלע לעבן-פאַרהעלטענישן בעשום-אויפן ניט די אָפּשאַפונג פון די בירגערלעכע פּראָדוקציע-פאַרהעלטענישן, וואָס קאָן נאָר געמאָלט זיין אַף אַ רעוואָלוציאָנערן אויפן... דער סאָציאַליזם פון דער בורזשואַזיע באַשטייט אינדערעמעסן נאָר אין דעם, וואָס ער זאָגט, אַז די בורזשואַס זיינען בורזשואַס—אין די אינטערעסן פון דעם אַרבעטנדיקן קלאַס".

פונקט אזוי פאַרניכטנדיק קריטיקירט דער מאַניפעסט אויך דעם אוטאָפּישן סאָציאַליזם און קאָמוניזם פון סען-סימאָן און פוריע.

„זיי ווילן פאַרבעסערן דעם לעבנשטייגער פון אלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, אויך פון די, וועמעס לאגע איז אַמבעסטן. דעריבער אַפּעלירן זיי קעסיידער צו דער גאַנצער געזעלשאַפט אָן אַן אונטערשייד, אין טאָך אבער—נאָר צו דעם הערשנדיקן קלאַס... דעריבער וואַרפן זיי אָפּ יעטווידער פּאָליטישע אַקציע, דעריקער אָבער יעטווידער רעוואָלוציאָנערן טאַט, זיי ווילן דערגרייכן זייער ציל אַפן פרידלעכן אויפן דורך קליינינקע עקספּערימענטן, וואָס ענדיקן זיך און מוזן זיך פאַרשטייט זיך ענדיקן מיט אַ פיאַסקע... אָט פאַרוואָס זיי שטעלן זיך מיט דער גאַנצער פאַרביטערטקייט קעגן יעטווידער פּאָליטישער באַוועגונג מיצאַד די אַרבעטער".

און עס ענדיקט זיך דער מאַניפעסט מיט דעם באַרימטן זאָג:

„די קאָמוניסטן האַלטן פאַר א פּכיסעס האַקאָוועד צו פאַרבאָרגן זייער שטאַנדפּונקט און זייער קאַוואָנע. זיי דערקלערן פראַנק און פריי, אַז זיי קאָנען דערגרייכן זייערע צילן נאָר דורך אַ גוואַלטזאַמער איבערקערעניש פון דער גאַנצער ביזיצטיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. זאָלן די הערשנדיקע קלאַסן ציטערן פאַר דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע. די פּראָלעטאַריער קאָנען בא איר קיין זאַך ניט פאַרלירן אויסער זייערע קייטן. געווינען אָבער קאָנען זיי די גאַנצע וועלט".

אַזוי איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע פון דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור שוין אין דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט". און פון דעם אַליין קען שוין זיין קלאָר, וואָס פאַר א שטעלונג מאַרקס און ענגעלס האָבן געקאָנט האָבן צו דער „פּאַריזשער קאָמונע", וואָס איז געווען דער ערשטער פּרווו אין דער געשיכטע צו שאַפן אווירקלעכע דעמאָקראַטיע אַפן וועג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

עס איז באַקאַנט, אַז *פאַר* דעם אויסבראָך פון דער רעוואָלוציע פון דער קאָמונע, האָט מאַרקס געוואָרנט דעם פּאַריזשער פּראָלעטאַריאַט ניט אראָפּוואַרפן די רעגירונג אין דעם מאָמענט, ווען דער סוינע שטייט פאַר די טויערן פון פּאַריזש. אין דעם צווייטן אדרעס פון דעם גענעראַל-ראַט פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע" (דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל) פון דעם 9-טן סעפּטעמבער 1870, ד. ה. 4 טעג נאָך דעם, ווי אין פּאַריזש איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די רעפּובליק מיט דער רעגירונג פון דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג, און וואָס איז געווענדעט צו די פּאַריזשער מיטגלידער פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, זאָגט מאַרקס, נאָכן כאַראַקטעריזירן די לאגע און די רעגירונג פון טיער:

„אַזוי אַרום זיינען די באַדינגונגען, אין וועלכע עס געפינט זיך דער פראַנצויזישער ארבעטער-קלאַס, אויסערגעווינטלעך שווערע. יעדער פּרווו אַראָפּוואַרפן די נייע רעגירונג אין דער צייט, ווען דער סוינע קלאַפּט שוין קימאַט אין די טויערן פון פּאַריזש—וואָלט געווען א פאַרצווייפלטע נאַרישקייט... זאָלן די סעקציעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע אין אלע לענדער רופן די אַרבעטערשאַפט צו אקטיווער אונטערשטיצונג" א. א. וו. אַלזאָ, *ערעוו* דער קאָמונע איז מאַרקס געווען קעגן אַן אופשטאַנד, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום אויסזיכט אַף אַ דויערנדיקן דערפאָלג. ער האָט *געוואָרנט* פאַר דעמדאָזיקן אופשטאַנד, וואָס קען זיין נאָר אַ „פאַרצווייפלטע נאַרישקייט".

ווי האָט זיך אָבער מארקס באַצויגן צו דער קאָמונע און צו דער רעוואָלוציע, בײס זי איז אויסגעבראָכן, בײס זי האָט געמוזט אויסברעכן צוליב די אויבנגעשילדערטע סיבּעס? אָנווייזנדיק אַף דערדאָזיקער שטעל אין דעם אדרעס פֿון דעם גענעראַל-ראַט און אַף דער שפּעטערדיקער באַציִונג פֿון מאַרקס צו דער קאָמונע, האָט לענין אָנגעוויזן אַף א צווייטן פּאַראַלעל — אַף פּלעכאַנאָווס באַציִונג צו דער רעוואָלוציע פֿון 1905, דעריקער צו דעם מאָסקווער באַריקאַדן-אויפֿשטאנד, בײס ער האָט ע ר ע ו דעם אויפֿשטאַנד געשריבן פּלאמיקע אויפֿרופֿן פֿ אַ ר דעם אויפֿשטאנד, און נ אָ כן א ו י פֿ ש ט אַ נ ד געשענדט די טויטע קערפּער פֿון די געפֿאַלענע באַריקאַדן-קעמפֿער מיטן באַרימטן וואָרט: „האָט מען ניט געדאַרפֿט נעמען זיך פֿאַרן ביקס"!

און אַנדערש האָט זיך מאַרקס ניט געקאָנט באַציִען צו דער פּאַריזשער קאָמונע, וועמענס פּראָגראַם עס איז געווען: דורכפֿירן אין לעבן דאָס, וואָס דער „קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט" האָט פּראָקלאַמירט. דאָס, וואָס די מערהייט אין דער קאָמונע איז באַשטאַנען פֿון אָנהענגער פֿון פּרודאָנען און פֿון בלאַנקי, און די קאָמונע האָט פֿונדעסטוועגן, נאָכן צעראַבירן די מאַכט, געמוזט שטעלן זיך אַפֿן וועג פֿון דעם מאַרקסיזם און ניט פֿון דעם פּרודאָניזם, איז נאָר געווען דער באַווייז פֿאַר דעם, ווי דער פּרודאָניזם (און אויך דער ר ײ נ ע ר בלאַנקיזם) האָבן נישט קיין באָדן פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. שטעלנדיק זיך פּאָנים-על-פּאָנים מיט דער רעוואָלוציע און דער קאָנטר-רעוואָלוציע, האָט די קאָמונע געמוזט דורכפֿירן אין לעבן אַזוינע מאָסמיטלען, וואָס זיינען לאַכלוטן ניט געווען אין הסכם מיט די פּרינציפּן פֿון דעם פּרודאָניזם. עס איז באַוווּסט, אַז איינער פֿון די וויכטיקסטע מאָסמיטלען פֿון דער פּאַריזשער קאָמונע איז געווען דורכפֿירן די אָרגאַניזאַציע פֿון דער גרויסער אינדוסטריע און צום טייל אויך פֿון מאַנופֿאַקטור: „מיט איין וואָרט, אַן אָרגאַניזאַציע — זאָגט ענגעלס אין דעם לעצטן פֿאָרוואָרט צום „בירגערקריג",— וואָס וואָלט געמוזט ענדיקן, לויט די גאַנץ ריכטיקע ווערטער פֿון מאַרקס אין דעם „בירגערקריג", סאָפֿקאָלסאָף מיט דעם קאָמוניזם, דאָס הייסט פּונקט מיט דעם היפּעך פֿון דעם, וואָס די לערע פֿון פּרודאָן פֿאַרלאַנגט. און דעריבער איז די קאָמונע געווען אויך דער קײווער פֿון פּרודאָנס שול פֿון דעם סאָציאַליזם".

ווי דעפֿינירט מאַרקס די קאָמונע? אלס וואָס פֿאַר אַ רעוואָלוציע און וואָס פֿאַר א מעלוכע? דאָס זיינען געווען די וויכטיקסטע פֿראַגן, וועמענס פֿאַרענטפֿערונג איז צוגלייך געווען דער וועגווייזער פֿאַר דעם נאָכפֿאָלגער פֿון דער פּאַריזשער קאָמונע — פֿאַר דעם גרויסן אָקטיאַבר פֿון 1917 יאָר.

ערשטנס איז וויכטיק, ווי אזוי דער צענטראַל-קאָמיטעט פֿון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס האָט אָנגעפֿירט צוערשט מיט דער רעוואָלוציע, האָט אליין געקוקט אַף דער איבערקערעניש פֿון 19-טן מארט. מיר האָבן אויבן ציטירט דעמדאָזיקן אויפֿרוף פֿון דעם 18-טן מארט, וווּ עס הייסט, אַז „די פּראָלעטאַריער פֿון פּאַריזש האָבן באַגריפֿן, אַז עס איז זייער גרעסטער כויוו און עס איז זייער אבסאלוטע רעכט צו מאכן זיך אליין פֿאַר די באַלעבאַטים פֿון זייער אייגענעם גורל און צו פֿאַרכאַפּן די רעגירונג-מאַכט". און דער צענטראַל-קאָמיטעט פֿון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע האָט אַמבעסטן געוווּסט, וואָס פֿאַר אַ קלאַס ער שטעלט מיט זיך פֿאָר!

די וויכטיקסטע מאָסמיטלען פֿון דער קאָמונע זיינען באַשטאַנען ווי עס איז באַקאַנט: אין אָפּשאַפֿן די שטענדיקע אַרמיי, וואָס איז ביזיצט געווען אַן אינסטרומענט פֿון צו אונטערדריקן דאָס פֿאָלק דורך דער בורזשואַזע. אַנשטאָט פֿון דערדאָזיקער אַרמיי האָט די קאָמונע באַוואָפֿנט דאָס פֿאָלק גופֿע, דאָס הייסט דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז געווען דער ערשטער דעקרעט פֿון דער קאָמונע. ווייטער: די קאָמונע האָט געדאַרפֿט פֿאַרקערפּערן די ווירקלעכע דעמאָקראַטיע. די קאָמונע האָט ניט געדאַרפֿט זיין קיין פּאַרלאַמענט („אַ שטיבל ווו מען פּילפּלט זיך", ווי מאַרקס באַצייכנט דעם בירגערלעכן פּאַרלאַמענט), וואָס ווערט קלוימערשט געקליבן איינמאָל אין זעקס יאָר, נאָר אַן אינסטיטוט פֿון אַרבעט ווו יעדער מיטגליד און יעדער באַאַמטער אַרבעט און פּילפּלט זיך ניט. די ביוראָקראַטיע איז אָבער, נאָך דער אַרמיי, דער וויכטיקסטער אינסטרומענט אַף צו אונטערדריקן דאָס פֿאָלק. דעריבער זיינען די מיטגלידער פֿון דער קאָמונע געווען געקליבן פֿון דער אַרבעטנדיקער מאַסע און מ'האָט זיי געקאָנט אין יעדן מאָמענט אַראָפּזעצן. א י ן דעמדאָזיקן פּרינציפּ איז דאָס פֿונדאַמענט פֿון דער דעמאָקראַטיע. און עס איז ניט שווער איינצוזען, אַז די סיסטעם פֿון די „סאָוועטן" א י ז די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג, איז דער לאָגישער פּועל-יוצא פֿון די קאָמונעס, וואָס האָבן געדאַרפֿט, לויטן פֿרייען ווילן, פֿעדערירן זיך און שאַפֿן גלייכצייטיק אַ צ ע נ ט ר אַ ל י ז י ר ט ע מעלוכע. די העכערע ביוראָקראַטיע ווערט אָבער אויך געשאַפֿן דורך די גרויסע געהאַלטן, וואָס די העכערע באַאַמטע באַקומען אין דער בירגערלעכער מעלוכע, קעדיי בעסער צו פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן פֿון דער בורזשואַזיע. דעריבער האָט די קאָמונע טייקעף פֿיקסירט אַ מאַקסימום פֿאַר דעם געהאַלט פֿון די באַאַמטע. דאָס געהאַלט פֿון אַ באַאַמטן האָט ניט געטאָרט זיין העכער ווי דער אַרבעטלוין פֿון אַ קוואַליפֿיצירטן אַרבעטער (דאָס גרעסטע געהאַלט האָט ניט געטאָרט זיין מער פֿון 6000 פֿראַנק). אויך אין דעם פּראַט זעען מיר, אַז מיר קאָנען מיט שטאָלץ זאָגן, אַז מיר דערפֿילן און זעצן פֿאָר די פּרינציפּן פֿון דער קאָמונע. ווייטער האָט די קאָמונע געמאַכט אַ סאָף מיטן פֿאַרבלענדן די מויכעס דורך דער קירכע און דורך דער רעליגיע. פּונקט אזוי האָט זי אַראָפּגעריסן דעם הייליקן און קלוימערשט אומאָפּהענגיקן שיין פֿון דער יוסטיץ. פּונקט ווי אַלע אַנדערע באַאַמטע און אָנגעשטעלטע פֿון דער קאָמונע האָבן זיי אויך געמוזט ווערן אויסגעקליבן, זיינען זיי געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך און מ'האָט זיי געקאָנט אַראָפּזעצן אין יעדער צייט, דאָס הייסט מיט אַנדערע ווערטער: די קאָמונע איז געווען גרייט צו פּראָקלאַמירן אַפֿן אָרט פֿון דער פֿ אַ ר ב אָ ר ג ע נ ע ר קלאַסן-יוסטיץ פֿון דער בורזשואַזיע קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט די אָ פּ ע נ ע קלאַסן-יוסטיץ פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע. די שולן און די אוניווערסיטעטן, וואָס זיינען ביזיצט געווען די פּריווילעגיע פֿון דעם הערשנדיקן קלאַס, זיינען געעפֿנט געוואָרן פֿאַר דער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג. דער אונטערריכט איז גע-

וועק אומזיסט. די שול און די וויסנשאַפט, וואָס האָבן געדינט ביז איצט דער קירכע און די קלאַסן-אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע זיינען בעעמעס געוואָרן פריי און אומאָפּהענגיק. ווייטער האָט די קאָמונע אנולירט די כויוועס פאַר די דירעס פון אָקטיאַבר 1870 יאָר אָן. זי האָט פאַרמאַכט די לאָמבאַרדן, וואָס עקזיסטירן נאָר דורך דער עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבעטנדיקער מאַסע, און האָט אָפּגעשאַפט די נאַכט-אַרבעט פון די בעקער. דער וויכטיקסטער דעקרעט איז אָבער געווען דער דעקרעט פון דעם 16-טן אַפּרעל, וואָס האָט פאַרבאַטן צו רעגיסטרירן אַלע פאַבריקן פון די עמיגראַנטן און אויך יענע פאַבריקן, וואָס די פאַבריקאַנטן האָבן פאַרמאַכט צוליב סאַבאָטאַזש. מיט דידאָזיקע פאַבריקן האָבן געדאַרפט אָנפירן אַט די אַרבעטער, וואָס האָבן פריער דאָרטן געאַרבעט. זיי האָבן זיך געמוזט איצט אָרגאַניזירן אין קאָאָפּעראַציע-פאַרבאַנדן. די־דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון האָבן געמוזט ווערן אויך פאַראייניקט, ד. ה. צענטראַליזירט.

דאָס זיינען די וויכטיקסטע מאָסמיטלען פון דער פּאַריזשער קאָמונע: פאַרניכטונג און צושטערונג פון דעם אַלטן מעלוכע-אַפּאַראַט און דאָס שאַפן פון נייע ווירקלעך דעמאָקראַטישע אָרגאַנען און דער פּרווו אָרגאַניזירן די פּראָדוקציע דורך קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטער גופע, דאָס הייסט פון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין אַ מעשעך פון צוויי כאַדאָשים צייט, אין אַ צייט, ווען מ'האָט קוידעמקאָל געדאַרפט קעמפן קעגן די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע מאַכנעס.

נאָכן באַהאַנדלען דידאָזיקע וויכטיקע מאָסמיטלען פון דער קאָמונע זאָגט מאַרקס: „זי (ד. ה. די קאָמונע) האָט געשאַפן פאַר דער רעפּובליק די ווירקלעך דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס... די קאָמונע איז געווען אַ פּאָליטישע פאָרם, וואָס איז פעיִק דורך און דורך זיך צו פאַרברייטערן, אין דער צייט, וואָס אַלע פריערע רעגירונג-פאָרמען זיינען אין טאָך געווען פאָרמען פון אונטעדריקונג". און ער פרעגט: ווי איז דער סאָד פון דעם אַלעמען? און ענטפערט: דער עמעסער סאָד איז באַשטאַנען אָט אין וואָס; „זי (די קאָמונע) איז געווען דעריקער *אַ רעגירונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס* (אונטערגעשטראָכן פון מאַרקס), דער רעזולטאַט פון דעם קאַמף פון דעם קלאַס, וואָס פּראָדוצירט, קעגן דעם קלאַס, וואָס נעמט צו פאַר זיך די גיטער, זי איז געווען די ענדלעך אַנטדעקטע פּאָליטישע פאָרם, אונטער וועלכער עס האָט געקאָנט ווערן פאַרווירקלעכט די עקאָנאָמישע באַפרייונג פון דער אַרבעט".

אין דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" ווערט פּראָקלאַמירט אַלס וויכטיקסטער פּרינציפּ פון דעם קאָמוניזם—די אָפּשאַפונג פון דעם פּריוואַט-אייגנטום, ד. ה. „די אָפּשאַפונג פון דער בירגערלעכער אייגנטום", ווייל „די פּראָלעטאַריער האָבן קיין זאַך ניט, וואָס זיי וואָלטן געקאָנט פאַרזיכערן". די קאָמונע האָט, דורך דעם דעקרעט פון דעם 16-טן אַפּריל און דורך די איבעריקע מאָסנאָמען אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן דעמדאָזיקן פונדאַמענטאַלן פּונקט פון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט".

„די קאָמונע, האָבן זיי געשריען, וויל אָפּשאַפן דאָס אייגנטום, דעם יעסאָד פון דער ציוויליזאַציע!—לייענען מיר אין דעם „בירגער-קריג"—געוויס, מיינע הערן, די קאָמונע האָט געוואָלט אָפּשאַפן אָט יענעם קלאַסן-אייגנטום, וואָס ער פאַרוואַנדלט די אַרבעט פון די פילע אין דעם רייכטום פון די ווייניקע. פאַרוואַנדלענדיק די פּראָדוציר-מיטלען, דעם גרונט-באַזיס און דעם קאַפּיטאַל, וואָס זיינען איצט די מיטל פון פאַרשקלאַפונג און עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבעט—אין אַרבעטס-אינסטרומענטן פון דער פרייער און פאַראייניקטער אַרבעט, האָט די קאָמונע מיט דעם גופע געוואָלט מאַכן דאָס אינדיווידועלע אייגנטום פאַר אַ ווירקלעכקייט—אָבער דאָס איז דער קאָמוניזם, דער „אוממעגלעכער" קאָמוניזם"!

אָט אַזוי האָט דעפינירט מאַרקס די קאָמונע אַלס מעלוכע-מאַכט און אַלס די פאַרקערפּערונג פון דער עמעסער דעמאָקראַטיע. און אַז דער דייטשישער פיליסטער האָט שוין אין די 80-ער יאָרן גענומען ציטערן פאַר דער וואַקסנדיקער אַרבעטער-באַוועגונג און געזען אַף שריט און טריט דאָס געשפּענסט פון דער דיקטאַטור, האָט ענגעלס אויסגערופן „אָן אַנטיק, מיינע הערן! איר ווילט וויסן ווי אַזוי דידאָזיקע דיקטאַטור זעט אויס? קוקט אייך אָן די פּאַריזשער קאָמונע. דאָס איז געווען די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט".

**5. דער אינטערנאַציאָנאַליזם.** דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט ענדיקט זיך מיט דעם רוף: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!? דעמלט, מיט 80 יאָר צוריק, זיינען, ווי ענגעלס ווייזט אָן ריכטיק, ניט געווען קיין סאַך, וואָס האָבן געענטפערט אַף דעמדאָזיקן רוף. דאָס קלאַסן-באַוווסטזיין פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז נאָך ניט געווען טיף דורכגעדרונגען, ער האָט נאָך ניט פאַרשטאַנען, אַז די האַנאָכע פאַר זיין באַפרייונג—איז די אָרגאַניזאַציע, איז די פאַראייניקונג. ניט קיין פילע זיינען עס געווען, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן דעמדאָזיקן רוף און וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אַף אים. דאָס זיינען געווען קוידעמקאָל און אין ערשטער ריי—קאָמוניסטן.

ווער זיינען די קאָמוניסטן? וואָס פאַר אַן אינטערעסן האָבן זיי? וואָס איז זייער פּראָגראַם? דידאָזיקע דריי פראַגן שטעלט דער „מאַניפעסט" אַליין. ער שטעלט זיך זיי נאָך פאַר דעם, ווי ער קריטיקירט אַלע איבעריקע סאָציאַליסטישע שאַטירונגען, וועמעס פּראָגראַם עס איז סאָף־קאָלסאָף צו דערוויזן, „אַז די בורזשואַס זיינען בורזשואַס—אין די אינטערעסן פון דעם אַרבעטנדיקן קלאַס".

„אין וואָס פאַר אַ פאַרהעלטעניש שטייען די קאָמוניסטן צו די פּראָלעטאַריער בכלל?"—פרעגט דער מאַניפעסט און גיט גלייך דעמדאָזיקן ענטפער: „די קאָמוניסטן האָבן ניט קיין באַזונדערע אינטערעסן פון דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט... די קאָמוניסטן שיידן זיך אָפּ פון די איבעריקע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען נאָר דורך דעם, וואָס אין די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע קאַמפן פון די פּראָלעטאַריער שטרייכן זיי אונטער און באַטאָנען די אינטערעסן פון דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט, וואָס זיינען אומאָפּהענגיק פון דער נאַציאָנאַליטעט". ווי אומעטום, איז אויך דאָ פאָרמולירט

אין אַ פּאָר שורעס דאָס גאַנצע פּראָגראַם פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז אויסגעשמידט דער פּרינציפּ פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם. די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט הייסט ווייטער „וועט נאָך מער פֿאַרשווינדן בײַ דער הערשאַפֿט פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט. אַ פֿאַראייניקטער אויפֿטרעטן (Aktion), לכל־הפּחות פֿון די ציוויליזירטע לענדער, איז איינע פֿון די ערשטע באַדינגונגען פֿאַר זיין באַפֿרייונג“.

די רעאַקציע, וואָס האָט געבושעוועט אין איראָפּע נאָך דער רעוואָלוציע פֿון 1848, האָט ניט געקאָנט אונטערדריקן אַף אַ לאַנגע צייט די אַרבעטער-באַוועגונג, וועלכע האָט געפֿונען אין די 40-קער יאָרן איר שטאַרקן אויסדרוק קוידעמקאָל אין דעם ענגלישן טשאַרטיזם. נאַפּאָלעאָן דער 3-טער האָט אַפֿילע שפּעטער געמוזט אָנהויבן כיינדלען זיך פֿאַר די פּאַריזשער אַרבעטער—אַבי נאָר ניט איינצורייסן מיט זיי. אין אָנהויב פֿון די 60-ער יאָרן איז דער פּרינציפּ פֿון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט“, שוין געווען אזוי טיף דורכגעדרונגען, אַז עס האָט געקאָנט געשאַפֿן ווערן די „אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער אַסאָציאַציע“—דער 1-טער אינטערנאַציאָנאַל. און דעם 12-טן יול 1870—אַלזאָ קנאַפּע 6 יאָר נאָך דער גרינדונג פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַל—האָבן די פֿראַנצויזישע אַרבעטער, בײַ דעם אויסבראָך פֿון דעם קריג צווישן פֿראַנקרייך און דייטשלאַנד, אַרויסגעלאָזן אַן אויפֿרוף, אין וועלכן עס האָט געהייסן: „פֿראַנצויזישע, דייטשישע און שפּאַנישע אַרבעטער! לאָמיר פֿאַראייניקן אונדזער שטימע אין אַ רוף פֿון פֿאַראַכטונג קעגן דעם קריג... ברידער אין דייטשלאַנד! אונדזער שפּאַלטונג וואָלט נאָר געבראַכט נאָך זיך דעם פֿולשטענדיקן טריומף פֿון דעם דעספּאָטיזם אף ביידע זייטן פֿון דעם ריין... אַרבעטער פֿון אַלע לענדער! ווי עס זאָל אַפֿילע אין דעמדאָזיקן מאָמענט ניט זיין דער רעזולטאַט פֿון אונדזער געמיינזאַמער אָנשטרענגונג. מיר, די מיטגלידער פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע, וואָס ווייסן ניט פֿון קיין גרענעצן, מיר שיקן אייך, אַלס אָרוועס פֿון דער ניט אויסצולעשנדיקער סאָלידאַריטעט, אונדזער האַרציקן ווונטש און גרוס פֿון די אַרבעטער פֿון פֿראַנקרייך“. און די אַרבעטער פֿון דייטשלאַנד: פֿון בערלין, בראַונשווייג, כעמניץ, א. א. וו. האָבן גלייך געענטפֿערט אף דעם דאָזיקן רוף: „מיט לייב און לעבן פֿאַראייניקן מיר זיך מיט אייער פּראָטעסט,—שרייבט די בערלינער סעקציע פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַל... מיר שווערן פֿייערלעך, אַז ניט דער שאַל פֿון די טראָמפּייטן און ניט דער דונער פֿון די האַרמאַטן, ניט דער זיג און ניט די מאַפּאָלע וועט אונדז קאָנען אָפּקערן פֿון אונדזער געמיינזאַמען ווערק—פֿון דער פֿאַראייניקונג פֿון די אַרבעטער אין אַלע לענדער“.

די פּאַריזשער קאָמונע האָט אויך אין דעם פּראַט פֿאַרווירקלעכט דעם גרעסטן פּרינציפּ פֿון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט“. זי האָט אויסגעמעקט דאָס וואָרט „פֿרעמדער“ און „אויסלענדער“. די פֿירער פֿון דער קאָמונע זיינען געווען ניט נאָר פֿראַנצויזן. אַף די באַריקאַדן פֿון פּאַריזשער בעלוויל האָבן אָנגעפֿירט מיט דעם קאַמף קעגן דער קאָנטער-רעוואָלוציע פּוילישע און אַנדערע רעוואָלוציאָנערן פּונקט אזוי, ווי פֿראַנצויזישע. „אויסלענדער“ זיינען אויך אויסגעקליבן געוואָרן אין דער קאָמונע. דעם 30-טן מאַרט האָט די קאָמונע זיי באַשטעטיקט אין זייער אַמט מיט דעם רוף, אַז „ד י פֿ אָ ן פֿ ו ן ד ע ר ק אָ מ ו נ ע א י ז ד י פֿ אָ ן פֿ ו ן ד ע ר װ ע ל ט - ר ע פּ ו ב ל י ק“, אַזוי איז געווען די קאָמונע, ווי עס הייסט אין דעם „בירגער-קריג“, אין דעם פֿולן זין פֿון וואָרט אינטערנאַציאָנאַל. „אונטער די אויגן פֿון דער פּרייסישער אַרמיי, וואָס האָט אַנעקסירט צוויי פֿראַנצויזישע פּראָווינצן פֿאַר דייטשלאַנד, האָט די קאָמונע אַנעקסירט די אַרבעטער פֿון דער גאַנצער וועלט פֿאַר פֿראַנקרייך“.

* * *

קעגן דערדאָזיקער אָקופּאַציע פֿון דעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן טיער און ביסמאַרק. זשיול פֿאַוור שיקט צירקוליאַרן צו אַלע איראָפּעישע מלוכעס, ווו ער גיסט פּעך און שוועבל אַף דעם אינטערנאַציאָנאַל. די פֿעלערן, וואָס די קאָמונע האָט געמאַכט, דעריקער דער צענטראַל-קאָמיטעט פֿון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, האָבן ניט אין אַן ערעך פֿאַרגרינגערט דעם זיג פֿון דער קאָנטער-רעוואָלוציע. אין דער צייט, ווען דער ווייסער טעראָר האָט געווילדעוועט, האָט די קאָמונע, ביז די לעצטע טעג פֿון מאַי, ניט דערשאָסן קיין איין קאָנטער-רעוואָלוציאָנער. די באַנק פֿון פֿראַנקרייך איז געווען אַ הייליקער טעמפּל. אנשטאָט צו קאָנפֿיסקירן די געלטער און פֿאַרווענדן זיי פֿאַר די באַדערפֿענישן פֿון דער קאָמונע—האָט מען געלאָזן די פֿאַרטרעטער פֿון טירן צו באַלעבאַטעווען אין באַנק און שיקן קיין ווערסאַל דאָס געלט. דער גרעסטער פֿעלער איז אָבער געווען דער, וואָס גלייך, דעם 18-טן מאַרט, איז די זיגרייכע נאַציאָנאַלע גוואַרדיע ניט געגאַנגען אַף ווערסאַל, ווו די רעגירונג האָט ניט געהאַט אַף וועמען צו שטיצן זיך: דורך דעם גופֿע האָט מען געגעבן דער קאָנטער-רעוואָלוציע די מעגלעכקייט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און זיך אָרגאַניזירן.

דידאָזיקע פֿעלערן האָבן גרינגער געמאַכט דעם זיג פֿון דער קאָנטער-רעוואָלוציע. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט זיך אַף דידאָזיקע פֿעלערן געלערנט. דער פּראָלעטאַריאַט פֿון פֿראַנקרייך האַלט אין זיקאָרן דעם רוף פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַל: „נאָך דעם שוועס-זונטיק פֿון 1872 קאָן ניט זיין מער קיין רייד פֿון שאָלעם און פֿון וואַפֿן-רו צווישן די אַרבעטער פֿון פֿראַנקרייך און צווישן די, וואָס נעמען זיך צו די געשאַפֿענע גיטער פֿון די אַרבעטער“. און די „וואַנט פֿון די פֿעדערירטע“, אַפֿן בייסוילעם פֿון פּער-לאַ-שעז, קריצט-נאָך היינט אריין אין מויעך דעם אָנדענק פֿון די קאָמונאַרן.

כ. ב.

# די עקאָנאָמישע שוועריקייטן און דער רעכטער אָפּנויג.

יעדערער, וועלכער האט זיך אופמערקזאם איינגעקוקט אין דעם לעבן פון דארף אין פארגלייך מיט דעם לעבן אין שטאט, ווייס, אז מיר האבן די ווארצלען פון קאפיטאליזם ניט אויסגעריסן, און דעם פונדאמענט, די באזע פון דעם אינערלעכן סוינע ניט אונטערגעריסן. דער לעצטער האלט זיך אף דער קליין-צוברעקלטער ווירטשאפט, און קעדיי אונטערצורייסן זי, איז דא איין מיטל— אריבערפירן די ווירטשאפט פון לאנד, אין דעם אויך די לאנדווירטשאפט, אף א נייער טעכנישער באזע, אף דער טעכנישער באזע פון דער היינטצייטיקער גרויסער ווירטשאפט. אזא באזע איז נאר עלעקטרע.

לענין, באנד XVII, ז. 428.

אָט דערדאָזיקער הויפּטווידערשפּרוך, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין דער אויבנגעבראַכטער ציטאַטע, דער ווידערשפּרוך, וואָס באַשטייט דערין, וואס אין אַ לאַנד, וואָס בויט סאָציאַליזם, וואס האָט זיך אים גענומען אופבויען און פירט עס דורך מיט דער גוואַלדיקער אַקשאָנעס פון א יונגן, געזונטן און בליענדיקן קלאַס,—וואָס אין אַזאַ לאַנד זיצן, און גאַנץ פעסט, גאַנץ געדיכטע וואָרצלען פון איבער צוואַנציק מיליאָן דריבנינקע פּריוואַטע ווירטשאַפטן, וואָס שלעפן אונדז צום קאַפּיטאַליזם.

דאָס איז, ווי געזאגט, דער הויפּטווידערשפּרוך און דעריבער, נאַטירלעך, די הויפּטשוועריקייט.

עס איז אָבער דאָ נאָך אַ שוועריקייט, וואָס אין טאָך גענומען איז זי ניט קיין קלענערע שוועריקייט, ווי די אויבנדערמאָנטע. דאָס איז די אָפּגעשטאַנענקייט פון אונדזער שטאָטישער אינדוסטריע, אין פאַרגלייך מיט דעם וווקס פון דער אינדוסטריע אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס רינגלען אונדז אַרום. די־דאָזיקע אָפּגעשטאַנענקייט איז פאַר אונדז אַ צווייענדיקער אומגליק. ערשטנס, זייענדיק אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע קאַפּיטאַליסטישע בערן, וועלן מיר עקאָנאָמיש ניט קענען אויסהאַלטן, מע וועט אונדז „צורייבן", ווי כ' סטאַלין האָט זיך ריכטיק אויסגעדריקט. און צווייטנס, איז מיט דער אָפּגעשטאַנענקייט ענג פאַרבונדן אונדזער פאַרטיידיקונג. די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אַנטוויקלען זייער שטאַרק זייער מילכאמע-פּראָדוקציע, זיי אַרבעטן אויס טאָגטעגלעך משונעדיקע, טייוולאָנישע פלענער פון כימיזאַציע. אויב מיר וועלן אונדזער אינדוסטריע ניט אַנטוויקלען אַזוי שנעל, אז מיר זאָלן זיי ניט נאָר דעריאָגן, נאָר אויך אַריבעריאָגן, שטייען מיר פאַר דער געפאַר דערשטיקט צו ווערן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג.

אָן דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע הענגט אָבער אויכעט אפ די אינערלעכע אַנטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט. וואָס מער אונדזער אינדוסטריע וועט אַרויסוואַרפן לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס, אַלץ גיכער וועט אונדזער לאַנדווירטשאַפט זיך הויבן, וועט אַרויסוואַרפן פון טעגלעכן געברויך די אַלטע מאַכשירים; וואָס מער אונדזערע פאַבריקן וועלן אַרויסוואַרפן כימישע פּראָדוקטן אַף איינפּעטן די ערד, אַלץ גיכער וועלן קענען אונדזערע פויערים אַריבערגיין אַף אַ פילפעלדיקער סיסטעם, אַלץ מער וועט די ערד געבן פּראָדוקטן.

האָבן מיר, אלזאָ, צוויי הויפּטשוועריקייטן—די גרויסע טעכנישע אָפּגעשטאַנענקייט פון אונדזער ווירטשאַפט און די צוברעקלטקייט און קאַפּיטאַליסטישער כאַראַקטער פון אונדזער לאַנדווירטשאַפט.

ביידע זאַכן מוזן מיר באַקעמפן. ביידע שוועריקייטן רוקן זיך גאַנץ אָפּט אַרויס מיט זייער גאַנצער שאַרפקייט אַף אַ באַשטימטן עטאַפּ פון אונדזער אַנטוויקלונג און נויט אונדז אָנצושטרענגען זיך, און גאַנץ אָפּט איבער אונדזערע קויכעס.

אין וואָס באַשטייט איצט אונדזער נויטיקייט צו שטאַרק אָנצושטרענגען זיך? ווו ליגט די הויפּט-שוועריקייט בא היינטיקן קערפּונקט פון אונדזער אַנטוויקלונג?

מיט אונדזער לאַנדווירטשאַפט, ווי מיר האָבן אויבן געזאָגט, איז די גאַנצע צייט ניט גאָר קעשורע, לעצטנס איז—איבער אַ גאַנצער ריי סיבעס—די לאַגע געוואָרן נאָך ערגער.

אין דאָרף קומט פאָר אַ צו לאַנגזאַמער פּראָצעס פון ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג אין פאַרגלייך מיט דער אַנטוויקלונג פון שטאָט. דער צוווקס פון דאָרפישע פּראָדוקטן, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער שטייגט פון יאָר צו יאָר, איז ער אָבער ניט אַף אַזוי פיל שטאַרק, ער זאָל אינגאַנצן באַפרידיקן דעם צו גרויסן וווקס פון פאָדערונגען פון שטאָט.

עס איז אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג. פון 1925-טן יאָר אָן איז אויסגעוואַקסן די באַפעלקערונג איבערן גאַנצן פאַרבאַנד אַף 7 פּראָצענט. די שטאָטישע באַפעלקערונג איז פאַר דערזעלבער צייט אויסגעוואַקסן אַף פערצן פּראָצענט. דאָס הייסט פאַר קיין פאַל ניט, אַז אין שטאָט האָט מען מער קינדער, ווי אין דאָרף. פאַרקערט, אין דאָרף איז דער געבורט אַ פיל גרעסערער. און אויב אין שטאָט איז דער וווקס אַ פיל שטאַרקערער, שטאַמט דאָס דערפון, וואָס פון דאָרף גייט אַן עמיגראַציע אין שטאָט. דער פויער זוכט אַרבעט אין שטאָט, דעם פויער ציט אין שטאָט:

דערפון קומט אַרויס, אַז אין שטאָט וואַקסט אומגעהויער דער געברויכער.

דאָס איז די ערשטע סיבע פון דעם פאַרהעלטענישמעסיק שוואַכן וווקס פון דער דאָרף-פּראָדוקציע, לעגאַבע די פאָדערונגען.

די צווייטע סיבע באַשטייט אין דעם, וואָס עס האָט געשטיגן די עצעם פאָדערונג אַף דאָרפישע פּראָדוקטן. איינע און דיזעלבע מענטשן ברויכן היינט פיל מערער ברויט-פּראָדוקטן, ווי אַמאָל.

דער אַרבעטער איז געוואָרן פֿעסטער אין מאַימעד, דער פּויער האָט גענומען פֿאַרדינען אַ קערבל פֿונדערזייט, און אַ גאַנץ שטאַרקן קערבל.

פֿון איין זייט פֿאַרגינט ער זיך טאַקע מער, ווי אַמאָל, פֿון דער אַנדער זייט טרייבט ניט דעם פּויער אַרויסצוואַרפֿן דעם ברויט אַפֿן מאַרק.

דריטנס, האָט דער פּויער האַיאָר טיילווייז פֿאַרגרעסערט דעם פֿאַרזיי-שעטעך פֿון טעכנישע קולטורן (ליין, קאָנאָפּלעס, קערלעך א.א.וו.) אַפֿן כעשבן פֿון ברויט-קערנער.

און פֿערטנס, זיינען האַיאָר אַף אוקראַינע און צאָפֿן-קאַווקאַז געווען פֿרעסטלעך און טריקעניש, און בא אונדז פֿעלט דעריבער אַן ערעך 200 מיליאָן פּוד קערנער.

אויב אָן דער אַנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע איז אוממעגלעך צו אַנטוויקלען די לאַנדווירטשאַפֿט, באגעגענען מיר זיך אויך מיט אַ פֿאַרקערטער דערשיינונג: אָן דער אַנטוויקלונג פֿון לאַנדווירטשאַפֿט איז אוממעגלעך די אנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע. די לאַנדווירטשאַפֿט איז די באזע פֿון רוי-מאַטעריאַלן און פּראָדוקטן פֿאַר דער אינדוסטריע.

דאַרפֿן מיר זיך אָנשטרענגען און אוועקשטעלן פֿון איין זייט די נאָרמאַלע אנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע, דערהויפּט פֿון דער גרויס-אינדוסטריע. די פֿראַגע פֿון שוואַרצן מעטאַל שטייט בא אונדז גאַנץ ערנסט. טשוהון האָבן מיר נאָך ביז היינטיקן טאָג ניט מער, ווי 79 פּראָצ. פֿון פֿאַר דער מילכאָמע. מיר מוזן פֿאַרסירן די אנטוויקלונג פֿון מעטאַלורגישע זאוואָדן, וואָס זאָלן אויסאַרבעטן ניט נאָר לייכטע אינדוסטריע-סכוירעס, נאָר טאַקע מאַשינעס.

פֿון דער אַנדער זייט איז די צענטראַלע אויפֿגאַבע אונדזערע אין נאָרמאַליזירן די אַנטוויקלונג פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט.

„וועלכע וועגן און מיטלען זיינען אומבאַדינגט נויטיק דערויף— זאָגט כ׳ סטאַלין—מע זאָל אויפֿהויבן דעם טעמפּ פֿון אנטוויקלונג פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט ביכלאַל און קערנער-ווירטשאַפֿט דערהויפּט? אזעלכע וועגן אדער קאַנאַלן זיינען דריי: א) אויפֿהויבן די גערעטנקייט און פֿאַרברייטערן דעם פֿאַרזיי-שעטעך פֿון די אינדיווידועלע אָרעמע און מיטל-פּויערישע ווירטשאַפֿטן; ב) די ווייטערדיקע אנטוויקלונג פֿון די קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿטן; ג) פֿאַרברייטערן די אַלטע און אנטוויקלען נייע ראַטנווירטשאַפֿטן“.

מיט דער אנטוויקלונג פֿון קאָלעקטיווע און ראַטנווירטשאַפֿטן, מיט דער קאָאָפּערירונג פֿון דאָרף—דערמיט רייסן מיר צוביסלעכווייז אַרויס די קאַפּיטאַליסטישע וואָרצלען פֿון דאָרף און הויבן אָן ביסלעכווייז איינפֿלאַנצן סאָציאַליסטישע. דאָס הייסט, פּאָשעט, אַז די פּאַרטיי און דער פּראָלעטאַריאַט הויבט אָן צו מאַכן אַ גאַנץ שטאַרקן אָנגריף אַפֿן קאַפּיטאַליזם אין דאָרף, ווייל אויסער די אַלע מאָסמיטלען, נעמט די רעגירונג אָן נאָך אַ מיטל—זי פֿירט אַ קלאַסנקאַמף אין דאָרף, זי קעמפֿט און גרייפֿט אָן אַפֿן באַלעגוף.

דער באַלעגוף לאָזט זיך אָבער ניט אַזוי גיך באַקעמפֿן. ער פּרוווט זיך מיט אַלע מיטלען געבן אַ ווידערשטאַנד. און אָט דעמדאָזיקן ווידערשטאַנד, וואָס עס גיט דער דאָרפֿישער באַלעגוף און דער נעפּמאַן אין שטאָט, דריקט אַף די שוואַכע עלעמענטן אין דער פּאַרטיי, און עס הויבט זיך אָן צו באַווייזן און הויבט אָן אויספֿאָרמירן זיין פּאָנים דער רעכטער אָפּנויג.

אין 16-טן פּונקט פֿון דער רעזאָלוציע פֿון לעצטן פּלענום ווערט געזאָגט קלאָר און דייטלעך: „די גוואַלדיקע פֿאַרוויקלטקייט פֿון די פּראָבלעמען פֿון דעם רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד; אַ ריי שוועריקייטן, וואָס שטייען אַפֿן וועג פֿון דער אינדוסטריאַליזירונג פֿון לאַנד; די אָנגעשטרענגטקייט, וואָס עס פֿאָדערט פֿון אַרבעטער-קלאַס און פּויערטום די זאַך פֿון דער אינדוסטריאַליזאַציע, די זאַך, וואָס וועט געבן אַ רעאַלן עפֿעקט ערשט אין אַ באַשטימטן פּעריאָד צייט; דער ווידערשטאַנד פֿון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, און אַף דעם איצטיקן עטאַפּ—די פֿאַרשאַרפֿונג פֿון קלאַסנקאַמף; די וואַקלונגען פֿון דער קליינבירגערלעכער סטיכיע“—דאָס אַלץ רופֿט אַרויס דעם רעכטן אָפּנויג אין דער פּאַרטיי.

אין וואָס באַשטייט דער רעכטער אָפּנויג? וואָס וויל ער?

אַף אַזוי פֿיל, אַף וויפֿל ער איז אַ פּראָדוקט פֿון אַ פֿאַרשטאַרקטן קלאַסנקאַמף. פֿון אַן אָנגריף מיצאַד דעם קאַפּיטאַליזם, איז שוין קלאָר וואָס ער וויל.

דעם רעכטן אָפּנויג איז דערווידער די אַנטוויקלונג פֿון דער גרויס-אינדוסטריע, ווייל די גרויס-אינדוסטריע, ווי געזאָגט, וועט מוזן העלפֿן דער קאָלעקטיוויזירונג פֿון דאָרף. קעגן דעם איז דער באַלעגוף. און קעדיי צו פֿאַרדעקן זיך מיט רעוואָלוציאָנערע פֿראַזן, טאַינען די פֿאָרשטייער פֿון רעכטן אָפּנויג: „וואָס שפּייזט איר אונדז מיט „דנעפּרבויען“? ווער ווייס אין וויפֿל יאָר אַרום עס וועט דערפֿון אַרויסקומען נוצן. גיט אונדז מאַנופֿאַקטור. גיט אונדז אַלץ, וואָס מען דאַרף האָבן פֿאַרן טעגלעכן געברויך“. זיי, די רעכטע אָפּנויגער, זאָרגן קלוימערשט, פֿאַרן פֿאָלק. מיר, די וואָס האַלטן די ליניע פֿון צ.ק., זיינען פֿאַנטאַזיאָרן, מיר האָבן זיך אָפּגעריסן פֿון פֿאָלק, אונדז אינטערעסירט ניט די טאָגטעגלעכע אינטערעסן פֿון פֿאָלק, פֿון די ברייטע מאַסן.

דער, אָבער, ווער עס איז ניט בלינד, דער, וועלכער עס לאָזט זיך ניט אונטערפֿאַלן אונטער דער ווירקונג פֿון באַלעגופֿיש-נעפּישע שטימונגען, דער וועט באַלד באַמערקן, אַז די קלוימערשטע פֿראַזע פֿון פֿאָלק-נויטן, מיט וועלכע עס דעקן זיך צו די רעכטע אָפּנויגער, איז, ווי יעדער פֿראַזע, פּוסט און שעדלעך. יעדערער, ווער עס זאָרגט זיך בלויז פֿאַר היינטיקן טאָג, איז אַ קליינבירגער און ער שלעפּט אונדזער לאַנד צוריק.

וואָרעם וואָס הייסט דאָס איצט אָפּשוואַכן דעם טעמפּ פֿון דער גרויס-אינדוסטריע און אָוועקלייגן אַלע קויכעס אַף דער קליין-אינדוסטריע?

דאָס הייסט די ערשטע זאַך ניט אַרויסנעמען פֿון דער ערד אַזוי פֿיל אייזן, וואָס זאָל אונדז אָוועקשטעלן אין דעם אַלוועלטלעכן מאַרק אַף דעם געהעריקן אָרט; דאָס הייסט, אַז מיר זאָלן דאַרפֿן אימפּאָרטירן אַפֿילע אייזן פֿון אויסלאַנד, דאָס הייסט מאַכן אונדז אָפּהענגיק פֿון אויסלענדישן קאַפּיטאַל אין דעם וויכטיקסטן, אָן וואָס אַ פּראָלעטאַריש לאַנד קען ניט אויסקומען;

דאָס הייסט, אַז מִיר זאָלן אַמווייניִקסטן בויען פֿאַבריקן פֿאַר מאַשִינען-בוי און מִיר זאָלן אָט דִידאָזִיקע מאַשִינעס שלעפּן פֿון אויסלאַנד. דאָס הייסט, אַז מִיר וועלן אַפּילע דעם דאָרף נִיט קענען באַזאָרגן מִיט לאַנדווירטשאַפֿטלעכע מאַשִינעס פֿון אונדזער אייגענער פּראָדוקציע. און אַזוי ווי דורך דער אָפּגעשוואַכטקייט פֿון אונדזער גרויס-פּראָדוקציע ווערט אָפּגעשוואַכט אויך אונדזער לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקציע, וועט דאָס הייסן, אַז מִיר וועלן קיין וואַליוטע-סכוירעס אַפֿן אויסערלעכן מאַרק נִיט קענען אַרויסוואַרפֿן, וועלן מִיר אַפּילע פֿון אויסלאַנד קיין לאַנדווירטשאַפֿטלעכע מאַשִינעס נִיט קענען אַריינפֿירן. און דאָס הייסט, אַז אונדזער דאָרף מוז בלייבן באַ דער סאָכע און אִין בעסטן פֿאַל—באַ דעם פּלוג.

מע דאַרף איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל פֿאַרענדיִקן מִיט דער לעגענדע, אַז דער פּויער דאַרף האָבן נאָר מאַנופֿאַקטור און טשוועקעס. דאָס קענען זאָגן נאָר קורצזִיכטיִקע מענטשן. קעדיי צו אַנטוויִקלען דאַווקע דִי פּויעריִשע ווירטשאַפֿט, אִיז אומבאַדִינגט נויטיִק מעטאַל, אַ קאָלאָסאַלע אַנטוויִקלונג פֿון דער כימִישער פּראָדוקציע.

נאָך מער, קעדיי צו געבן דעם פּויער מאַנופֿאַקטור און טשוועקעס און לעדער און אַלץ דאָס, וואָס ער מוז האָבן פֿאַר זיין טעגלעכן געברויך, אִיז אומבאַדִינגט נויטיִק דִי ערשטע זאַך צו אַנטוויִקלען דִי גרויס-אִינדוסטריִע, אָן דעם בלייבן מִיר באַ דער נִידעריקסטער אַנטוויִקלונג פֿון טעכניִק, אָן דעם וועט אונדז קיינמאָל נִיט געבן דער דאָרף דִי נויטיִקסטע לעבנספּראָדוקטן.

עמעס, דִי גרויסע פֿאַבריִקן, דִי גִיגאַנטן, וואָס מִיר בויען אִיצט, דִי פֿאַבריקן, וואָס וועלן זיין איינגעאָרדנט לויט דעם לעצטן וואָרט פֿון טעכניִק, דִידאָזיקע אַלע עלעקטריִשע סטאַנציעס, וואָס מִיר בויען היינט און אויף וועלכע מִיר לייגן אִיצט אַוועק דִי הונדערטער מִיליאָנען, גִיבן גלייך, היינט, אַ קנאַפּן עפֿעקט, פֿאַרקערט, זיי שטרענגען אָן צופֿיל אונדזער בּיודזשעט... אָבער דאָס אִיז אומבאַדִינגט נויטיִק, קעדיי שפּעטער, אִין עטלעכע יאָר אַרום, זאָלן מִיר קענען לייכטער אַן אָטעם טאָן, זאָלן מִיר קענען אַנטוויִקלען אונדזער פּראָדוקציע אַזוי, אַז מִיר זאָלן דעריאָגן און סאָפּקאָלסאָף אַריבעריאָגן דִי קאַפּיטאַליִסטישע לענדער.

יעדערער, ווער עס ווִיל אָפּהאַלטן כאָטש אַף איין סעקונדע דעם גִיגאַנטישן וווּקס פֿון אונדזער אִינדוסטריע, דער אִיז אַ סוינע פֿון דער פּראָלעטאַריִשער מעלוכע, דער שטופּט זִי אִין דִי אָרעמס פֿון קאַפּיטאַליִזם.

דער רעכטער אָפּנויג אִיז אָבער נִיט מאַסקים מִיט דער פּאַרטיי-ליניע אַףביידע פֿראָנטן: אי מִיט דער פֿאָרסירונג פֿון דער גרויס-אִינדוסטריע אי מִיט דער קאָלעקטיוויִזירונג פֿון דעם דאָרף. אויב באַ דעם ערשטן פֿאַל קען ער זִיך נאָך צודעקן מִיט דעם פּראַזע פֿון „טאָגטעגלעכע פֿאָלק-נויטן", אִיז זיין אַרויסטרעטונג קעגן דער פּאַרטיי-ליניע באַם צווייטן פֿאַל אַ פֿולשטענדיִק באַלעגופּישע, אָן קיין שום צוועק.

וואָס זאָגט דער רעכטער אָפּנויג בענוגייע צו אונדזער פּאָליטיִק אִין דאָרף?

דִי ערשטע זאַך דערציילן זיי באָבע-מאַיסעס וועגן דעם, אַז דער דאָרף, דִי לאַנדווירטשאַפֿט דעגראַדִירט, ד.ה. זי שטאַרבט אָפּ, אַז דִי ליניע, וואָס דִי פּאַרטיי האָט גענומען פֿאַר דער לעצטער צייט אִין דאָרף, האָט געבראַכט די גרונט-קאַדרען פֿון דאָרף (דעם אָרעם- און מִיטל-פּויער) מיטן נאָז צום וואַנט, זיי האָבן קיין שום פּערספּעקטיוו נִיט, און דעריבער, פֿאַרשטייט זיך, איז „דער דאָרף, אויסער אַ קליינעם טייל פֿון דער אָרעמקייט, געשטימט קעגן אונדז".

צי אִיז דאָס אַלץ ריִכטיִק, אָדער נִיט? נאָמִיר דאָס גוט באַטראַכטן.

דִי ערשטע זאַך צי אִיז ריכטיק, אז דער דאָרף דעגראַדִירט, אַז דִי לאַנדווירטשאַפֿט שטאַרבט אָפּ?

פֿאַרשטייט זיך, אז דאָס איז פֿאַלש. דִי ציפֿער, וואָס עס גיבן אונדז די צענטראַלע סטאַטיִסטישע פֿאַרוואַלטונג און דער מעלוכע-פּלאַן, ווייזן עטוואָס אַנדערש.

אָט וואָס דער כ׳ יאַקאָוולעוו זאָגט וועגן דערדאָזיקער פֿראַגע:

„קעדיי אָביעקטיוו צו דִיסקאָנטירן דעם צושטאַנד פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט, איז אומבאַדִינגט נויטיִק צו האָבן אין זִינען, ערשטנס, אַז די גאַנצע פּראָדוקציע פֿון קערנער פֿאַר האַיאָרדיִקן יאָר, ניט געקוקט אַף דעם סטיִכיִשן אומגליִק, איז העכער איידער פֿאַראַיאָרן (101,1 פּראָצ.); צווייטנס, אַז דִי דורכשניטלעכע גערעטעניש פֿון דִי קערנער-קולטורן האָט זיך האַיאָר אויפֿגעהויבן אַנטקעגן פֿאַראַיאָרן אומגעפֿער אַף צוויי פּוד מיט עפּעס אַף אַ דעסיאַטִין; דריטנס, אַז די גאַנצע פּראָדוקציע פֿון דער גאַנצער לאַנדווִירטשאַפֿט איז האַיאָר שאַרף געשטִיגן אין פֿארגלייך מיט פֿאַראַיאָרן—(104 פּראָצ.); פֿערטנס, אַז דִי אינדוסטריאַליִזאַציע פֿון לאַנד רופֿט אַרויס דעם וווּקס פֿון טעכניִשע קולטורן אין דעם אלגעמיינעם פֿאַרזיי-שעטעך; פֿינפֿטנס, אַז דער האַיאָרדיִקער ניט גאָר גרויסער וווּקס פֿון דער גאַנצער פּראָדוקציע פֿון קערנער-קולטורן אַנטקעגן פֿאראַיאָרן האָט זיך באַקומען, נִיט קוקנדיִק אַף דעם סטיכיִשן אומגליק פֿון האַיאָרדיִקן יאָר (אַדאַנק די פֿרעסטלעך און טריקעניש איז האַיאָר פֿאַרפֿאַלן געוואָרן 325 מיליאָן פּוד קערנער אַף אוקראַיִנע און 100 מִיליאָן פּוד אין דעם צענטראַלן שוואַרצערדיִקן געגנט*).

דידאָזִיקע בִיסל ציפֿער דערווייזט אַקוראַט אַ פֿאַרקערטע זאַך, אז נִיט עס דעגראַדִירט די לאַנדווירטשאַפֿט, נאָר זי וואַקסט, ניט געקוקט אַף דִי אַלע סטיִכישע אומגליקן און דעם זייער שוואַכן טעמפּ פֿון אַנטוויִקלונג פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכע מאַשִינעס.

און וויבאַלד, אז די גרונט-„האַנאָכע" זייערע (וועגן דעגראַדאַציִע) אִיז אַ פֿאַלשע, איז, נאַטירלעך, אויך פֿאַלש דער צווייטער „טעזיס", וואָס זאָגט, אז דאָס פּויערטום האָט קיין פּערספּעקטיִוון נִיט. עס גייט צו לאַנגזאַם דער טעמפּ פֿון דער אַנטוויִקלונג פֿון דער פּויערשער ווירטשאַפֿט, אָבער דִי אַנטוויִקלונג גייט, און דעריבער זיינען דאָ פּערספּעקטיוון.

*) זע י. יאַקאָוולעוו. „צו דער פֿראַגע וועגן די ווִירטשאַפֿטלעכע אויפֿגאַבן פֿון קומענדיִקן יאָר" מעלוכע-פֿאַרלאַג, זייטל 30.

און עס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז עס איז לאַכלוטן פֿאַלש זייער דריטער „טעזיס“, דאָס דער גאַנצער דאָרף איז קעגן אונדז. וואָרעם וואָלט ווירקלעך דער דאָרף געווען קעגן אונדז, וואָלטן מיר האַיאָר קיין איין פֿונט ברויט פֿון דאָרף ניט געקאָנט אַרויסבאַקומען, און האַיאָר גראָד גייט די ברויט־זאַמלונג בעסער, ווי פֿאַראַיאָרן; וואָלט ניט פֿאַרגרעסערט, נאָר, פֿאַרקערט, פֿאַרקלענערט געוואָרן דער פֿאַרזיי־שעטעך. עמעס, אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן גאַנץ שטאַרק אָנגרייפֿן אַפֿן באַלעגוף, וואָס מיר האָבן פֿעסט און ערנסט גענומען דורכפֿירן די קאָלעקטיוויזאַציע פֿון דאָרף, האָט זיך דער באַלעגוף אין אַ גאַנצער ריי ערטער, גענומען שטעלן אַנטקעגן, אָבער דער באַלעגוף איז נאָך ניט דער פויער בכלל.

אַליין אָנגעשראָקן דורך דעם קלאַסנקאַמף אין דאָרף, ווייל דער רעכטער אָפּנויג אויך שרעקן די פּאַרטיי. פּאַניק איז אָבער אויסגערעכנט אַף שוואַכע מענטשן, וואָס האָבן די טעווע צו שרעקן זיך. באָלשעוויקעס שרעקן זיך ניט, באָלשעוויקעס קוקן און זעען די פּראָצעסן, וואָס עס קומען פֿאָר אין דאָרף; זיי ווייסן די שוועריקייטן, וואָס עס שטייט פֿאָר באַ דעם איבערבויען דעם קאַפּיטאַליסטישן דאָרף אין אַ סאָציאַליסטישן.

נאָך דעם אָנשרעק, נאָך דעם פּאַכאַד, וואָס דער רעכטער אָפּנויג וואַרפֿט אָן אַף דער פּאַרטיי, גייט ער איבער אין באַלעגופֿישן אָנגריף און גאַנץ אָפֿן.

אָט צו וואָס דער כ׳ פֿרומקין האָט זיך דערעט:

ערשטנס, זאָל מען ניט שטעלן זיך פֿאַר אַ שלאָג־אויפֿגאַבע צו אַנטוויקלען די סאָוועטישע ווירטשאַפֿטן.

צווייטנס—דאָ ווערט שוין די זאַך אינגאַנצן קלאָר—מיר דאַרפֿן ניט שטערן דער פּראָדוצירונג פֿון די באַלעגופֿישע ווירטשאַפֿטן.

דריטנס—דאָס איז שוין זעלבסטפֿאַרשטענדלעך—מע זאָל געבן נאָר וואָס ווייניקער געלט פֿאַר דער אינדוסטריע.

מע דאַרף זיין עמעס דאַנקבאַר דעם כ׳ פֿרומקין פֿאַר זיין פֿולשטענדיקער אָפֿנהערציקייט. נאָך אַזעלכע אָפֿענע „טעזיסן“ וועט זיין ניט שווער אויפֿצודעקן דעם גאַנצן באַלעגופֿישן כאַראַקטער פֿון דעמדאָזיקן אָפּנויג.

נאָך די אַלע עכט־באַלעגופֿישע טעזיסן איז פּאָשעט קאָמיש דער ריין־צאַרבאַלעכאַימדיקער „טעזיס“ וועגן דעם, אַז די רעגירונג זאָל געבן „מאַקסימאַלע הילף דער אָרעמקייט, וואָס גייט אין די קאָלעקטיוון“. יעדער וועט פֿאַרשטיין, אַז די פֿראַזע איז אַ צוגעטשעפּעטע פֿינפֿטע ראָד צום גרויסן, אָנגעלאָדענעם באַלעגופֿישן וואָגן.

ווי דאַרפֿן מיר פֿירן דעם קאַמף מיטן רעכטן אָפּנויג?

דער כ׳ סטאַלין גיט אין זיין פֿאָרטראָג אַפֿן לעצטן פּלענום פֿון צ. ק. פֿאָלגנדיקן ענטפֿער.

„צי איז ריכטיק געזאָגט געוואָרן אין די טעזיסן, אַז **דער גרונט־מעטאָד** אין קאַמף מיטן רעכטן אָפּנויג דאַרף באַ אונדז זיין דער מעטאָד פֿון פֿאַנאַנדערגעוויקלטן אידעאָלאָגישן קאַמף? איך רעכן, אַז עס איז ריכטיק. עס וואָלט דאָ געווען גוט צו דערמאָנען די דערפֿאַרונג פֿון קאַמף מיטן טראָצקיזם. פֿון וואָס האָבן מיר אָנגעהויבן דעם קאַמף מיט אים? עפּשער פֿון אָרגאַניזאַציאָנעלע אויספֿירן? ניין, פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט. מיר האָבן אָנגעהויבן פֿון אידעאָלאָגישן קאַמף. ער האָט זיך באַ אונדז געפֿירט פֿון 1918 ביז 1925־טן יאָר. שוין אין 1924־טן יאָר האָט אונדזער פּאַרטיי און אין 1925 דער פֿינפֿטער קאָנגרעס פֿון קאָמינטערן אַרויסגעטראָגן אַ רעזאָלוציע וועגן טראָצקיזם, ווי וועגן אַ קליינבירגערלעכן אָפּנויג. פֿונדעסטוועגן איז טראָצקי באַ אונדז געזעסן אי אין צ. ק. אי אין פּאָליטביוראָ. צי איז דאָס אַ פֿאַקט אָדער ניט? אַ פֿאַקט. הייסט דאָס, אַז מיר האָבן „געדולדעט“ טראָצקין און די טראָצקיסטן אין באַשטאַנד פֿון צ.ק. פֿאַרוואָס האָבן מיר דערלאָזן זייער אָנוועזנקייט אין באַשטאַנד פֿון די אָנפֿירנדיקע אָרגאַנען פֿון דער פּאַרטיי? ווייל די טראָצקיסטן האָבן זיך צו יענער צייט, ניט קוקנדיק אַף די סיכסוכים מיט דער פּאַרטיי, אונטערגעוואָרפֿן די באַשלוסן פֿון צ. ק. און זיינען געבליבן לאָיאַל. ווען האָבן מיר גענומען געברויכן אין אַ ברייטערן מאַסשטאַב אָרגאויספֿירן? נאָר נאָכדעם, ווי די טראָצקיסטן האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן אין אַ פֿראַקציע, האָבן באַשאַפֿן זייער אָרגאַניזאַציאָנעלן צענטער, האָבן זייער פֿראַקציע פֿאַרוואַנדלט אין אַ נייער פּאַרטיי און האָבן גענומען דעם אוילעם רופֿן אַף אַנטיסאָוועטישע דעמאָנסטראַציעס. איך רעכן, אַז מיט דעמזעלבן וועג דאַרפֿן מיר גיין אין קאַמף מיטן רעכטן אָפּנויג“.

„דער רעכטער אָפּנויג איז נאָך דערווייל ניט עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט שוין אַ פֿאָרם און וואָס האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער שטאַרקט זיך אין דער פּאַרטיי. ער פֿאָרמירט זיך און קריסטאַליזירט זיך נאָך. האָבן די רעכטע אָפּנויגער אַ פֿראַקציע? איך דענק, אַז ניט. קען מען זאָגן, אַז זיי וואַרפֿן זיך ניט אונטער די באַשלוסן פֿון אונדזער פּאַרטיי? איך רעכן, אַז באַ אונדז איז נאָך קיין גרונט ניטאָ צו באַשולדיקן זיי דערין. קען מען פֿאַרזיכערן, אַז די רעכטע אָפּנויגער וועלן זיך אַף זיכער אָרגאַניזירן אין אַ פֿראַקציע? איך צווייפֿל דערין. פֿונדאַנען קען מען מאַכן אַן אויספֿיר: דער גרונט־מעטאָד פֿון קאַמף מיטן רעכטן אָפּנויג דאַרף באַ אונדז זיין אַף דער **איצטיקער סטאַדיע** דער מעטאָד פֿון פֿאַנאַנדערגעוויקלטן אידעאָלאָגישן קאַמף. דאָס איז נאָך מער ריכטיק דערפֿאַר, ווייל צווישן איינציקע מיטגלידער פֿון אונדזער פּאַרטיי איז דאָ אַ פֿאַרקערטע טענדענץ—אָנהויבן אַ קאַמף מיטן רעכטן אָפּנויג ניט פֿון דער אידעאָלאָגישער זייט, נאָר פֿון אָרגאויספֿירן. זיי זאָגן אָפֿן: דו גיב אונדז אַקאָרשט אַזעלכע 10 אָדער 20 מענטשעלעך, מיר וועלן זיי מיטן קאָפּ צופּיקן. איך רעכן, כאַווייריִם, אַז אַזעלכע שטימונגען זיינען ניט קיין ריכטיקע און שעדלעכע. טאַקע דערפֿאַר, מע זאָל ניט שווימען איבער אַזעלכע שטימונגען, נאָר אַוועקשטעלן דעם קאַמף מיטן רעכטן אָפּנויג אַף ריכטיקע רעלסן, טאַקע דערפֿאַר איז נויטיק צו זאָגן קלאָר און פֿעסט, אַז דער גרונט־מעטאָד מיטן רעכטן אָפּנויג איז אַף דער **איצטיקער סטאַדיע** אַ קאַמף אַן אידעאָלאָגישער“.

דאָס דאַרפֿן געדענקען אונדזערע כאַוויירים אין קאַמף קעגן רעכטן אָפּנויג. און קעדיי צו פֿירן אָט דעמדאָזיקן **אידעאָלאָגישן** קאַמף, דאַרפֿן מיר דערלערנען אונדזער ווירטשאַפֿט, וויסן,

וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אונדזער פֿינפֿיאָריקער אינדוסטריע-פּלאַן, גוט דורכטראַכטן אונדזער פּאָליטיק אין דאָרף, דורכקאָנטראָלירן שטענדיק די פֿאַרשיידענע שטימונגען, וואָס שאַפֿן זיך באַ אונדזערע פּאַרטיי-כאַווייריִם און אומפּאַרטייִשע אַרבעטער און קוסטאַרעס נאָך באַשטימטע צוזאַמענשטויסונגען מיט דעם דאָרף און זיין אָפּגעשטאַנענקייט פֿון איין זייט און באַלעגופֿישע אַרויסטרעטונגען פֿון דער אַנדער זייט. מיט איין וואָרט, מע דאַרף זיין גרייט, מע דאַרף זיך אָנלאָדן מיט פּאַרטייִשער וויסנשאַפֿט, קעדיי מע זאָל ווירקלעך קענען געבן אַן אידעיִשן ווידערשטאַנד דעם רעכטן אָפּנויג.

פֿירנדיק אַ קאַמף קעגן רעכטן אָפּנויג, טאָרן מיר אָבער פֿאַר קיין פֿאַל ניט פֿאַרגעסן דעם קאַמף קעגן דעם „לינקן“ אָפּנויג. די לינקע אָפּאָזיציע איז צוקלאַפּט. אָבער זי איז ניט פֿאַרניכטעט. דער כ׳ סטאַלין האָט אָפֿן פּלענום פֿון צ. ק. ריכטיק אָנגעוויזן, אַז איין פּראָצענט פֿון דער פּאַרטיי האָט אָפֿן געשטימט פֿאַר דער טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע. אָבער עס זיינען געווען עטלעכע פּראָצענט, וואָס האָבן גאָר ניט געשטימט, וואָס זיינען אַף די פֿאַרזאַמלונגען ניט געקומען. עס זיינען בעפֿיירעש אין דער פּאַרטיי פֿאַרבליבן עלעמענטן מיט טראָצקיסטישע נויגונגען. לעצטנס, האָבן אָט דידאָזיקע באַהאַלטענע טראָצקיסטן גענומען אַרויסרוקן זיך פֿון זייערע לעכער. ווו ניט ווו באַגעגנט מען זיי אַף פֿאַרזאַמלונגען, ווו ניט ווו הויבן זיי אָן אַרויסצוטרעטן...

מיר טאָרן אַף איין מינוט ניט אָפּשוואַכן דעם קאַמף מיטן „לינקן“ טראָצקיסטישן אָפּנויג, ווייל יעדע צו גרויסע פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער אינדוסטריאַליזאַציע, אַ פֿאַרשטאַרקונג, וואָס וועט זיין איבער אונדזערע קויכעס, וועט אונדז אָפּרייסן פֿון די נויטן פֿון דאָרף און עס וועט אויסוואַקסן אַ טהום צווישן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

ניט אָפּשוואַכנדיק דעם קאַמף קעגן לינקן אָפּנויג, דאַרפֿן מיר אָבער די הויפּטאויפֿמערקזאַמקייט ווענדן אַף רעכטס, פֿונוואַנען עס קריכט אונדזער פֿאַרביסענער קלאַסנסוינע אין דאָרף, דער באַלעגוף. באַ היינטיקער צייט איז דער רעכטער אָפּנויג געפֿערלעכער און מיר דאַרפֿן ווענדן די הויפּטשלאַכט אַהין.

באַ אייניקע כאַווייריִם קען זיך שאַפֿן אַן איינדרוק, אַז וויבאַלד די פּאַרטיי קעמפֿט אַף רעכטס און אַף לינקס, איז וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר די פּאַרטיי אַליין? צי איז אונדזער לענינישע פּאַרטיי ניט קיין צענטריסטישע?

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז פֿאַלש. צענטריזם, הייסט, ווען מע וויל פֿאַראייניקן רעכטס און לינקס, ווו מע וויל מאַכן אַ פּשאָרע צווישן רעכטס און לינקס.

אונדזער באָלשעוויסטישע פּאַרטיי איז די לינקסטע אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-באַוועגונג. און יעדער אָפּנויג אַף לינקס, אָדער אַף רעכטס איז אַן אָפּנויג פֿון באָלשעוויזם. אונדזער פּאַרטיי קעמפֿט שטענדיק אַף רעכטס און אַף לינקס און זי האָט קיין מאָל ניט געפּרוּווט פֿאַראייניקן די שטראָמען פֿון רעכטס און פֿון לינקס. יעדער צענטריזם איז אונדז פֿרעמד און שעדלעך, ווי פֿרעמד און שעדלעך עס איז יעדער אָפּנויג. און אין היינטיקן קאַמף מיטן לינקן און דערהויפּט מיטן רעכטן אָפּנויג טאָרן מיר טאַקע ניט פֿאַרגעסן די פֿאַרשיידענע צענטריסטן, די, וואָס ווילן מאַכן אַ פּשאָרע צווישן דער אויסגעהאַלטענער לענינישער ליניע און צווישן דעם רעכטן אָפּנויג. און קעגן אָט דידאָזיקע לעבלעכע קאָמוניסטן מוז געפֿירט ווערן אַ פֿאַרביסענער און אַקשאָנעסדיקער קאַמף.

י. נוסינאָוו.

# גאָרקי און טאָלסטאָי.

I

געוויס איז טאָלסטאָי דער גרעסטער קינסטלער פֿון XIX י. ה. און עפּשער ניט נאָר פֿון XIX י. ה., אָבער זיין אומגעהויערע וועלט-באַרימטקייט האָט ער צו פֿאַרדאַנקען ניט „קריג און פֿרידן“, נאָר זיין אַזוי גערופֿענער לערע.

דער כינעזער, וואָס האָט זיך פֿאַר טויזנטער מיילן געשלעפּט הערן פֿון טאָלסטאָיס מויל דעם „עמעס פֿון לעבן“, דער רוסישער פּויער—דער סעקטאַנט, וואָס האָט געזוכט באַ טאָלסטאָיען שטיצע קעגן צאַרישע פּלאָגן,—זיי האָבן „קריג און פֿרידן“ ניט געלייענט, וועגן די געשטאַלטן פֿון נאַטאַשע ראָסטאָווע און אַנע קאַרענינע עפּשער גאָר קיין מאָל ניט געהערט.

זיי האָט באַצויבערט, וואָס ער, דער גראַף, האָט זיך פֿון זיין גראַפֿישן לעבן אָפּגעזאָגט, און אָנגענומען דעם „פֿאָלקס גלויבן, „אין גאָטס נאָמען“ זיך פֿאַרן פֿאָלק איינגעשטעלט.

דאָסזעלבע איז גאָרקיס מיטאָמאָליק באַרימט ווערן ניט קיין סכאַקל פֿון זיין גרויסער קונסט. רוסלאַנד האָט געוווּסט אַסאַך גרעסערע קינסטלער פֿון גאָרקי, באַזונדערס פֿון יונגן גאָרקי. דען אייגנטלעך גאָרקי—דער גרויסער קינסטלער הויבט זיך אָן ערשט מיט זיין „שטאָט אָקוראָוו“ און „מאַטוויי קאָזשעמיאַקין“. מיט וויינע אַוטאָביאָגראַפֿישע: „קינדהייט“ און „צווישן לייטן“, ווערק, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, ווען ער איז שוין געווען וועלטבאַרימט.

גאָרקי איז באַרימט און באַליבט געוואָרן, אין איין טאָג באַרימט געוואָרן, אין איין טאָג באַליבט אָדער פֿאַרהאַסט געוואָרן, דורך דעם, וואָס אין אַ צייט, ווען דעם אויבנאָן אין דער ליטעראַטור האָבן פֿאַרנומען פֿירשטן, און גראַפֿן, בורזשואַזיע און אינטעליגענץ, ווען זיי זיינען געווען דער אָביעקט פֿון די גרעסטע קינסטלער, האָט גאָרקי מיט אַ שטאַרקן פֿויסט אַ קלאַפּ געטאָן איבערן טיש פֿון וועלט-פֿאַרנאַס און אויסגערופֿן:

גרויס איז דער אונטערגרונט-מענטש, ער, נאָר ער, איז ווערט באַזונגען צו ווערן.

טאָלסטאָי האָט זיך דערהויבן צו דער מאַדרייגע פון ווערן אָנגערופן: „לערער פון לעבן", ווייל ער איז געקומען צום „פאָלקס גלויבן".

גאָרקי האָט פאַר איינע פיר-פינף יאָר פון טיפסטן סאָציאַלן אָפגרונט אַרופגעשטיגן אַף אַ שווינדלדיקער הויך פון שרייבערישן וועלט-לייטער, ווייל ער איז געקומען מיט גלויבן אין פאָלקמענטש.

איז אַפאַנים גערעכט געווען דער קלוגער אַנאַטאָל פראַנס, דער גרויסער מעפונעק פון קינסטלערישן וואָרט, ווען ער האָט שוין מיט יאָרן צוריק אַ זאָג געטאָן: „גלויבט מיר, מיין פריינט, פאַר אַ שרייבערישן גורל האָט קונסט אַליין די קלענסטע ווערט". אַלץ איז אָנבאַלאַנגט אין סאָציאַלן עמעס, וואָס דער שרייבער ברענגט מיט זיך.

האָבן טאַקע ביידע שרייבער געצויגן צו זיך ניט דורכדעם, וואָס זיי האָבן ליטעראַרישע שולן געשאַפן, נאָר דורכדעם, וואָס זיי זיינען אידעישע פאָנען געוואָרן.

טאָלסטאָיס אַזויגערופענער קריזיס, טאָלסטאָיס קומען, אַלס אַפאָסטאָל פון אַ נייעם קריסטנטום, און גאָרקיס קומען, אַלס פאַרערער פון „באָסיאַק", פון סאָציאַלן אונטערגרונט, איז, אין טאָך גענומען, דורך איין און דעמזעלבן גרויסן היסטאָרישן פאַקט באַשטימט געוואָרן:

דורך דעם צופאַלן פון אַלטן פריציש-פעאָדאַלן רוסלאַנד און דורך דעם קומען פון נייעם פאָלקישן, ערעוו-רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד.

נאָר טאָלסטאָיס קריזיס איז געווען דער קריזיס פון דעם בעסטן פאָרשטייער פון די באַזיגטע. גאָרקיס גלויבן — די יוגנט פון די מאָרגנדיקע זיגער.

און פונדאַנען האָט געשטאַמט דער טיפער אונטערשייד פון טאָלסטאָיס*) און גאָרקיס וועגן.

*) טאָלסטאָיס וועג—מיינט דאָ דעם וועג פון טאָלסטאָיען-דעם גאָט-זוכער.

II

פונוואַנען האָט געשטאַמט טאָלסטאָיס קריזיס? און אין וואָס איז אין טאָך בעווען זיין גלויבן?

מיר וועלן ענטפערן אַף די פראַגן בעקיצער, ווייל אונדז אינטערעסירט דאָסמאָל ניט ל. נ. טאָלסטאָי ביכלאַל, נאָר טאָלסטאָי בלויז אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פראָבלעם „גאָרקי און טאָלסטאָי".

די פריצישע וועלט קומט אום. אין „אַנע קאַרענינע" דערציילט טאָלסטאָי, ווי דער פירשט אָבלאָנסקי, וועלכער האַלט שוין בײַם פאַרקויפן דעם אופגעקומענעם סויכער זיין לעצטן דוירעסדיקן וואַלד, וואַרט שאָען אין אופנעם-צימער פון אַן אייזנבאַן-מאַגנאַט, אין ריי אופגענומען צו ווערן. ער, דער פירשט, וואָס זיינע טאַטעס און זיידעס פירשטן פלעגן אַף אַ מינדסטער נאַרישקייט פאַטערן טויזנטער, וואָס זיי פלעגן פאַר ניט אויספילן זייער קלענסטן קאַפריז פאַרשיקן מענטשן קיין סיביר, ביז צום טויט שמייסן, דערנידעריקט זיך איצט פאַר עפעס „אַ זשיד", אַ באַנקאַפיטאַליסט, קעדיי באַקומען אַ שטעלע אַף עטלעכע טויזנט רובל אַ-יאָר.

לעווין, וואָס דריקט אויס אין „אַנע קאַרענינע" גופע טאָלסטאָיס אידייען און איבערלעבונגען, זאָגט פאַר אָבלאָנסקין, אַז דער אופגעקומענער סויכער וועט האָבן מיט וואָס צו דערציען און געבן בילדונג זיינע קינדער, בײַס אבלאָנסקי וועט זיינע קינדער שוין ניט האָבן פאַרוואָס צו לערנען.

אויב איצט קאָן זיך נאָך דער פירשט אבלאַנסקי טרייסטן דערמיט, וואָס ער איז געבילדעטער, פיינער און איידעלער פון דעם גראָבן יונג, דעם אופגעקומענעם באַלעגוף, וועט שוין בײַם צווייטן דאָר אבלאַנסקיס אָט די טרייסט אויך ניט זיין: דעם באַלעגופס קינדער וועלן זיין געבילדעטער פון זייערע קינדער.

ניט דער וואַלד בלויז גייט איבער פון קלאַס צו קלאַס, די קולטור גייט איבער. און קיין אויסוועג פאַרן פאָרעץ איז ניטאָ. דער אורטייל פון געשיכטע איז אומבעראַכמאָנעסדיק. ער לויטעט: טויטשטראָף פאַרן רוסישן פריציש-פעאָדאַלן שטייגער און ס'איז דעם אורטייל ניט צו סקאַסירן.

ווו ליגט די סיבע פון פריציש-פעאָדאַלן כורבן? אין שטאָט. ווער האָט געזיכערט דעם דוירעסדיקן רו און וואָילטיק די פירשטן וואָלקאָנסקיס, פון די גראַפן ראָסטאָווס, וואָס זייערע פאַרגאַנגענע טעג האָט ל. טאָלסטאָי מיט אַזאַ ליבע פאַרייביקט אין זיין ראָמאַן „קריג און פרידן"? דאָס דאָרף, דאָס קריסטלעך-שטילע און פויעריש-אונטערטעניקע דאָרף.

ווענדעט זיך איצט ל. נ. טאָלסטאָי אָפ פון שטאָט, פון גרויסשטאָטישער קולטור, פון שטאָטישער מעלוכע-מאַכט און פראָקלאַמירט איצט אלס איינציקן עמעס, דעם עמעס פון אַנאַרכיסטישן פויערישן אידעאַל פון לעבן אף דער ערד מיט דער נאַטור, מיט גאָט אָן אַ קלויסטער, אין טיפן פרידן, נאָר אָן אַ מעלוכע, אָן גרויס-שטעטיקע באַדערפענישן, אָן וויסנשאַפט און אָן קולטור, נאָר זאַט און וואַרעם, אָן אָרעם און רייך.

דוירעסלאַנג האָט דעם פאָרעץ אַרומגערינגלט בלויז דאָס דאָרף, און דער פאָרעץ האָט ניט געוווסט פון קיין אייזנבאַנען און פון קיין אייזנבאַן-מאַגנאַטן, ניט געוווסט פון קיין געלט און פון קיין בענק, ווו אָבלאָנסקיס גוט איז איצט פאַרזעצט. אַלע באַדערפענישן באַפרידיקט ער אַף דעם אויפן פון נאַטורעלער ווירטשאַפט. און ווי אַזוי געלעבט מיטן פויער!

ל. נ. טאָלסטאָי, דער קינסטלער פון פריציש-פויערישן רוסלאַנד, גלויבט, אז דעם אָביעקטיוון בילד פון יענעם לעבן האָט ער געגעבן, באַשרייבנדיק ווי די פריצים, די גראַפן ראָסטאָווס האָבן פאַרבראַכט די ווינטערדיקע כאַגאָעס צוזאַמען מיט די לייבאייגנטימלעכע פויערים אין „אָטראַדנאָיע". אַ פאַטריאַרכאַל לעבן איז עס געווען, זאָל שוין בעסער „אָטראָדנאָיע" יאַרשענען דער קריסטלעך-אונטערטעניקער קאַראַטאָיעוו*), און ניט דער גרויסשטעטיקער אַייזנבאַן-מאַגנאַט. זאָל שוין בעסער פאַרווירקלעכט

*) פלאַטאָן קאַראַטאַיעוו, די צענטראַלע פויערישע געשטאַלט פון „קריג און פרידן", וואָס אין אים האָט טאָלסטאָי דאָס ערשטע מאָל אויסגעדריקט זיין געדאַנק פון ניט ווערן זיך דעם בייז.

ווערן דער קאַראַטאַיעווישער קריסטלעך-פּויערישער אידעאַל. ער איז דאָך נעענטער צו יענער אַלטער פּריציש-פֿעאָדאַלער פֿאַרגאַנגענהייט, ווי דאָס נייע קאַפּיטאַליסטישע גרויסשטעטיקע לעבן*).

III

ל. נ. טאָלסטאָי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון מאַכט, ווייל מאכט האָט אַף ווייטער באַטייט ניט די מאַכט פֿון זיין קלאַס, האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון קולטור, ווייל קולטור האָט אַף ווייטער באַדאַרפֿט דינען די, וואָס זיינען געקומען סאָציאַל יאַרשענען זיין קלאַס.

ל. נ. טאָלסטאָי איז געווען—ווי לענין האָט עס בעשאַיטע באַצייכנט—דער שרייבער פֿון רוסישן לעבן, פֿון רוסישן פּריציש-פּויערישן לעבן פֿאַר דער טקופֿע פֿון 1861 ביז 1904, ד. ה. פֿון נאָך דער פּויערים-באַפֿרייונג ביז ערעוו-רעוואָלוציע. ער האָט ניט געקענט ווערן דער אידעאָלאָג פֿון עמעסן יוירעש, סאַי פֿון פּריציש-פֿעאָדאַלן, סאַי פֿון קאַפּיטאַליסטיש-בורזשואַזן רוסלאַנד, דער אידעאָלאָג פֿון אַרבעטער-קלאַס, איבער צוויי סיבעס: איינס, איז דער אַרבעטער קלאַס אין דער דערמאָנטער טקופֿע, און באַזונדער אין די אַכציקסטע יאָרן, ווען טאָלסטאָי האָט איבערגעלעבט זיין קריזיס, געווען נאָך צו שוואַך, ער זאָל בא טאָלסטאָיען קאָנען וועקן צוטרוי צו זיין היסטאָרישער מיסיע.

און צווייטנס, און דאָס איז דער איקער.

טאָלסטאָי איז ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט געקעמפֿט קעגן רוסישער פּריציש-פֿעאָדאַלער הערשאַפֿט פֿאַר אַ העכערער סאָציאַלער אָרדענונג. ס'איז אים ניט אויסגעקומען צו פֿירן אַזאַ קאַמף. ער האָט פּאַשעט אָנערקענט, דורך דער געשיכטלעכער דערפֿאַרונג געצווונגען געווען אָנערקענען, אַז די פּריציש-פֿעאָדאַלע הערשאַפֿט קומט אום, און געמוזט שטעלן פֿאַר זיך די פֿראַגע: וואָס ווייטער? ווער וועט דער יוירעש זיין? האָט ער געזוכט אַ יוירעש, וואָס זאָל זיך מער פּאַסן פֿאַר זיין יאַסנע-פּאָליאַנער פֿאַרגאַנגענהייט. אזאַ האָט ער איינגעזען אין געשטאַלט פֿון פּלאַטאָן קאַראַטאַיעוו. פֿאַר דער געשטאַלט פֿון אינדוסטריעלן אַרבעטער איז זיין כוש געווען טויב.

ל. נ. טאָלסטאָי האט איצט געלייקנט אין פּראָגרעס, ווייל דער פּראָגרעס האָט מער זיין קלאַס ניט געדינט. ער האָט גערופֿן צו מיזרעך-אידעאַלן, צו אידעאַלן פֿון פּויערשן רעפֿאָרמירטן קריסטנטום, יעוואַנגעלישן קריסטנטום, איינזעענדיק אין אָט דעם געשיכטלעך-אָפּגעלעבטן אידעאַל דעם איינציקן קאָמפּראָמיס מיט זיין געשיכטלעך-אָפּגעלעבטן סאָציאַלן סיידער.

ל. נ. טאָלסטאָי האָט ניט געקענט שאָלעם מאַכן מיטן בורזשואַזי-קאַפּיטאַליסטישן היינט, ער האָט דערום געגעבן אַ ריזיקשטאַרקע, דרייסטע קריטיק פֿון דער הערשערישער וועלט. זיין זעלטן דרייסטע קריטיק האָט געצויגן צו אים גאָרקין, זיינע פּאָזיטיווע אידעאַלן האָבן געשטויסן פֿון אים גאָרקין.

*) בעגויער וועגן טאָלסטאָיס סאָציאַלן וועג אין מיין ארבעט וועגן ל. נ. טאָלסטאָי, וואָס איז פֿאַרעפֿנטלעכט אין זאמלבוך „לענין און טאָלסטאָי“, אויסגאבע פֿון קאָמוג. אקאדעמיע.

.IV

וואָס איז געווען גאָרקיס סאָציאַלער וועג?

ווי געזאָגט, איז גאָרקיס קומען אויך פֿאַרורזאַכט געווען דורך דעם אומקום פֿון רוסישן פֿעאָדאַל-פּריצישן שטייגער, און דורך דעם אָנקום פֿון בורזשואַזי-קאַפּיטאַליסטישן שטייגער. דער קאַפּיטאַליזם האָט אָפּגעריסן אָקוראָוו*), האָט אופֿגערורערט דאָס קרייזישע רוסלאַנד. דער אָקוראָווער באַלעבאָס, דער אָקוראָווער באַלמעלאָכע איז דעקלאַסירט געוואָרן, געוואָרן אַ לומפּן-פּראָלעטאַריער.

מ. גאָרקי איז געקומען אַלס שרייבער פֿון דעקלאַסירטן אָקוראָווער באַלעבאָס און באַלמעלאָכע, אַלס שרייבער פֿון דעקלאַסירטן לומפּן-פּראָלעטאַריער. און זיין שרייבערישער וועג האָט אויסגעדריקט דעם סאָציאַלן וועג פֿון אָט דעם סאָציאַלן שיכט.

דער דעקלאַסירטער באַלמעלאָכע איז פֿאַראָרעמט געוואָרן. נאָר זיין אומאָפּהענגיקייט האָט ער ניט אָנגעוואָרן, ער האָט זי ניט געהאַט, ער בונטעוועט קעגן סאָציאַלן שטייגער, נאָר ער פֿאַרשילט ניט דאָס לעבן, ער קערט זיך ניט אָפּ פֿון לעבן, ווייל, ערשטנס, איז זיין קאַטאַסטראָפֿע, אין פֿאַרגלייך מיט זיין פֿאַרגאַנגענהייט, ניט אזוי גרויס, און, צווייטנס, ווייל אים שטייט פֿאָר סאָפּקאָלסאָף זיך אופֿהויבן אַפֿן סאָציאַלן לייטער, און ניט זיך אַראָפּלאָזן, ווי דאָס איז פֿאָרגעשטאַנען דעם פֿאַראָרעמטן פּאָרעץ. דער פּירשט אָבלאָנסקי האָט באַדאַרפֿט פֿון אַ הערשער איבער טויזנטער רוסישע פּויערים גיין פֿאַר אַ מעשאָרעס צום רוסישן קאַפּיטאַליזם, צו אַן אייזנבאַן-מאַגנאַט. דעם דעקלאַסירטן אָקוראָווער באַלמעלאָכע איז פֿאָרגעשטאַנען אָנקומען סאָפּקאָלסאָף אין די אייזנבאַן-וואַרשטאטן פֿון זעלבן אייזנבאַן-מאַגנאַט, ווערן אַ מיטגליד פֿון דער רוסישער פּראָלעטאַרישער מישפּאָכע, אַ מיטגליד פֿון יענעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער-לעגיאָן, וואָס אים איז באַשערט געווען צום ערשטן מאַכן אַ סאָף צום קאַפּיטאַליזם.

אָט דעם וועג פֿון אַ סאָציאַלער גרופּע-·פֿון דעקלאסירט ווערן ביז אריינגלידערן זיך אין א נייעם קלאַס—האָט אָפּגעשפּיגלט און אידעאָלאָגיש אויסגעדריקט מ. גאָרקי.

מ. גאָרקיס שוואַכקייט—זיין גאָט-זוכעריי, זיין פּאַציפֿיזם, דאָס, וואָס ער האָט זיך ניט איינמאָל אין געפֿערלעכסטע מאָמענטן פֿון רעוואָלוציע אַ וואַקל געטאָן. דאָס אלץ איז געווען אַ סאַכאַקל דערפֿון, וואָס זיין עצעם קינסטלערישער קומען איז געווען פֿאַרבונדן מיטן גוירל פֿון אַ דעקלאַסירטער סאָציאַלער גרופּע.

זיין איבערגעגעבנקייט דער רעוואָלוציע, דאָס, וואָס ער האָט אַלעמאָל געקוקט אַף ליטעראַטור ווי אַף א מיטל צו דינען דער רעוואָלוציע**), לעצטנס, דאָס, וואָס ס'האָט זיך אים דאָך איינגעגעבן אַזוי אנטשיידן בייקומען זיינע וואַקלענישן און אַזוי אַנטשיידן בלייבן אַף די פּאָזיציעס פֿון דער רעוואָלוציע, איז

*) „די שטאָט אָקוראָוו“ איז פֿאַר מ. גאָרקי דער אויסדרוק פֿון דעם קרייזישן רוסלאַנד.

**) אָט דעם געדאַנק, אז ליטעראַטור איז בא אים טאָמיד געווען אַ מיטל צו דינען דער רעוואָלוציע, האָט מ. גאָרקי ניט לאנג עפֿנטלעך באַשטעטיקט אין זיין וואָרט אַף דער פֿארברייטערטער זיצונג פֿון דער רעדאַקציע און פֿון די מיטאַרבעטער פֿון זשורנאל „קראַסנאַיאַ נאָוו“.

געווען אַ סאַכאַקל דערפֿון, וואָס דער געשיכטלעכער וועג פֿון זיין סאָציאַלער גרופּע איז געווען—דורך ווייטיקן פֿון לומפּן־פּראָלעטאַרישן סאָציאַלן אונטערגרונט זיך סאָפּקאָלסאָף אַריינגיסן אין די רייען פֿון אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט.

V

ל. נ. טאָלסטאָיס קלאַס איז פֿאַרגעשטאַנען אומקומען, און טאָלסטאָי האָט זיך געווענדעט צו דער פֿאַרגאַנגענהייט, געזוכט אַן אידעאַל אין דער פֿאַרגאַנגענהייט, אין יעוואַנגעלישן קריסטנטום.

מ. גאָרקיס סאָציאַלער גרופּע איז פֿאַרגעשטאַנען זיך אָנקניפּן אין אַרבעטער־קלאַס, אין הויפּטבויער פֿון דער סאָציאַלער צוקונפֿט. און ער האָט געזוכט געשטאַלטן פֿון מענטשן, וואָס זאָלן אימשטאַנד זיין אויפֿרייסן אַלטע וועלטן און אויפֿבויען נייע וועלטן.

פֿון די אַכציקסטע יאָרן, פֿון נאָך זיין קריזיס—האָט ל. נ. טאָלסטאָי, ווי באַוווּסט, זיך אָפּגעווענדט פֿון זיינע פֿריערדיקע פּריצישע קינסטלערישע געשטאַלטן. זיינע קונסטווערק זיינען איצט געווען געווידמעט דעם פּויער, דעם פֿאָלק־מענטשן. און האָט ער געשריבן דעם פּאָרעץ, איז עס געווען ניט די גראַפֿן ראָסטאָוו („קריג און פֿרידן") אָדער ווראָנסקי („אַנע קאַרענינע"), וואָס זיינען דאָך געווען נאָר באַגרענעצטע מיטל־מענטשן פֿון זייער פּריצישן קלאַס. ער האָט אַפֿילו ניט געשריבן מער דעם פֿירשט אַנדריי באָלקאָנסקי און דעם גראַף פּיער בעזוכאָוו („קריג און פֿרידן")—אָט די אומרויִקע גייסטער פֿון פּריצישאַפֿט. דער פּאָרעץ איז איצט געווען „דער פֿאָטער סערגי"—אַ פֿירשט, וואָס זאָגט זיך אָפּ פֿון זיין רייכקייט, גייט אַוועק אין מאָנאַסטיר, פֿאַרלאָזט דערנאָך דעם מאָנאַסטיר, און גייט אַוועק לעבן מיטן פֿאָלק, אַזוי ווי דאָס פֿאָלק. אָדער גאָר אַלעקסאַנדער דער I־טער, וואָס לאָזט זיך אַוועק פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ זאָקן־אַ פּויער („פֿיאָדאָר קוזמיטש") אָפּריכטן גאָלעס און אָפּקומען פֿאַר דער זינד צו זיין אַ קייסער צו הערשן איבער מענטשן.

נאָר אַפֿילו אָט די פּריצים, פּריצים, וואָס זיינען געקומען צום טאָלסטאָישן עמעס, זיינען דער פּראָט. דער קלאַל פֿון זיין שאַפֿן איז איצט די געשטאַלט פֿון „אַליאָשאַ דאָס טעפּל". פֿון „איוואַן דעם נאַר"—קינסטלערישע באַשטעטיקונגען פֿון ל. נ. טאָלסטאָיס אידייע פֿון ניט ווערן זיך דעם בייז, פֿון דעם גלויבן, אַז „גאָט זעט דעם עמעס, נאָר ער וועט אים ניט גיך זאָגן", פֿיגורן פֿון אונטערטעניקן געדולד צו וואָרטן פּאַסיוו און פֿאַרטרויט ביז גאָט וועט זיין עמעס זאָגן.

פֿאַרקערט מ. גאָרקי געפֿינט פֿון ערשטן טאָג אָן געשטאַלטן פֿון אומגעדולדיקן בונט קעגן סאָציאַלן אומרעכט, פֿון מעסירעס־נעפֿעשדיקער אַקטיווקייט, פֿיגורן, פֿאַר וועלכע גרויסמוט איז אַלעמאָל אין גרויסע מאַסים.

ער הייבט אָן מיט דער לעגענדע וועגן לאָיקאָ זאָבאַר („מאַקאַר טשודראַ"), וואָס איז פֿעיִק צוליב איינהייטן שטאָלצע פֿרייהייט אַליין טויטן זיין אייגענע געליבטע. און זיין יעדער ווייטערדיקע לעגענדע, דערציילונג און פּאָעמע ביז 1905 איז באַ־וווּסט דורך איין מאָטיוו: לעבן זאָל דער פֿרייער שטאָלצער מענטש, דורך איין רוף: זאָל שטאַרקער אויפֿרייסן דער שטורעם, דורך איין באַזינגען דעם אומזין פֿון דרייסטע.

טאָלסטאָיס לעבן — פּאַסיווע אונטערטעניקייט פֿון באַזיגטע, וואָס האָבן כּאַראָטע אַף זייער הערשערישער זינדיקער פֿאַרגאַנגענהייט, ווערט דורך מ. גאָרקין קעגנגעשטעלט: דרייסטע אַקטיווקייט פֿון קעמפֿער, וואָס זיינען איבערצייגט, אַז זייער זיג איז אַ מאָראַל־גערעכטער, אַז זייער הערשאַפֿט איז די הערשאַפֿט פֿון גערעכטיקייט.

VI

ל. נ. טאָלסטאָיס קלאַס, דער פּריצישער איז געווען די העכסטע מאַדרייגע פֿון קולטור, פֿון וויסן, פֿון קונסט פֿאַר זיין צייט. די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פֿון קונסט, פֿון קולטור און וויסן, געהערט שוין אַ־צווייטן קלאַס. און ל. נ. טאָלסטאָי האָט זיך פֿון זיי אָפּגעזאָגט.

מ. גאָרקיס סאָציאַלער שיכט איז אָרעם אין וויסן, אָרעם אין קונסט, אָרעם אין קולטור, און מ. גאָרקי ווייסט און פֿילט, אַז דאָס איז אַלץ מעכטיקע געווער. נאָך שווערע לאַנגע, זעכצן־שאָעדיקע אַרבעט־טעג אין בעקערייען, צי גאָר קוים בויגן די פּלייצע פֿון אָנפּאַקן און אויספּאַקן גאַנצע שיפֿן מיט מאַסאָעס, זיצט ער נעכט איבערן בוך, און קאָן ניט אָנזעטיקן זיין דורשט צו וויסן. און אָט דעם נייגיר צו וויסן היט ער איין זיין גאַנץ לעבן—ביז זיין זעכציק־יאָריקן עלטער. אָט דער נייגיר צו וויסן האָט אים געטריבן צום בוך און צום מענטשן, צו אויסגיין צופֿוס האַלב רוסלאַנד, צו איינשלינגען גאַנצע ביבליאָטעקן ביכער, אַזוי אַז ל. נ. טאָלסטאָי האָט אים אַפֿילו אויפֿגעוואָרפֿן, אַז ער איז פֿאַר אַ בעלעטריסט צופֿיל בוך־מענטש. אָט דער נייגיר צו וויסן איז אויך אין דעם דורשט, וואָס ער ווייזט ביז איצט ארויס צו יעדן בוך פֿון יעדן אָנפֿאַנגער, און דעם דורשט, מיט וועלכן ער גייט איצט אַרום איבער מאָסקווער פֿאַבריקן און רויטאַרמעישע קאַזאַרמעס, רעדאַקציעס און סאָוועטישע אַנשטאַלטן.

נאָר דאָס גאַרן פֿון גרויסן אַווטאָדידאַקט צו וויסן איז געווען טאָמיד פֿאַרבונדן מיט ניט קיין קלענערן גאַרן פֿון מאַסים. און דערפֿאַר ווערט זיין הויפּט־אידייע—קולטור, וויסן פֿאַר מאַסן.

ל. נ. טאָלסטאָי פֿאַרורטיילט וויסן, קולטור, קונסט. ער ווענדט זיך אָפּ פֿון מאַירעוו, פֿון שטאָט, צום מיזרעך, צום דאָרף. ער איז מעוואַטל די קראַפֿט און ווערט פֿון מאַטעריאַליסטישן געדאַנק, און דערקלערט אַלס איינציקן יעסאָד—דאָס רעליגיעזע גלויבן.

מ. גאָרקי ווייס, אַז די מיזרעך־אָפּגעשטאַנענקייט, דאָס פֿאַרשפּעטיקטע פּריציש־פֿעאָדאַלע רוסישע דאָרף, דאָס גאָלאָכישקלויסטערישע גלויבן, זיינען די הויפּט־שולדיקע אין אַלע אומגליקן פֿון פֿאָלק. ער רופֿט צו מאַירעוו־קולטור, צו פּאָזיטיוון־מאַטעריאַליסטישן וויסן, צו שטאָטיקער בויערישער אַקטיווקייט.

ס'טרעפֿן בא אים מאָמענטן, ווען אים גיט א צי צוריק צום גלויבן, ווי דאָס איז געווען, ווען ער האָט געשריבן זיין „ווידע".

דאָ לאָזט זיך הערן זיין באַלמעלאָכיש-דעקלאַסירטער סאָציאַלער אָפּשטאַם. נאָר אַפילע אין אַזעלכע מינוטן איז ער ווייט פֿון קאַפּיטולירן פֿאַרן נעכטן. און גופֿע אין די יאָרן, ווען ער האָט געשריבן זיין „ווידעי“, איז ער געבליבן איינער פֿון די אַקטיווסטע בויער פֿון דער קאַפּריער פּאַרטיי-שול. דאָס איז ניט קיין צופֿאַל, און טאַקע דערפֿאַר האָט לענין, אויסשטראָפֿנדיק אים פֿאַר די גאָט-זוכערישע טענער פֿון זיין „ווידעי“, אין דערזעלבער צייט אים גערופֿן מיטאַרבעטן, נאָכמער, אַפילע אָנפֿירן מיט דער בעלעטריסטישער אָפּטיילונג פֿון דער באָלשעוויסטישער פּרעסע.

גופֿע מ. גאָרקי האָט צומאָל געפֿילט, אַז דאָ לאָקערט אַף אים זיין נעכטן, און האָט דאַן געשריבן אַזעלכע אַרבעטן, ווי „צוויי נעשאָמעס“ (פֿאַרעפֿנטלעכט אין זיין זשורנאַל „לעטאָפּיס“ אין 1916 יאָר). דאָרט האָט ער אויפֿגעדעקט אָט די צוויי טענדענצן אין רוסישן לעבן: מיזרעכדיקע, פּאַסיווע, רעליגיעזע, וואָס פֿירט צו שטייגערדיקער ווילדקייט און צו סאָציאַלער אָפּגעשטאָנענקייט, און די מאַירעוודיקע, מאַטעריאַליסטיש-פּאָזיטיווע, אַקטיוו-בויערישע.

די אויסלייזונג פֿון זיין דעקלאַסירטער סאָציאַלער גרופּע איז געווען אין אַריינגיסן זיך אין דעם רוסישן אַרבעטער-קלאַס. די אויסלייזונג פֿון דעם גאַנצן רוסישן אַרבעטער-פֿאָלק, וואָס זיין גוירל האָט מ. גאָרקי אַזוי געפֿילט, איז געווען פֿאַרבונדן מיט דעם זיג פֿון פּראָלעטאַריש, פּאָזיטיוון, מאַטעריאַליסטישן באַוווסטזיין, איז געווען פֿאַרבונדן מיט דעם זיג פֿון דער צווייטער רוסישער נעשאָמע—ווי מ. גאָרקי האָט זיך אויסגעדריקט—מיט דער אַקטיוו-בויערישער.

ל. נ. טאָלסטאָיס אידייען האָט מ. גאָרקי אויפֿגענומען, ווי אַ שטיין אין וועג צו אָט דער אויסלייזונג.

ער איז דערום אַזוי קריגעריש פֿון אָנהויב אָן און ביזן לעצטן טאָג פֿון טאָלסטאָיס לעבן, און ביז היינט צוגעגאַנגען צו טאָלסטאָיס לערע.

ער איז אַזוי פּאָזיטיוו קריטיש צוגעגאַנגען צו טאָלסטאָיס פּערזענלעכקייט, און דאָס האָט אים מיטגעהאָלפֿן אָנשרייבן זיין וווּנדערלעכן בוך וועגן ל. נ. טאָלסטאָי.

VII

צווישן די גאַנצע ביבליאָטעקן, וואָס זיינען אָנגעשריבן וועגן ו. נ. טאָלסטאָי, פֿאַרבלייבט געוויס מ. גאָרקיס ביכלעך וועגן טאָלסטאָי צוזאַמען מיט לענינס אַרטיקלען דער שליסל צו טאָלסטאָיען.

לענינס אַרטיקלען גיבן דעם טאָך פֿון טאָלסטאָיס פֿילאָזאָפֿיע.

מ. גאָרקיס ביכלעך—דעם טאָך פֿון טאָלסטאָיס פּערזענלעכקייט.

ביידע גייען צו צו טאָלסטאָיען מיט דעם גאַנצן קריטיציזם, אַף וועלכן זיי זיינען פֿעיק.

ביידע זיינען אָבער ווייט פֿון ניט דערשאַצן, פֿון ניהיליזם בענויגייע צו טאָלסטאָיען.

שטעלט טאַקע לענין פֿעסט, אַז טאָלסטאָיס קינסטלערישע ווערק זיינען א ווייטערדיקער עטאַפּ אין דער קינסטלערישער אַנטוויקלונג פֿון דער מענטשהייט, „אַז טאָלסטאָי האָט ניט נאָר געשאַפֿן קינסטלערישע ווערק, וואָס די מאַסן וועלן זיי טאָמיד שאַצן און לייענען, ווען זיי וועלן שאַפֿן פֿאַר זיך מענטשלעכע לעבן-באַדינגונגען, ווען זיי וועלן אַראָפּוואַרפֿן דעם יאָך פֿון פּריצים און קאַפּיטאַליסטן. טאָלסטאָי האָט אויך באַוויזן צו איבערגעבן מיט אַ זעלטענער שטאַרקייט די שטימונג פֿון די ברייטע מאַסן אונטערדריקטע, אָנמאָלן זייער לאַגע, אויסדריקן זייער סטיכישן געפֿיל פֿון פּראָטעסט און אויפֿגעבראַכטקייט“.

דאָסזעלבע מ. גאָרקי, זעלטן האָט נאָך ווער, ווי מ. גאָרקי, אַזוי דערפֿילט און אַזוי איבערגעגעבן דעם צויבער פֿון ל. נ. טאָלסטאָיס גאָנישע פּערזענלעכקייט.

מ. גאָרקי דערמאָנט זיך, ווי ער האָט געזען אַמאָל טאָלסטאָיען איינעם אליין אין קרים באַם יאַם זיצן אונטערגעשפּאַרט אַף אַ שטיין.

„און ס'האָט מיר געדוכט—שרייבט מ. גאָרקי—אַז ער אַליין איז אויך אַן אַלטער שטיין, וואָס איז לעבעדיק געוואָרן, וואָס ווייסט אַלע אָנהויבן און צילן, טראַכט וועגן דעם, ווען און וואָס וועט זיין דער סאָף פֿון שטיין און ערדישן גראָז, פֿון די וואַסערן אין די יאַמען און פֿון מענטשן, און פֿון דער גאַנצער וועלט, פֿון שטיין ביז דער זון, און דער יאַם איז אַ טייל פֿון זיין נעשאָמע, און אַלץ אַרום שטאַמט פֿון אים, איז אַ טייל פֿון אים. ס'האָט זיך געדוכט, אַז אין דער פֿאַרגליווערטער פֿאַרטראַכטקייט פֿון זאָקן שטעקט די קישעפֿדיקייט, זי איז פֿאַרטיפֿט אין דעם אָפּגרונט, וואָס אונטער אים, זי עגבערט די הויך אין דער בלאָער פּוסטקייט אַריין איבער דער ערד, גלייך ווי ער, טאָלסטאָי, זיין קאָנצענטרירטער ווילן, רופֿט צו זיך און שטויסט אָפּ די כוואַליעס, פֿירט אָן מיט די וואָלקנס און מיט די שאָטנס, וואָס ס'דאַכט זיך, אַז זיי באַוועגן די שטיינער, וועקן זיי. און מיטאַמאָל, אין אַן אומזין, וואָס באַהערשט אמאָל אַף איין רעגע, האָב איך דערפֿילט, אַז—ס'איז מעגלעך!—אָט שטייט ער אויף, וועט אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט, וועט דער יאַם פֿאַרגליווערט ווערן, די שטיינער וועלן אָנהויבן זיך באַוועגן און וועלן אָנהויבן שרייען. און אַלץ אַרום וועט אויפֿלעבן, וועט אָנהויבן ראַשן, ריידן מיט פֿאַרשיידענע קולעס וועגן זיך, וועגן אים, קעגן אים. ס'איז מיט דעם וואָרט ניט אויסצודריקן, וואָס איך האָב דעמלט דערפֿילט...

באַלד האָט זיך אַלץ צונויפֿגעגאָסן אין איין גליקלעכן געדאַנק: איך בין ניט קיין יאָסעם אַף דער וועלט, קאָלומאַן אָט דער מענטש לעבט אַף איר“.

און אַזוי קומענדיק קימאַט צו פֿאַרגעטערן ל. נ. טאָלסטאָי, איז דאָך גאָרקי הוילע אויפֿגעבראַכטקייט אַף די, וואָס פֿאַרהייליקן אים, און דורך זיין גאַנצן בוך ווייזט ער ניט דעם הייליקן, נאָר דעם לעבעדיקן מענטשן.

נאָכדעם, ווי ל. נ. טאלסטאי איז פֿאַרן טויט אוועק פֿון יאַסנע-פּאָליאַנע, שרייבט מ. גאָרקי אין אַ בריוו וועגן אָט דעם טאָלסטאָיס שריט. ער שרייבט וועגן גרויסן טאָלסטאָיען און וועגן אַלע זיינע גרויסע ווידערשפּרוכן און שלאָגט זיך אַליין איבער:

„איך שרייב אַלץ ניט דאָס, ניט אַזוי, ניט וועגן דעם, וואָס מע דאַרף. אין נעשאָמע באַ מיר בילט א הונט, און ס'דוכט זיך

מיר עפּעס אַן אומגליק געשיט. ס'זיינען אָנגעקומען ציימונגען און ס'איז שוין קלאָר: דאָרט בא אייך*) הויבט מען אָן „שאַפן אַ לעגענדע"—האָבן זיך געלעבט אַף דער וועלט פויליאַקעס און ליידיקגייער, און פּלוצים האָבן זיי זיך דערלעבט צו אַ הייליקן. באקלערט זיך נאָר, ווי שעדלעך דאָס איז פאַרן לאַנד פּונקט איצט, ווען די קעפּ פון אנטוישטע מענטשן זיינען אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד, די מערהייט נעשאָמעס—פּוסט, און די נעשאָמעס פון די בעסטע זיינען פול מיט אומעט. בעטן זיך די הונגעריקע, די אויסגעמאטערטע—אַ לעגענדע. ס'גלוסט זיך אַזוי אָנזועטיקן דעם ווייטיק, שטילן די ליידן. וועט מען שאַפן פּונקט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט, נאָר וואָס מע דאַרף ניט. דאָס לעבן פון אַ געלייטערטן און הייליקן, בייס ער איז גרויס און הייליק גראָד דערמיט, וואָס ער איז אַ מענטש,—אַן אומזיניק און קרענקלעך שיינער מענטש, דער מענטש פון דער גאַנצער מענטשהייט".

צוויי גאָרקיס גרונט-געדאַנקען ליגן דאָ. מע דאַרף ניט קיין הייליקע. מע דאַרף באזונדערס ניט קיין הייליקע, וואָס קולטיווירן פּאַסיווקייט. טאָמער שעדלעכע, זיינען זיי געפערלעך אין יאָרן פון רעאַקציע, פון געזעלשאַפטלעכער אנטוישונג.

און נאָך: איינציק הייליק איז דער מענטש, ביפראָט דער שיינער מענטש, „דער מענטש פון דער מענטשהייט". דער שטרייט פון פּאָזיטיוון מאטעריאַליסטישן געדאַנק מיט דעם מיסטישן גלויבן ווערט דאָ געפירט גופע ארום ל. נ. טאָלסטאָיס פּערזענלעכקייט. ס'איז אַ פאַרברעכן פאַרוואנדלען ל. נ. טאָלסטאָי אין א מיסטישער הייליקייט. גופע צו ל. נ. טאָלסטאָיען מוז מען צוגיין מיט דער גאַנצער ניכטערקייט פון פּאָזיטיוון געדאַנק.

קאָן זיך ווען דאַכטן, אז מיט אָט דער באהויפּטונג קומען מיר צו אַ פּאַראַדאָקס. מ. גאָרקי דער ראָמאַנטיקער—און גאָר אַ קעמפער פאַר פּאָזיטיוון קריטישן געדאַנק. אָבער עס איז אַזוי: מ. גאָרקי איז דער ראָמאַנטיקער פון קולטור, פון פּאָזיטיוון וויסן. אין דעם ליגט דער פּאַטאָס פון זיין גאנצן לעבנוועג, פונדאנען שטאמט זיין איבערגעגעבנקייט דער ארבעטער-רעוואָלוציע, פונדאנען האָט געשטאמט זיין גאנצע באציונג צו טאָלסטאָיען.

ער באַטראַכט טאָלסטאָיען אלס רוסישן נאציאָנאלן גאָען, אַלס אויסדריק פון אלע נעגאטיווע דערשיינונגען אין דער רוסישער געשיכטע:

ער „טאָלסטאָי איז אַ נאציאָנאלער שרייבער אין העכסטן, און אלגעמיינסטן זין פון אָט דעם באגריף. ער האָט פאַרקערפּערט אין זיין נעשאָמע אלע כעסרוינעס פון דער נאַציע, זיינע נעבלדיקע דראָשעס פון „ניט טאָן", „ניט ווערן זיך קיין בייז", דראָשעס וועגן פּאַסיווקייט, דאָס אלץ איז דאָס קראַנקע פון אלט-רוסיש בלוט, וואָס איז פאַרסאמט מיט מאָנגאָלישן פאַטאַליזם, און וואָס איז אזוי צו זאָגן כימיש פיינטלעך מאַירעוו מיט זיין שעפערישן אַרבעטן, שטענדיקן, אקטיוון ווידערשטאנד דעם בייז פון לעבן".

ס'וואָלט א טאָעס געווען צו מיינען, אז מ. גאָרקי שטעלט זיך דאָ אפּן שטאנדפּונקט פון ראַסן-טעאָריעס. ניין, ער באטראַכט

*) דאָס הייסט אין רוסלאַנד. גאָרקי האָט זיך געפונען אין קאַפּרי.

די נעגאטיווע אייגנשאַפטן אלס ציימווייליקע היסטאָרישע דערשיינונגען, וואָס דאַרפן און וועלן באקעמפט ווערן, און שרעקט זיך דערום אַזוי פאַר ל. נ. טאָלסטאָי, ווייל טאָלסטאָי שטערט זיי באַקעמפן.

„ס'זיינען געקומען מענטשן, וואָס האָבן דערשפּירט, אַז די שיין גייט צו אונדז ניט פון מיזרעך, נאָר פון מאַירעוו, איז אָט ער, די קרוין פון אונדזער אַלטער געשיכטע, וויל—באַוווסטזיניק צי אומבאַוווסטזיניק—זיך אַוועקלייגן ווי אַ הויכער באַרג דער נאַציע אַף איר וועג צו אייראָפּע, צום אַקטיוון לעבן, וואָס פאָדערט פון מענטשן די גרעסטע אָנשטרענגונג פון אַלע זיינע גייסטיקע קויכעס. זיין באציונג צום עקספּערימענטאַלן וויסן איז אויך, נאַטירלעך, טיף נאַציאָנאַל און שפּיגלט זיך אויסגעצייכנט אָפּ אַף דעם דאָרפישן, אַלטרוסישן סקעפּטיציזם פון פינצטערניש און אַמעראָצעס. אלץ איז אין אים נאַציאָנאַל, און זיין גאַנצע לערע—איז רעאַקציע פון פאַרגאַנגענהייט, אַטאַוויזם, וואָס מיר האָבן שוין אָנגעהויבן אויסלעבן, באַקעמפן".

ס'איז מערקווירדיק, ווי נאָענט מ. גאָרקי גייט דאָ צו לענינס אָפּשאַצונג פון טאָלסטאָיען, אַלס אויסדריק פון מיזרעך-אָפּגעשטאַנענקייט. און ווי לענין איז ער שאַרף אין באַקעמפן אים.

גאָרקי שרייבט אין זיין בריוו אין די טעג, ווען די פאַרגעטערונג פון טאָלסטאָיען איז געקומען צו איר העכסטן גראַד, און ער וואָרנט:

„איך ווייס ניט ערגער פון אַלע, אַז ס'איז ניטאָ קיין מענטש, וואָס זאָל מער ווערט זיין דעם נאָמען גאָען, ווי ער. מיר גלוסט זיך שרייען צו יעדערן: זעט, וואָס פאַר אַ זעלטענער מענטש ס'לעבט אַף דער וועלט! ווייל ער נעמט אַלץ אין זיך אַריין, ער איז פריער פון אַלץ מענטש, דער מענטש פון דער מענטשהייט! און דערום—פאַרענדיקט מ. גאָרקי—דוכט מיר, אַז איך האָב צו זאָגן וועגן אים דאָס, וואָס איך קלער, זאָל עס זיין אַזעדיק און זאָל עס זיך ווייט שיידן פון דער אַלגעמיינער באַציונג צו אים".

און מ. גאָרקי שטעלט פעסט:

„ער, דער מענטש, וואָס האָט געוואָלט ליידן פאַר דער מענטשהייט, וואָס האָט גערופן ליב האָב יעדן, ליב האָבן און מויכל זיין אַפילע דעם, וואָס טוט אונדז שלעכטס, ער האָט סאָפּקאָלסאָף זייער נידעריק געשטעלט דעם מענטשן. זיין גאַנצע לערע פון ליבע איז געווען אַ נעדראָווע דעם אָרעמען מענטשן, קעדיי זיך אָפּטשעפּען פון אים, און קעדיי ער זאָל אים, טאָלסטאָיען, לאָזן צורו. ער האָט מענטשן, ווי אָרעמעלייט, אָפּגעגעבן דאָס, וואָס ס'איז באַ אים איבעריקס געווען. ס'איז אים געפעלן געווען צווינגען זיי—ביקלאַל „צווינגען"—לייענען, שפּאַצירן, עסן נאָר גרינוואַרג, ליב האָבן דעם פויער און גלויבן אין דער ריכטיקייט פון לעוו טאָלסטאָיס ראַציאָנאַליסטיש-רעליגיעזע אויסטראַכטענישן. מ'דאַרף עפּעס אַריינרוקן די מענטשן, וואָס וועט זיי באַפרידיקן, אָדער פאַרווילן—און זיי וועלן זיך אַוועקגיין".

דאָס איז ניט געווען קיין ליבע צו מענטשן, קיין זאָרג פאַר דעם מענטשן. וועגן מענטש און מענטשהייט האָט ער ניט געקלערט. געטראַכט האָט ער וועגן זיך, וועגן טויט:

„מיר האָט זיך אָפט געדאַכט, אַז טיף באַ זיך אין דער נעשאָמע איז ער פֿולשטענדיק גלייכגילטיק צו מענטשן. ער איז אַף אַזויפֿיל העכער, שטאַרקער פֿון זיי, אַז אַלע דוכטן זיי אים אויס צו זיין פֿליגעלעך, און זייערע זאָרגן — זעען אים אויס לעכערלעך און נישטיק. ער איז צו ווייט אַוועק פֿון זיי אין עפעס אַ מידבער, און דאָרט קוקט ער זיך איין מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג פֿון אַלע זיינע קריכעס פֿון זיין גייסט: „אין דעם איקער שעבעיקער—אין טויט".

צו זיין באַנייטן קריסטנטום איז טאָלסטאָי געקומען ניט פֿון ליבע צו מענטשן, ניט ווייל אין גערעכטן גאָט האָט ער געזוכט אַ הילף צו אלע מענטשלעכע פּלאָגן. ער איז גרייט געווען צו ליידן ניט קעדיי אָפּקומען פֿאַר דער מענטשהייט, קעדיי ווערן זייער אויסלייזער, ניין, צו זיין לערע, צו גאָט, צום אָפּקומען האָט אים געשטויסן איינס—די שרעק פֿאַרן טויט.

דער שרעק פֿאַרן טויט האָט אים געבראַכט צו זיין נעגאַטיווער באַציִונג צו פּאָזיטיווער וויסנשאַפֿט, צו מעדיצין. זיין ל. נ. טאָלסטאָי און ניט קאָנען זיך היילן מיט דעם אייגענעם גייסט, נויטיקן זיך אין ריצנאייל—וואָס קאָן מער באַליידיקן?

באַנאַכט האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט. אַ טאָלסטאָישער געדאַנק האָט אים אַ בליץ געטאָן. ער האָט—אַזוי איז זיין געוואָינהייט געווען—אָנגעצונדן פֿייער, פֿאַרצייכנט בעקיצער דעם געדאַנק, קעדיי אים ניט צו פֿאַרגעסן. אינדערפֿרי וועט ער אים אַנטוויקלען. נאָר אינדערפֿרי האָט דער מאָגן ניט געקאָכט. איז ער אַרומגעבאַנגען איבערן שטוב. הויך געגענעצט.—דאָס איז געווען אַ סימן, אַז ער איז ניט מיט אַלעמען—און פֿון זיין שרייבן טראַכטן ניט געקאָנט (זע גאָלדנוויזערס בוך „15 יאָר אַרום טאָלסטאָיען"). דער גאָען האָט זיך געפֿילט דערנידעריקט און ער האָט געגאַרט אַף גאָט! גאָט און ניט קיין אַפּטייקער זאָל אים היילן, גאָט און ניט קיין עפעס אַ מעטשניקאָוו, זויערמילך זאָל אים פֿאַרלענגערן די יאָרן און זיכערן אַ פֿרייען גייסט אַף דער עלטער. זיין טראַכטן וועגן אַ גאָט איז געווען—זאָגט מ. גאָרקי—„אַ סאַכאַקל פֿון שייַנעם מענטשלעכן שטאָלץ. און אַביסל פֿון פֿאַרדרוס, ווייל זייענדיק לעוו טאָלסטאָי, איז באַליידיקנדיק אונטערטעניק זיין עפעס אַ סטרעפּטאָקאָק".

גלייכגילטיק צו מענטשן, ניט קיין דערעכערעץ, ניט קיין ליבע, ניט קיין באַציִונג, ווי צו גלייכע, נאָר בלויז ראַכמאָנעס צו מענטשן, צו מענטשן אָרעמעלייט—איז עס אַ קלאַל פֿאַר יעדן זשעני, איז עס אַן אייביקער סאַכאַקל פֿון דער אומגעהויערער דיסטאַנץ צווישן זשעני און מיטעלען מענטשן? ניין, בעווויס איז עס ניט אַזוי. ווי ל. נ. טאָלסטאָי זאָל ניט זיין צווישן גאָנים אַ גאָען, בלייבט ער דאָך ניט דער איינציקער. און די מענטשהייט האָט געוווסט פֿון טאָלסטאָיס אויסדערוויילטע, וואָס האָבן דאָך יעדן געוויינטלעכן מענטשן אַלס זייער גלייכן געפֿילט. ס'איז גענוג צו דערמאָנען זיך אין טאָלסטאָיס צייטגענאָסער—אין לעניגן.

און ווייטער דער געפֿיל פֿון באַליידיקונג דערוף, וואָס בעזעצן פֿון מאַטעריע הערשן איבערן מענטשלעכן גייסט, וואָס דאָס פֿוילן פֿון אַ שטיקל בײַנדל ערגעץ אין אַ באַקצאָן שמוצט דעם ווילן, נעמט אָפּ די מעגלעכקייט צו דענקען פֿריי—אָט דער געפֿיל פֿון פֿאַרדרוס איז אייגנטימלעך דעם מיטעלן—דענקנדיקן מענטשן, מ'דאַרף דערוף ניט זיין ל. נ. טאָלסטאָי.

נאָר סאַי אָט דער ביטל צום מאַסנמענטש, סאַי דער אָנגעשטרענגטער שרעק פֿאַרן טויט, די איבערצייגונג, אַז טראַכטן הייסט טראַכטן וועגן טויט, איז געווען אַ סאַכאַקל פֿון ל. נ. טאָלסטאָיס גאַנץ אויסשליסלעכן אינדיווידואַליזם.

דער רוסישער דיכטער אַלעקסאַנדער בלאָק האָט אַמאָל געטאַינעט מיט מאַקסים גאָרקי:

„אייך רעגן אָט די טיפֿע און שרעקלעכע פֿראַגן און איר שרייבט ניט וועגן זיי, צוליב אייער אינטעליגענטישער געוואָינהייט צו לייזן פּראָבלעמען פֿון סאָציאַלן זיין".

אַלעקסאַנדער בלאָק האָט זיך קיין דינווערשבן ניט אָפּגעגעבן, אַז פֿאַרטאָן איז מען אין אָט די יעכידישע פּראָבלעמען, ווען מען קאָן נים, ווען מען וויל ניט און ווען מען איז ניט בעקויעך צו לייזן די פּראָבלעמען פֿון סאָציאַלן זיין.

ל. נ. טאָלסטאָיס מוירעדיקער פֿילאָזאָפֿיש-רעליגיעזער אינדיווידואַליזם האָט געשטאַמט פֿון זיין סאָציאַלן פּעסימיזם, פֿון זיין סאָציאַלן אומאַכט צו לייזן סאָציאַלע פּראָבלעמען, פֿון דעם אַלגעמיינעם סאָציאַלן קריזיס פֿון זיין קלאַס, וואָס האָט אים געבראַכט צו זיין רעליגיעז-פֿילאָזאָפֿישן קריזיס.

דער מענטש, וואָס האָט געפּרוווט שאַפֿן אַ לערע פֿון אַלמענטשלעכער גלייכהייט, פֿון אַלמענטשלעכער ליבע, איז אין טאָך געווען אַן אינדיווידואַליסט, ווייל זיין לערע איז געווען אַ סאַכאַקל ניט פֿון דעם אָנקומען פֿון אַ נייעם סאָציאַלן סיידער, מיט אַ נייער סאָציאַלער גערעכטיקייט, נאָר פֿון דעם אומקום פֿון אַן אַלטן סאָציאַלן סיידער, וואָס זיין אומגערעכטיקייט דערזעט ל. נ. טאָלסטאָי ערשט איצט, ווען אָט דער סיידער שטאַרבט שוין.

און פֿון אָט דעם אינערלעכן ווידערשפּרוך צווישן דער קלאַלפֿילאָזאָפֿיע פֿון טאָלסטאָיזם און דעם אינדיווידואַליזם פֿון לעוו טאָלסטאָי האָט געשטאַמט דער טיפֿסטער ווידערשפּרוך גופֿע פֿון ל. נ. טאָלסטאָיס פּערזענלעכקייט.

אין וואָס איז באַשטאַנען זיין הויפּט-ווידערשפּרוך? אין דעם, וואָס ער האָט עפּיקורעיִש געגאַרט אַ לעבעדיקן לעבן, וואָס ער איז געווען פֿול מיט טאַיווע צום „זינדיקן לעבן" און האָט זיך געצוווּנגען לעבן לויט אַן אויסגעטראַכטער סכעמע. „ער פֿלעגט—דערציילט מ. גאָרקי—טאָמיד שטאַרק לויבן אומשטערבלעכקייט נאָכן טויט. נאָר מער פֿון אַלץ געפֿעלט אים אומשטערבלעכקייט דאָ באַם לעבן", און דערפֿאַר—דערציילט מ. גאָרקי—פֿלעגט ל. נ. טאָלסטאָי מיט גרויס טעמפּעראַמענט ריידן וועגן ערדישע זאַכן. לעבעדיקע ליידנשאַפֿטן האָבן געשלאָגן פֿון יעדן וואָרט זיינעם, ווען ער האָט גערעט וועגן מענטשן, וועגן קונסט, וועגן רוסישן פּויער, וועגן יאַגדי, וועגן פֿרויען, וועגן טויט, ווען ער האָט געשפּילט אין קאָרטן אָדער אין שאַכמאַט, נאָר ווען ער איז אַריבער אַף זיין געדאַנק, „אַז דער עמעס איז איינער פֿאַר אַלעמען—ליבע צו גאָט—האָט ער גערעט קאַלט און מיד".

ווייל ניט געקוקט אַף זיין גאַנצן גלויבן, איז ער געווען „די אָפּלייקענונג פֿון אַלע באַשטעטיקונגען", איז ער געווען באַ זיך

אין האַרצן דורכגעדרונגען „מיט טיפּסטן און ערגסטן ניהיליזם, וואָס איז בא אים אויסגעוואַקסן אַפן באָדן פון טיפּסטער איינזאַמקייט, פון אַזאַ ייִעש און איינזאַמקייט, וואָס קיין מענטש האָט ביז אים קיינמאָל אַזעלכעס ניט איבערגעלעבט“.

פונוואַנען האָט אַזאַ ייִעש און איינזאַמקייט געשטאַמט?

אָט דעם סאָד—דוכט אונדז—האָט טאָלסטאָי אַליין אַ צווייטן מאָל אויסגעזאָגט, אויסגערעט זיך.

מ. גאָרקי האָט אים אַמאָל דערציילט.

„איך מאָסקווע, לעבן סוכאַרעווע, אין אַ פאַרוואָרפן געסל, האָב איך, אַמאָל האַרבסט געזען, אַ שיקערע פרוי. זי איז געלעגן באם עק טראָטואַר. פון הויף האָט געררונען אַ בלאָטיקע ריטשקע גלייך דער פרוי אונטער דער האַלדז-און-נאַקן, אין פלייצע. און זי ליגט, בעלעמעטשעט, דרייט זיך, גיט אַלעמאָל אַ כליופּ אין קאַלוזשע, און אויפשטיין קען זי ניט און אַף אַ טומבע זיצט אַ ליכטיק ייִנגעלע מיט גראָע אויגעלעך, טרערן יאָגן בא אים איבער די באַקן און קלאָגט פאַרייִעשט, מיד:

„מאַ-מאַ... נו-מאַמאַ... שטיי... ושע אויף“!

זיי זיינען ביידע געגאַנגען בייט-מאַיסע. ל. נ. טאָלסטאָי האָט זיך געזעצט. טרערן זיינען אים געשטאַנען אין די אויגן. און אז ער האָט אויסגעווישט די אויגן, האָט ער געזאָגט:

„איך ווייס, איך בין אַן אַלטער מענטש. אָט, אַז איר וועט אָפּלעבן אַ לעבן, און אַלץ וועט בלייבן חי געוועזן, וועט איר דערמאָנען אויך זיך צווויינען, נאָך ערגער פון מיר“.

ער האָט געהאַט געזאָגט גאָרקין, אז מ'דאַרף ניט שרייבן וועגן העסלעכן אין לעבן, נאָר איצט האָט ער פאַרענדיקט:

„און שרייבן דאַרף מען אַלץ, וועגן אַלץ, אַנדערש וועט דער ליכטיקער ייִנגעלע פאַריבל האָבן, וועט אויפוואַרפן: ס'איז ניט עמעס, ס'איז ניט דער גאַנצער עמעס, וועט ער זאָגן! ער איז אַ שטרענגער בענויגייע צום עמעס“.

ווען ל. נ. טאָלסטאָי האָט געשריבן „קריג און פרידן“, האָט ער געענטפערט זיינע קריטיקער, וואָס האָבן אים אויפגעוואָרפן, אַז ער פאַרשווייגט דעם שוידער פון ליב-איינגנטום, אז ס'איז ניט עמעס, ס'איז ניט קיין שוידער געווען, אַלנפאַלס די באַציונגען צווישן פאָרעץ און פויער זיינען געווען פאַטריאַרכאַל-מענטשלעכע.

אַף דער עלטער האָט ער שוין געוווסט, אַז ס'איז ניט אַזוי. ער האָט געוווסט, אַז די פאַרגאַנגענהייט כאַראַקטעריזירט זיך ניט מיט די יאָנטויוויים אין „אָטראַדנאָיע“ (דעם גראַף ראָסטאָווס גוט אין „קריג און פרידן“), נאָר מיט די עקזעקוציעס פון זיין „נאָכן באַל“.

און ער האָט שוין געוווסט, אַז נאָך דעם פריצישן ליב-איינגנטום איז דער רוסישער פויער אַרויס ניט אַף דער פרייהייט, נאָר אַריינגעפאַלן—לויט לענינס אויסדריק—אין טהאָם פון גרויסשטעטיקער קאַפּיטאַליסטישער כיטראָווקע*).

*) כיטראָווקע איז אין מאַסקווע אַ מאַרק, וו ס'האָט זיך אויפגעהאַלטן אין די צארישע צייטן די שוידערלעכסטע גרויסשטעטיקע אָרעמקייט. די לומפּן.

ל. נ. טאָלסטאָי האָט איצט דערפילט די שרעק פון סאָציאַלער נויט און אומרעכט. בלינד פאַר דער אַרבעטער-באַוועגונג, האָט ער אָבער ניט געזען קיין קרעפטן, וואָס זאָלן צו זיי אַ סאָף מאַכן. אָפּגעלעבט אַ לעבן, און אַלץ איז געבליבן ווי געווען. זיין ייִעש און איינזאַמקייט איז געווען, ווייל ער האָט קיין טרייסט ניט געהאַט פאַרן „ליכטיקן ייִנגעלע“ און ווייל ער האָט בעפילט, אַז דאָס ליכטיקע ייִנגעלע מאָנט דעם גאַנצן עמעס, און ניט אין זיין—טאָלסטאָיס—אויסגעטראַכטן גאָט, און ניט אין זיינע אייצעס „ליב האָבן דעם פויער“, און עסן בלויז געוויקסן, האָט ער געשפירט, איז ניטאָ קיין טרייסט און איז שוין אוודאי ניט יענער גאַנצער עמעס, וואָס ס'מאָנט דאָס ליכטיקע ייִנגעלע.

---

ל. נ. טאָלסטאָי איז געווען דער העכסטער אויסדריק פון דער רוסישער פריציש-פעאָדאַלער פאַרגאַנגענהייט. דער בעסטער פון זיין קלאַס, דער גרעסטער און פילבאַרסטער פון די רוסישע פריצים, וואָס האָבן באַם אונטערגיין פון זייער קלאַס דערשפירט און כאַראָטע געקראָגן אַף זייערע פאַרגאַנגענע סאָציאַלע זינד, האָט ל. נ. טאָלסטאָי געגאַרט דורך קרייצן-ליידן אויסקויפן די זינדיקע פאַרגאַנגענהייט. אָרגאַניש פאַרבונדן מיט זיין שטאַם און קלאַס, האָט ער ניט איינמאָל געזאָגט, אַז ער שטעלט זיך ניט פאָר א לעבן אָן יאַסנע פּאָליאַנע, האָט ער ניט דערשפירט די נייע סאָציאַלע קרעפטן, נאָכמער, זיי זיינען אים פרעמד און פיינטלעך געבליבן. ער איז געבליבן אַן איינזאַמער, פאַרייִעשטער פעסימיסט און אינדיווידואַליסט, ניט געקוקט אַף זיין גרויסן גווייטיקן פאַרן קלאַל. זיין פאַרבינדונג מיט דער פאַרגאַנגענהייט האָט אויך באַשטימט זיין מיזרעכדיקע פאַסיווקייט, זיין נעגאַטיווע באַציונג צו קולטור, צו וויסן.

מ. גאָרקי, וואָס זיין לעבן-דערפאַרונג איז געווען סאָציאַלע פּיין און נויט, סאָציאַלע פּיין און נויט פון אַ קלאַל, דערביי פון אַזאַ קלאַל, וואָס איז אים פאָרגעשטאַנען דערהויבן זיך צום אַרבעטער-קלאַס, האָט געוווסט און געפילט, אַז אויב מע וויל בעמעס, אַז אַלץ זאָל ניט בלייבן ווי געווען, איז נויטיק אַקטיווקייט, קולטור, וויסן, קאַמף. און בא זיין גאַנצער ליבע און בא זיין גרויסן באַוווּנדערן ל. נ. טאָלסטאָיען האָט ער באַקעמפט דעם טאָלסטאָיִזם, ווייל געוווסט האָט ער, אַז טאָקע דערפאַר, ווייל ל. נ. טאָלסטאָי איז גרויס, ליגט ער, ווי א גרויסער באַרג, און פאַרשטעלט דעם „ליכטיקן ייִנגעלע“ די שיין פון גאַנצן עמעס. און דאָס האָט אים געגעבן דעם גרויסן מוט און די אומגעהויערע שעפערישע קראַפט, וואָס ס'איז נויטיק געווען צו אָנשרייבן זיין בוך וועגן ל. נ. טאָלסטאָי, אָט דעם בוך, וועגן וועלכן לענין האָט אין א שמועס געזאָגט, אַז „אַזוי הערלעך און דרייסט האָט קיינמאָל קיינער וועגן טאָלסטאָיען ניט געשריבן“, און געקאָנט האָט עס מ. גאָרקי, ווייל ער האָט אַלעמאָל געדענקט דעם ייִעש פון „ליכטיקן ייִנגעלע מיט גראָע אויגעלעך“ און געפילט זיין טוייִע.

שיפּרעס.

# וואָס לערנט אונדז אַ ליטעראַטור-אַנקעטע.

סיר האָבן שוין באַ אַ געלעגנהייט דערמאָנט*), אַז דורך דער רעדאַקציע „אָקטיאַבר" איז דורכגעפֿירט געוואָרן אַ ליטעראַטור-אַנקעטע צווישן אירע לעזער. דידאָזיקע אַנקעטע האָט פֿאַרפֿאָלגט פֿאָלגנדיקע צילן:

1. קלאָר מאַכן מיט וואָס עס שפּייזט זיך דער מאַסן-לעזער אין זיין דורשט נאָך ליטעראַטור.

2. פֿעסטשטעלן אַף וויפֿל דער מאַסן-לעזער קען זעלבשטענדיק לייענען אַ ליטעראַריש ווערק.

3. אַנטפּלעקן די פֿאָדערונגען פֿון מאַסן-לעזער צו דער ליטעראַטור.

דערביי האָט די רעדאַקציע דיפֿערענצירט די אַנקעטע לויט סאָציאַלע שיכטן, קעדיי באַקומען אַ פֿאָרשטעלונג וועגן יעדער גרופּע באַזונדער (אַרבעטער, קוסטאַרעס, פויערים א. א. וו.).

דער ערשטער פּונקט פֿון די דריי נאָר וואָס אויסגערעכנטע האָט געדאַרפֿט קלאָר ווערן אַפֿן גרונט פֿון די פֿאָלגנדיקע פֿראַגן: וואָס האָט איר געלייענט פֿון ליטעראַטור פֿאַר דער לעצטער צייט, וועלכע שרייבער זיינען אייך באַקאַנט, וועלכע ליטעראַרישע ווערק האָט איר איינגעקויפֿט. דער צווייטער פּונקט האָט געזאָלט באַלויכטן ווערן אין די פֿראַגן: וואָס איז אינטערעסאַנטער צו לייענען—די אַלטע אָדער נייע ליטעראַטור, צו לייענט איר זשורנאַלן, צי באַפֿרידיקט די ליטעראַרישע קריטיק. און לעסאָף—דער לעצטער פּונקט—אַף אים דאַרף ענטפֿערן די סאַמע לעצטע פֿראַגע פֿון דער אַנקעטע: וואָס פֿאַראַ ליטעראַטור האָט איר געוואָלט האָבן צום לייענען.

מיר וועלן דאָ געבן סומירטע ענטפֿערן אַף די גרונט-פֿראַגן פֿון דער אַנקעטע. דערביי וועלן מיר אויסטיילן ווי באַזונדערע לעזער-קאַטעגאָריעס צוויי גרופּן: אַרבעטער און קוסטאַרעס—די צוויי גרופּן, אַמערסטן פֿאַרטראָטענע אין דער אַנקעטע. די איבעריקע גרופּן וועלן מיר איבערלאָזן אָן דער זייט.

איידער מיר גייען צו צום עצעם איניען לאָמיר דאָ געבן אייניקע יעדיעס וועגן די, וואָס האָבן אַף דער אַנקעטע געענטפֿערט. באַקומען האָט די רעדאַקציע קאָרעוו 300 אויסגעפֿילטע אַנקעטעס, דערפֿון פֿאַלט: אַף אַרבעטער—182, אַף קוסטאַרעס—65, אַף אָנגעשטעלטע—17, אַף פויערים—7, אַף לערער—5, אַף שילער—2, די איבעריקע—פֿאַרשיידענע. נאָך איין ציפֿער—די אַרבעטער-גרופּע טיילט זיך לויטן עלטער אַף אַזאַ אויפֿן: ביז 25 יאָר—36, פֿון 25 ביז 50—70, עלטער פֿון 50—53, די איבעריקע (23)—אומבאַוווסט. הייסט דאָס, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אָן עלטערן אַרבעטער-שיכט דעריקער, באַ אַ סאָלידן אַנטייל (באַ 20 פּראָצ.) פֿון יונגן דאָר.

*) זע זשורנאַל „שטערן" נומ. 1-2 פֿאַרן 1928 יאָר.

* * *

מיר וועלן געבן די ענטפֿערן אַף די פֿראַגעס לויטן סיידער ווי זיי זיינען געשטעלט געוואָרן אין דער אַנקעטע. די ערשטע זאַכלעכע פֿראַגע איז: „וואָס האָט איר געלייענט פֿון ליטעראַטור פֿאַר דער לעצטער צייט (אָנגערופֿן די ביכער, אָדער דערציילונגען), אַף וועלכער שפּראַך". פֿון אַרבעטער-לעזער האָבן אַף דערדאָזיקער פֿראַגע געגעבן אַ באַשטימטן ענטפֿער, אָנרופֿנדיק אַ בוך אָדער שרייבער, 75 מאַן—באַ 45 פּראָצ. פֿון אַלע ענטפֿערס. פֿאַראַן אַ גרופּע, וואָס שרייבט, אַז אויסער דער ליטעראַטור אין „אָקטיאַבר" האָט מען גאָרניט געלייענט (פֿאַר דער לעצטער צייט), מע רופֿט דערביי אָן די ראָמאַנען אין פֿאָרזעצונגען („אין פֿייערדיקן רינג"), וואָס דער „אָקטיאַבר" האָט געגעבן. פֿאַראַן נאָך אַ גרופּע, וואָס גיט אומבאַשטימטע ענטפֿערן („געלייענט אַסאַך ביכער", „איך געדענק ניט די נעמען" א. ד. ג.)—זיי זיינען אין דער צאָל 75 ניט אַריינגעפֿאַלן.

וואָס זשע האָבן געלייענט אונדזערע 75 מער אַקטיווע ליטעראַטור-לעזער? אין דער ערשטער ריי גייען די יידישע קלאַסיקער—ש. אַליכעם, מענדעלע, פּערעץ. 36 מאַן רופֿן אָן ווערק פֿון קלאַסיקער, די מער באַוווסטע און פֿאַרשפּרייטסטע. אַפֿן צווייטן אָרט גייט איבערגעזעצטע ליטעראַטור פֿון גאָרקי, טאָלסטאָי, קאָראָלענקאָ, הוגאָ און פֿון די נייע דעריקער—גלאַדקאָוו, ליבעדינסקי, סייפֿולינאַ, באַבעל. נעוועראָוו, ערענבורג, סינקלער. די ציפֿער פֿאַלט דאָ ביז 26. אַפֿן דריטן גייט די נייע יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור. אָנגעגעבן האָבן זיך דרייצן און אָנגערופֿן שרייבער: האָפֿשטיין, אָרשאַנסקי, מייראָוויטש, קיפּניס, די יונגע פֿון ווייסרוסלאַנד („קעפּ") א. אַנד. 10 אַנקעטעס דערמאָנען די שרייבער פֿון יענער זייט: בערגלסאָן, אַש, אָפּאַטאָשו, איגנאַטאָוו, גלאַזמאַן, זינגער, וואַרשאַווסקי, עפּלבוים.

אין דידאָזיקע ענטפֿערס, איז פֿאַרשטייט זיך, ניטאָ קיין אַזאַ מין שטרענגע סיסטעם. דאָ גייען אין שפּאַן באַ איין לעזער הוגאָ און שאָלעם אַליכעם, אָזשעשקע און ש. אַש, יידישע קלאַסיקער און זשול ווערן, קיפּניס און ליבעדינסקי א. א. וו. אונדזער אַרבעטער-לעזער פֿאַרמאָגט נאָך ניט אַף אַזויפֿיל סיסטעם, אַז דאָס זאָל זיך אָפּשפּיגלען אַף זיינע לעז-אינטערעסן. אַגעוו ווענדט זיך דאָס ניט שטענדיק אָן אים—דאָס הענגט אָפּ פֿון דער ביבליאָטעק און אויך פֿון ביבליאָטעקער—אַף וויפֿל דער לעצטער האָט אין אויג אַ באַשטימטע אַנטוויקלונג פֿון דעם לעזער.

אין דעם נאָר וואָס סומירטן ענטפֿער וואַרפֿט זיך אין אויג, ערשטנס, דאָס, וואָס די יידישע קלאַסיקער פֿון דער פֿאַר רעוואָלוציע-עפּאָכע געוועלטיקן נאָך אין אַ גרויסער מאָס איבערן לע-

זער. דאָס איז אַ טיפּישער שטריך, וואָס וועט איבערן גאַנצן לויף פֿון דער אַנקעטע זיך באַשטעטיקן. דאָס צווייטע איז, וואָס די איבערזעצטע נייע רוסישע ליטעראַטור האָט געשלאָגן פֿעסטע וואָרצלען. אינטערעסאַנט איז אויך באַצייכענען, אַז גאָר שוואַך זיינען דאָ פֿאָרגעשטעלט די אַלטע רוסישע קלאַסיקער, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס—ווי מיר וועלן שפּעטער זען—דער אַלטער רוסישער קלאַסיקער האָט פֿאַרנומען אַ גרויסן אָרט אין ליטעראַרישן אויסבילדן פֿון יידישן אַרבעטער-לעזער. איצט לייענט מען ליבעדינסקין און גלאַדקאָוון און ניט טורגענעוון, אָדער טאָלסטאָיען.

מיר גייען איבער צו דער צווייטער פֿראַגע פֿון דער אנקעטע. זי איז אזוי פֿאָרמולירט: „וועלכע יידישע שרייבער זיינען אייך באַקאַנט, וועלכע ניט־יידישע?". מיר האָבן דאָ ווי עס איז צו זען, געוואָלט פֿעסטשטעלן, אַף וויפֿל עס איז נאָר מעגלעך, די עוואָלוציע פֿון לעזער, צו א „געניאַלאָגיע", אזוי צו זאָגן. אָגעוו האָבן מיר דאָ געהאט אין אויג אָנטאַפּן וועלכע שרייבער האָבן זיך דערוואָרבן פּאָפּולאַריטעט אין די מאסן. דער ענטפֿער אַף דער-דאָזיקער פֿראַגע קען ניט פּרעטענדירן אַף אויסשעפּנדיקייט, ווייל וועלכער אַרבעטער-לעזער קען דאָס אין משך פֿון 10 מינוט, וואָס ער קען אָפּגעבן דער אַנקעטע, אויפֿלעבן אין זיכּרון אַלע אים באַקאַנטע נעמען? נאָר אין דעם דאָזיקן ענטפֿער ליגט אַ מאָלע, און זי באַשטייט אין דעם, וואָס די, וועלכע ווערן אָנגערופֿן, זיינען שוין באַשטימט די מער פּאָפּולערע, מער באַליבטע.

מיר האָבן דאָ פֿאַרזאַכאַקלט די ענטפֿערס אַף אזא אויפֿן: עס זיינען אויסגעטיילט געוואָרן צוויי גרופּן לעזער—די גרופּע ביז 25 יאָר (36 אַנקעטעס) און פֿון 25 ביז 50 יאָר (70 אַנקעטעס). וועגן ביידע גרופּן האָבן מיר באַזונדערע טאַבעלעס, און ווי ס׳וועלן וויזן די רעזולטאַטן, איז די דאָזיקע טיילונג ניט קיין ווילקירלעכע און גיט אין רעזולטאַט אייניקע טיפּישע שטריכן.

אָט וואָס פֿאַר אַן ענטפֿערן מיר האָבן בא דער עלטערער גרופּע: ש. אלייכעם איז באַקאַנט 42, מענדעלע—31, פּערעץ—21, אַש—5, בערגעלסאָן—3. פֿון די נייע יידישע דיכטער און שרייבער—פֿעפֿער—7, כאַריק—6, נאָכדעם גייען—אָרשאַנסקי, ליטוואַקאָוו, דאַברושין א. אנד. פֿון די רוסישע שרייבער ווערן דערמאָנט: טאָלסטאָי 13 מאָל, גאָרקי—8, גאָגאָל—7, פּושקין—5, דאָסטאָיעווסקי—2. פֿון די נייע רוסישע: גלאַדקאָוו—4, ערענבורג—1, פֿורמאַנאָוו—1, איוואַנאָוו—1, ראָמאַנאָוו—1 א. אַ. וו. סאַכאַקל ווערן דערמאָנט 75 אַוטאָרן. דאָ קענט איר צווישן אַוטאָרן, אויסער די אויסגערעכנטע, באַגעגענען: הײַנע, שעקספּיר, זאָליאַ, באַרביוס, אַנאַטאָל פֿראַנס, און—שאָמער, טאַנענבוים, ביאַליק, פֿרוג, צייטלין... די פּראָפּאָרציע צווישן גרופּן שרייבער איז דאָ אַזאַ: אַלטע יידישע—11, נייע—21, נייע שרייבער פֿון יענער זייט גרענעץ—6, איבערזעצונגען פֿון נייע רוסישע—12, אַלטע רוסישע—10 פֿון אויסלענדישע—13. די אַבסאָלוטע מערהייט נעמען פֿאַלט אַף דער נייער ייד. ליטעראַטור, אָבער יעדערער האָט אַ קלענערע צאָל „שטימען" פֿאַר די אלטע—אַלע צוזאַמען ווייניקער ווי איין ש. אלייכעם. און דאָס איז פֿאַרשטענדלעך. עס וואַרפֿט זיך אויך אין די אויגן די גרויסע צאָל אויסלענדישע באַקאַנטע שרייבער.

לאמיר זיך איצט צוקוקן צו דער צווייטער יינגערער גרופּע לעזער. דאָ גייען אויך אָפּן ערשטן אָרט די יידישע אַלטע קלאַסיקער (ש. אלייכעם—23, מענדעלע—18, פּערעץ—13), פֿון די נייע גייען אָפּן ערשטן אָרט כאַריק (6) און פֿעפֿער (5)—סאַכאַקל ווערן אין די 36 אַנקעטעס אָנגערופֿן 39 נעמען. די פּראָפּאָרציע צווישן גרופּן שרייבער איז דא שוין אַן אַנדערע: אַף אלטע יידישע שרייבער פֿאַלן 7 נעמען, אַף נייע סאָוועטישע—15, אַף נייע אויסלענדישע—2, אַף סאָוועט. רוסישע—8, אַף אלטע רוסישע—6 און אַף אויסלענדישע—1. דער אונטערשייד צווישן ביידע גרופּן לעזער איז דאָ בולעט: 1) פּראָפּאָרציאָנעל פֿאַרנעמט בא דער יינגערער גרופּע אַ גרעסערן אָרט די נייע יידישע ליטעראַטור. 2) עס ווערט קימאַט ניט דערמאָנט די אויסלענדישע, אַזוי גערופֿענע, אַלוועלטלעכע ליטעראַטור (אינגאַנצן ווערט דערמאָנט איין סינקלער; אַזעלכע ווי היינע, שעקספּיר, באַרביוס, זאָליאַ, פֿראַנס א. אנד. ווערן אינגאַנצן ניט דערמאָנט).

עס איז שווער דאָ צו מאכן וועלכע עס איז קאַטעגאָרישע אויספֿירן, נאָר אויבערפֿלעכלעך זעט אויס די זאַך אזוי: 1) דער יונגער דאָר איז באַקאַנט אין דער געהעריקער פּראָפּאָרציע מיט די יידישע קלאַסיקער. דערביי האָט דערדאָזיקער שיכט אָוועקגעלייגט אין אַרכיוו באַשטימטע גרופּן שרייבער (שאָמער, טאַנענבוים ווערן ניט דערמאָנט, פֿרוג, ביאַליק און אַפֿילו עדלשטאַט און רייזען זיינען פֿאַרגעסן געוואָרן). 2) די נייע יידישע ליטעראַטור ווערט דאָ איינגעפֿעסטיקט, דערביי איז די צאָל נעמען אַ גאַנץ היפּשע, און 3) דערדאָזיקער דאָר געניסט ווייניק פֿון דער אַלוועלטלעכער ליטעראַטור—מיר האָבן ווייניק גוטע איבערזעצונגען פֿון נייסטע ווערק. שוין אָפּגערעט, אַז נייע נעמען (ראָמען ראָלאַן, באַרביוס, איסטראַטי, צווייג, טאָלער א. אנד.) ווערן גאָרניט דערמאָנט—אָפּן יידישן ביכער-מאַרק איז זיי קימאַט ניט צו קריגן. דערפֿאַר איז גוט פֿאַרטראָטן די איבערזעצונג פֿון דער רוסישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

מיר גייען איבער צו דער חייטערדיקער פֿראַגע. אונדז איז שוין אינטערעסאַנט צו וויסן ניט נאָר וואָס עס לייענט דער אַרבעטער, וועמען ער קען פֿון שרייבער, נאָר אויך וואָס קויפֿט ער אַליין פֿון ליטעראַטור. האָבן מיר דאָ אייניקע טשיקאַווע יעדיעס. סאַכאַקל האָבן דאָ פֿון דער גרופּע אַרבעטער לעזער (182) געקויפֿט ביכער פֿאַר דער לעצטער צייט 36 מאַן. דאָס זיינען די, וועלכע האָבן אין די אנקעטעס אָנגעגעבן פּינקטלעך, וואָס זיי האָבן געקויפֿט. צווישן זיי זיינען פֿאַראַן 2-3, וואָס האָבן ניט געקויפֿט דירעקט אין ביכער-געשעפֿט, נאָר באַקומען ביכער אַלס פּרעמיע צו דער צייטונג. צו דער אלג. צאָל אַרבעטער, וואָס האָבן אויסגעפֿילט די אַנקעטעס, מאַכט אויס די גרופּע „קויף-פֿעיקע" 20 פּראָצ. די איבעריקע אַנקעטעס פֿאַרשווייגן מערסטנטייל די פֿראַגע וועגן געקויפֿטע ביכער, אָבער אַ היפּשע צאָל שטעלט זיך דאָ אָפּ און ענטפֿערט: „ניט געקויפֿט, ווייל עס זיינען ניטאָ קיין מעגלעכקייטן", „צו טייער" א. א. וו.

וועלכע ביכער האָט מען געקויפֿט? אַפֿן ערשטן אָרט גייען דאָ די נייע שרייבער, דעריקער—בעלעטריסטיק, אָריגינעלע און איבערגעזעצטע: אָרשאַנסקי, בערגלסאָן, אַפּאַטאָשו, אַש, ווינטשעווסקי, מענדעלע, ש. אַליכעם, קיפּניס, טייטש, פּיעסן פֿאַרשיידענע, פֿעפֿער, פּערעץ, פֿון איבערזעצונגען—צעמענט, טאַשקענט-די ברויט-שטאָט, סינקלער, ליבעדינסקי, לאָנדאָן, גאָרקי. איין כאַווער שרייבט, אַז ער האָט איינגעקויפֿט די געקליבענע ווערק פּערעצעס, אַ צווייטער רעכנט אַריין אין זיין אַקטיוו אַ ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע, אַ דריטער ווייזט אָן אַפֿן בוך „5 יאָר קאַמער-טעאַטער" (ליטוואַקאָוו).

ווי עס איז שוין געזאָגט, טראָגט מען פֿון ביכער-מאַרק ווערק פֿון אונדזערע נייע סאָוועטישע שרייבער און ווער ווייס צי די פֿאַרלאַגן אונדזערע וואָלטן געדאַרפֿט לאָזן שימלען דעם נייעם ביכל, ווען עס וואָלט דערנעענטערט געוואָרן דער בוך צו די מאַסן. דער יידישער בוך איז נאָך ווייט פֿון זיין קויפֿער, און עס איז פּאָשעט אַ וווּנדער, וואָס אַפֿילע אַזאַ צאָל אַקטיווע אַרבעטער „אָקטיאַבר"-לייענער האָבן זיך געלאָזן באַצאָלן פֿאַר אַ ליטעראַריש ווערק.

די פֿאָלגנדיקע פֿראַגע, וואָס אַף איר לוינט זיך אָפּצושטעלן, איז: וואָס איז דעם לעזער אינטערעסאַנטער—די נייע, אָדער אַלטע שרייבער, וועלכע פֿון זיי? אַזוי איז די פֿראַגע געשטעלט געוואָרן. די פֿראַגע איז צו אַלגעמיין, מע זאָל אַף איר קענען באַקומען אַ ווי ווייט בעוויעם ענטפֿער. אָבער דאָך איז די דאָזיקע פֿראַגע זייער אַ טשיקאַווע, און אָט פֿון וואָס פֿאַר אַ שטאַנדפּונקט. דאָ רעט זיך שוין ניט וועגן דעם, וואָס איך האָב געלייענט, אָדער וואָס איך קען קריגן אַפֿן ביכער-מאַרק: דאָ האַנדלט זיך גיכער וועגן דעם, וואָס איך וויל לייענען, וואָס איך וויל זען אַפֿן מאַרק. און אָט שטעלט אייך פֿאָר, דאַווקע אין דעם דאָזיקן שניט האָבן מיר באַקומען אַזאַ מין רעזולטאַט: איינגאַנצן האָבן אַף דער דאָזיקער פֿראַגע געענטפֿערט 114 מאַן (זייער אַקטיוו געענטפֿערט, פֿאַרהעלטענישמעסיק צו די איבעריקע פֿראַגן), פֿון זיי האָבן זיך אַרויסגעזאָגט: פֿאַר די אַלטע שרייבער—35, פֿאַר ביידע—די אַלטע און די נייע—29, און פֿאַר די נייע—50. פֿאַר די נייע האָבן, הייסט עס, אָפּגעגעבן זייערע שטימען אַ גרויסע צאָל.

דערפֿון קענען מיר מאַכן דעם אויספֿיר: אונדזער אַרבעטער-לעזער וויל דעם נייעם סאָוועטישן בוך (וועגן דעם נאָך-באַזונדער), ער ציט זיך צום נייעם שרייבער, נאָר ניט שטענדיק געפֿינט ער דעם בוך אין ביבליאָטעק, ניט שטענדיק קריגט ער וואָס ער דאַרף, ניט שטענדיק—קימאַט קיינמאָל ניט—האָט ער ביעכוילעס זיך איינשאַפֿן אַ בוך אַהיים. לייענט ער דאָס, וואָס די ביבליאָטעק פֿאַרמאָגט פֿון פֿאַרצייטן—און דאָרטן איז גיכער פֿאַראַן אַ ביכל ש. אַליכעמס און פּערעצעס, אַשס און בערגלסאָנס, ווי די נייע.

לאָמיר זיך אָבער ניט נאַרן: פֿאַראַן אַ גרופּע לעזער, וואָס איז פֿאַראַקשנט אין איר צוגעבונדנקייט צום שרייבער פֿון אַמאָל. און קעדיי די דאָזיקע קאָנסערוואַטיווקייט אַרויסצווויזן, האָט שוין געלוינט אַזוי בויען אונדזער אַנקעטע, אַז עס זאָל קעגנגעשטעלט ווערן דער אַלטער דעם נייעם שרייבער, עס זאָל, אַזוי אַרום, אָנגעצונדן ווערן די ליידנשאַפֿט פֿון לעזער. האָבן מיר ענטפֿערן, וואָס ריידן צו אונדז וועגן דער דאָזיקער אַקשאָנעס. אַזוי, לעמאָשל, מעלדעט אַ לעזער: „די יונגע שרייבער קומען נאָך ניט צו די אַלטע". דאָס איז געזאָגט מיט רוגזע, אָן אַ פֿאַרוואָס. אַ צווייטער ענטפֿערט: „מיר געפֿעלן די אַלטע, די נייע האָבן געמעגט בעסער שרייבן". אַ דריטער קומט שוין מיט אַ מאָטיוו: „די אַלטע האָבן אַפֿולע ווערק, די נייע—ווייניק און גאַנץ שוואַכע". אַ פֿערטער, ווידער, האָט אַן אַנדער טאַינע: „די יונגע פֿאַרשטיי איך שווער". פֿאַראַן קוריאָזן אין די דאָזיקע ענטפֿערס. איינער מעלדעט, אַז אים געפֿעלט... שאָמער. נאָר דאָס איז אַ ווייסער ראָב אַפֿילע צווישן דער מער קאָנסערוואַטיווער גרופּע לעזער.

אַנדערע, מער געניגסטע צו דער נייער ליטעראַטור, וואָס שאַפֿט זיך בא אונדז, פּרוּוון זיך אויסטאַינען, פֿאַרשטייט זיך, לאַקאָניש, אַף וויפֿל מע קען עס אין אַן אַנקעטע-שורע. אָט, לעמאָשל, שרייבט איין אַרבעטער. „עס דאַרפֿן ווערן נאָר נייע שרייבער, די אַלטע געפֿעלן שוין ניט, און די יונגע ווייסן ניט וואָס צו שרייבן". דאָס איז אַ מיינונג, וואָס באַהאַלט אין זיך אַ גרויסע פּראָבלעם פֿון אונדזער ליטעראַטור. אַ צווייטער כאַווער זאָגט: „מיך אינטערעסירט ש. אַליכעם גלייך מיט פּעפֿערן. דער אונטערשייד איז וואָס ש. א. שרייבן פֿאַרשטייט מען און פּעפֿערס פּאָעזיע איז שווער צו פֿאַרשטיין". אַפֿילע בא פּעפֿערן האָט דער אַרבעטער-לעזער צו מאָנען „פּראָסטן וואָרט"!

פֿאַראַן שוין אָבער אויך אַזעלכע, וואָס ווייזן אַרויס זייער פּאָזיטיווע באַציונג צו דער נייער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור. אַן אַלטער אַרבעטער מעלדעט: „כ'בין אַן עלטערער מענטש און מיר געפֿעלט די יונגע דיכטונג", און אַ צווייטער האַלט אים אונטער מיט נאָך אַ קאָנקרעטער באַציונג: „מיך אינטערעסירט די יונגע ליריק". עס שאַפֿט זיך שוין אַ קאַדר ניט נאָר לעזער—ליבהאָבער פֿון דער נייער יידישער ליטעראַטור.

לאָמיר דאָ נאָך פֿאַרן שליסן ציטירן אַ כאַראַקטעריסטישן ענטפֿער. איין אַרבעטער שרייבט: „מיר אינטערעסירן אַזעלכע, וועלכע שרייבן מיט אַ הויכער אידייע וועגן אַרבעטער-קלאַס". אָט ווי פּאָשעט אַן אַרבעטער האָט פֿאָרמולירט דעם סאַך פֿון דער ליטעראַטור, אַף וועלכער עס וואַרטן די אַרבעטער-מאַסן. אָט וואָס מע דאַרף—אַ ליטעראַטור „מיט אַ הויכער אידייע וועגן אַרבעטער-קלאַס"!

* * *

מיר לאָזן דורך צוויי פֿראַגן פֿון דער אַנקעטע, וועלכע האָבן ניט באַקומען קיין מער-ווייניקער מאַסאָווען אָפּקלאַנג. מעגלעך, אַז די פֿראַגן זיינען ניט געווען גוט אוועקגעשטעלט, נאָר גיכער ווי אַלץ איז עס סיסטאָמע פֿאַרבונדן מיטן מאַצעוו פֿון אַרבעטער-לעזער: אים איז שווער געווען ריידן וועגן דעם. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן פֿראַגן פֿון קריטיק און אידעאָלאָגישע אָפּנייגן. די ענטפֿערס זיינען זייער קנאַפּע און בלוטאָרעמע, זיי זאָגן קימאַט גאָרניט אַכוץ גוט-שלעכט. לאָזן מיר זיי דורך און גייען איבער צום סאַמע לעצטן פּונקט, צו דער פֿראַגע: „וואָס פֿאַראַ ליטעראַטור האָט איר געוואָלט האָבן צום לייענען". קעדיי צו אונטערשטרייכן

וואָס פֿאַר אַ פֿאָרזיכטיקייט עס איז נייטיק בײַם צונויפֿשטעלן אַ מאַסן-אַנקעטע, וועלן מיר דאָ דערציילן אַ קוריאָז. אייניקע אַנקעטעס ענטפֿערן אַזוי, ווי זיי וואָלטן זאָגן: וואָסערע ליטעראַטור איר וועט ניט שיקן, וועט אַלץ זײַן גוט. זיי האָבן, הייסט עס, אויסגעטײַטשט די פֿראַגע „וואָס פֿאַר אַ ליטעראַטור האָט איר געוואָלט צום לייענען" ווי אַן אָנפֿראַגע פֿון דער רעדאַקציע פֿאַרן ארויסשיקן ליטעראַטור... דאָס באַווײַזט ווי פֿאָרזיכטיק עס דאַרף אין אַזאַ אַנקעטע זײַן געשריבן יעדער וואָרט. נאָר דאָס איז פֿאַרבײַגייענדיק.

איז וואָס זשע פֿאַר אַ ליטעראַטור האָבן אַרבעטער געוואָלט האָבן צו לייענען? אָט ווי עס פֿאָרט אַרויס מיט אַ גרעסערער באַמערקונג אַן אַרבעטער אַ שניידער:

„ס'פֿעלט פּראָזע, שטייגער-ליטעראַטור פֿון היינטיקן לעבן. דאָס לעבן פֿון שטעטל. אַך, רייזן, רייזן! ווו נעמט מען היינט רייזענען? כאָטש ר ײ ז ע נ ע ן!... ווי פּאָשעט רייזען האָט געשריבן! ווי ליב מע האָט אים געהאַט, איר ווייסט פֿאַרוואָס? ווייל עס איז געווען ניט געמאַלאָכעט, נאָר אַליין דורכגעלעבט, און היינט איז אויסגעטראַכט, אויסגעמאַלאָכעט, בלוטאָרעם און בעמיילע ווולגאַר. זיצט ר. (דאָ ווערט אָנגערופֿן אַ נאָמען פֿון אַ ייִדישן שרײַבער—ש.) אין מאָסקווע און באַקט ליטעראַטור וועגן פּאָלעסיע".

לאָמיר זיך באַציִען צו דערדאָזיקע באַמערקונג מיט דער גאַנצער ערנסטקייט. געוויס איז דאָ פֿאַראַן פֿאַרביטערטקייט, איבערגעטריבנקייט („בלוטאַרעם און בעמיילע ווולגאַר"), אָבער דאָ איז פֿאַראַן ביטערער עמעס. שרייבן—שרייבט עס איינער פֿון די אַקטיוויסטע לעזער, אַ מענטש, וואָס איז באַקאַנט מיט דער ייִדישער און רוסישער ליטעראַטור (אַזוי גיט ער אָן אין אַנקעטע), וועלכער קען אָפּשאַצן שרייבער (אין אַנקעטע טיילט ער אויס ווי טאַלאַנטפֿולע די כ״כ האָפֿשטיין און מאַרקיש).

אָט די פֿראַגע וועגן שילדערן דעם נייעם, אונדזעריקן שטייגער פֿאַרנעמט דעם גרעסטן אָרט אין די ענטפֿערס אַף אונדזער פֿראַגע. איין לעזער שרייבט, אַז ער וואָלט געוואָלט האָבן ליטעראַטור „פֿון נייעם לעבנשטייגער, וועגן ייִדישן אַרבעטער אַף די פֿאַבריקן און זאַוואָדן, אָפּשפּיגלען די ייִדישע קאָלאָניזאַציע און די פּראָלעטאַריזירונג פֿון ייִדישן לופֿט-מענטש". אַ צווייטער וואָלט וועלן ליטעראַטור, וואָס שפּיגלט אָפּ די נאָענטע געשיכטע: „פֿאָרשטעלן דעם אַמאָליקע לעבן, וועלכע די האָרעפּאַשנע מאַסע האָט געהאַט אין דער געדריקטער צייט און ווי מיר לעבן איצט פֿריי"*).

אַן אינטערעסאַנטע באַמערקונג לייענען מיר אין אַן אַנדער אַנקעטע: „עפֿענען דער מאַסע די אויגן אַפֿן געלטיקן שלאַנג. דאָס איז די אויפֿגאַבע, לויט מײַן מיינונג, וואָס אַסאַך זאָגן „פֿאַר געלט וועל איך טאָן אַלץ". און ווען זיי באַקומען די געלט און בעסערן לעבן פֿאַרלירן זיי דעם שטאַנדפּונקט און ווערן אַ צווייטער קלאַס".

אַן אינטערעסאַנטע באַמערקונג! דאָ רעדט זיך וועגן ליטעראַטור, וואָס זאָל זײַן דורכגעדרונגען מיט טיפֿע עטישע אידייען, מיט דידאַקטיק, מיט אַ מאָראַלישער „ראָזינקע".

*) די ציטאַטן זיינען געגעבן ווי ווייט מעגלעך מיטן סטיל פֿון די אויטאָרן.

כּוּץ דידאָזיקע מער ברייטע ענטפֿערס האָבן מיר אַ גאַנצע ריי קורצע באַמערקונגען. אַלע ריידן זיי וועגן ליטעראַטור פֿון נייעם לעבן, פֿון אַרבעטער-שטייגער: „עס זאָל זײַן דאָרט אָפּגעשפּיגלט דעם אַרבעטערס ליידן און פֿריידן", „פֿון נייעם סאָוועטישן טיפּ, ווייל ס'אַלטע איז איצט ניט וויכטיק", „פֿון אַרבעטער-לעבן אין לאַנד און אין אויסלאַנד". „פֿון היינטיקן שטייגער-לעבן", „אַ גוטן אינטערעסאַנטן בוך פֿון נייעם סאָוועטישן אויפֿבוי" א. א. וו. עס איז אויך דאָ אַ פֿאָדערונג אַף רעוואָלוציאָנערע מעמואַרן. מע פֿאָדערט ראָמאַנען, דראַמאַטישע ווערק. מע וויל „אַ פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור, נאָר ניט קיין געקינסטלטע". איינער שרייבט, אַז ס'איז נייטיק ליטעראַטור וועגן סאָציאַליזם. אַ צווייטער זאָגט זיך אַרויס פֿאַר דער גייסטער ליטעראַטור, זי זאָל נאָר זײַן פֿאַרשטענדלעך און צוגענגלעך.

איין אַלגעמיינער שטריך פֿאַרייניקט אָט דידאָזיקע אַלע מיינונגען: מע דאַרף שאַפֿן אַ נייע ליטעראַטור, וואָס שפּיגלט אָפּ אונדזער צייט און וועלכע טראַקטירט פּראָבלעמעס פֿון אונדזער שטאַנדפּונקט—ווי זאָגט דאָרטן איין אַרבעטער אין זײַן אַנקעטע—„מיט אַ הויכער אידייע וועגן אַרבעטער-קלאַס".

דערמיט שעפּט זיך אויס דער אַנקעטע-מאַטעריאַל פֿון אַרבעטער-לעזער. מיר לאָזן דאָ דורך די ספּעציעלע פֿראַגע וועגן זשורנאַל „שטערן", אַף וויפֿל זי איז אויסגעטיילט געוואָרן און שוין געווען באַלויכטן*). ווי געזאָגט, לאָזן מיר אויך אויסן 2 אַנדערע פֿראַגן—וועגן קריטיק און וועגן אידעאָלאָגישע אָפּנייגן אין דער ליטעראַטור—ווייל מיר האָבן פֿון דער אַנקעטע קיין מאַמאָשעסדיקע ענטפֿערן ניט געקענט אויספֿאַנגען.

מיר גייען איבער צו דער קוסטאַרישער גרופּע. גלייך וואַרפֿט זיך אין די אויגן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן אָפּגעשטאַנענעם לעזער-שיכט—אין באַצוג צו די אַרבעטער-לעזער. פֿיל אַנקעטעס זיינען אין גרונט ניט אויסגעפֿילט, אַסאַך פֿראַגן בלייבן אָפֿן. דאָ האָט איר אַ היפּשע צאָל אַזעלכע, וואָס שרייבן, אַז כּוּץ דעם „אָקטיאַבר" לייענען זיי ניט קיין שום ליטעראַטור. ווען מיר נעמען, למשל, די נאָמענקלאַטור פֿון שרייבער, וואָס ווערט דורך דערדאָזיקער לעזער-גרופּע דערמאָנט, פֿילט איר שוין דאָ דעם קולטור-ניוואָ, כאָטש—מיר שטרייכן עס אונטער—אין דער מערהייט ווערן אויך דאָ דערמאָנט דיזעלבע שרייבער, וואָס אין אַלע איבעריקע אַנקעטעס. נאָר אָט, למשל, גייען נעמען, וואָס זיינען אין די אַרבעטער-אַנקעטעס ניטאָ. אָדער קוים דערמאָנט: דינעזאָן, י. ל. גאָרדאָן, פֿרישמאַן, ספּעקטאָר, טאַנענבוים, עדלשטאַט, קאָברין, ווייסנבערג, גרעץ און אַפֿילו... דער יוסיפֿון. אַפֿן ערשטן אָרט גייען אויך דאָ שאָלעם אַלייכעם (38 מאָל דערמאָנט), מענדעלע (29) און פּערעץ (20), (דאָס איז אין 65 אַנקעטעס). פֿון די נייע שרייבער גייען ווידער אַפֿן ערשטן אָרט כאַריק און פֿעפֿער. אינטערעסאַנט איז, אַז אין די קוסטאַרישע אַנקעטעס ווערן אָנגערופֿן דריי-פֿיר ווייסרוסישע שרייבער (יאַנקאָ קופּאַלאַ, טשאַראָט א. אַנד.) אינגאַנצן ווערן אָנגערופֿן 45 נעמען.

*) זע דעם אויבנדערמאָנטן נומער „שטערן".

אַף דער פֿראַגע וואָס ס׳איז אינטערעסאַנטער—די אַלטע ציִ די נייע ליטעראַטור. פֿון 39 ענטפֿערן שרייבן 23 (ד. ה. קימאַט 2 דריטל), אז די אַלטע. וועגן דער נייער ליטעראַטור רעט מען אומבאַשטימט. אַ פרוי דערקלערט אַזוי: „די נייע האָב איך ניט געלייענט, די אַלטע זיינען מיר באַקאַנט". אַזעלכע ענטפֿערן, אַז די נייע ליטעראַטור איז אומבאַקאַנט, וואַרפֿן זיך דורך אייניקע. אויך דאָ זיינען פֿאַראַן ענטפֿערן וועגן אינטערעס צום ווייסרוסישן שרייבער—עס ווערן אָנגערופֿן די נעמען פֿון קאָלאָס, ליאָסיק און יאַנקאָ קופּאַלאַ. לאָמיר שוין דאָ באַמערקן אין קלאַמערן, אַז עס וואָלט געהאַט אַ באַשטימטן אינטערעס צו שטודירן ווי אַזוי עס קניפּט זיך דאָ אָן די ייִדישע מיט דער ווייסרוסישער קולטור, דורך ווערמען קומט דאָס, וואָס פאַר אַ ראָל שפּילט דאָ אונדזער שול און דער בוך.

צווישן 65 קוסטאַרן, וואָס האָבן אויסגעפֿילט אַנקעטעס, זיינען דאָ 15, וואָס קענען דערציילן וועגן ביכלעך דורך זיי געקויפֿטע. דער פּראָצענט (באַ 25) איז אַ גאַנץ הויכער און עס קען דוכטן, אַז ער שטייגט אַריבער דיזעלבע באַציִונג באַ אַרבעטער. נאָר מע דאַרף זיך צוקוקן צו דעם, וואָס עס איז געקויפֿט, קעדיי צו זען, אַז צו קינסטלערישער ליטעראַטור האָבן נאָר אַ טייל ענטפֿערס אַ שאַיכעס. אָט, לעמאָשל, ווייזט מען אָן: אַנטירעליגיעזע ליטעראַטור (2), באָגען (ד. ה. מאָפּר-ליטעראַטור), אַפֿילע אַזאַ „ווערק" ווי... ביאָגראַפיע פֿון טאַנע רעב אַקיווע און פֿון באַר קאָכווע (ווו קריגט מען עס נאָך אַזאַ מין, אַנטשולדיקט, ליטעראַטור...). נעמען מיר אַראָפּ די דאָזיקע גרופּע, פֿאַלט אָפּ אַ גאַנצער דריטל ביכער-קויפֿער. פֿון די איבעריקע האָבן 6 בעקויפֿט שאָלעם-אַלייכעמס ווערק, צוויי שרייבן אויס דעם „שטערן" און נאָר פֿיר פֿאַלן אַף נייע שרייבער.

אַף דער לעצטער פֿראַגע פֿון אַנקעטע („וואָס פֿאַר אַ ליטעראַטור האָט איר געוואָלט האָבן צום לייענען") ענטפֿערן קוסטאַרן אויך ניט מיט דער אַקטיווקייט ווי די אַרבעטער. פֿאַראַן אייניקע ענטפֿערן וואָס קלערן אוף די דאָזיקע פּאַסיווקייט. אָט שרייבט איינער: „די לאַגע פֿון די קוסטאַרן דערלויבט ניט שטענדיק זיך אָפּגעבן מיט ליטעראַטור". און אַ צווייטער זאָגט: „גיט ביכער אַזעלכע, עס זאָל זיין מעגלעך צו קויפֿן, עס קאָסט זייער טייער, אַן אָרעמער קוסטאַר, וועלכער פֿאַרדינט קוים צום לעבן, קען ניט אָפּרייסן פֿון לעבנסמיטל אי אַף אַ צייטונג, אי אַף ביכער".

וואָס זשע פֿאָדערט מען? לאָמיר אָפּרוקן אָן אַ זייט דעם 60-יאָריקן סטאָליער, וואָס וויל דאַווקע „מעדרעש און יאַלקוט, און איין-יאַנקעוו, און טאַנאַך, און כומעש מיט ראַשע מיט טאַרגום און דאָס איז ריכטיק"... ער איז איינער אַזאַ פֿון אונדזערע לעזער, וואָס קומט מיט אַזאַ צעטל „ליטעראַטור". אָבער אַנדערע פֿאָדערן: „אָריגינעלע ייִדישע ווערק פֿון נייעם שטייגער, קוסטאַרן האָבן ניט קיין שום ליטעראַטור און קיין ביבליאָטעק. די ביבליאָטעקן זיינען זייער אָרעם". מע פֿרעגט זיך נאָך אַף דערציילונגען פֿון אַרבעטער-לעבן, אַף הומאָר, אַף „ביכלעך פֿון די לעצטע ציַיטן", אַף ליטעראַטור „וועגן לעבן פֿון די ייִדישע איבערוואַנדערער אין קרים", אַף פּיעסן. עס איז דאָ אַ פֿאָדערונג אַף אַנטירעליגיעזער ליטעראַטור, רעוואָלוציאָנערע זיכרוינעס, „אופּקלערונג-ביכער". מע פֿאָדערט ליטעראַטור „וואָס זאָל זיך לאָזן לייענען", אַזאַ וועלכע מען זאָל קענען פֿאַרשטיין".

ווי מיר זעען, זיינען דאָ באַשטימטע טיפּישע ניואַנסן אין דעם קרייז אינטערעסן פֿון קוסטאַרישן לעזער, וואָס שיידן אים אָפּ פֿון אַרבעטער-לעזער. מיר זעען, גלייכצייטיק עלעמענטן, וואָס שליסן די דאָזיקעביידע גרופּן און רופֿן באַ זיי אַרויס דיזעלבע פֿאָדערונגען צו דער קינסטלעכער ליטעראַטור.

* * *

דערמיט קענען מיר שוין שליסן, ווייל די באַדייטנדיקע גרופּן לעזער האָבן מיר דאָ מער-ווייניקער אַנטפּלעקט. באַזונדער זיך אָפּשטעלן אַף די איבעריקע (אָנגעשטעלטע, פּויערים, לערער, שילער-יוגנט) איז ניט נייטיק, ווייל די צאָל זייערע איז אַזוי קליין, אז מען קען נאָך ניט ריידן וועגן אַ וואָסער עס איז קוואַליטעט. קיין איבעריקנס אינטערעסאַנטע שטריכן צו אָט דעם אַלגעמיינעם בילד, וואָס מיר האָבן דאָ געפּרוּווט צונויפֿשטעלן, גיבן זיי אויך ניט. ווען מיר זיי לאָזן צורו.

איצט קענען מיר שוין זאָגן וועגן דער אַנקעטע אַ פּאָר ווערטער. אָן סאָפֿעק, אַז זי האָט אונדז געגעבן אייניקע אָריענטירצייכנס, זי האָט אונדז פֿעסטגעשטעלט אַ גאַנצע ריי פֿאַקטן. דעריקער רוקט די דאָזיקע קאָלעקטיווע אַנקעטע אַרויס אַ גאַנצע ריי אופֿגאַבן פֿאַרן שרייבער און פֿאַר די פֿאַרלאַגן, קודעמקאָל—פֿאַרן שרייבער. אָט ווו עס שטעקט דער סאָציאַלער באַשטעל! אָט האָט איר אייך דעם גאַנצן ווירקלעכן בילד פֿון אָרעמען שטעטל, פֿון שרעקלעך אָפּגעשטאַנענעם קוסטאַר, פֿון אָפּגעשטאַנענעם אַרבעטער; ניטאָ קיין ביבליאָטעק, ניטאָ קיין נייע ביכער; דער איינציקער קולטור-הויבער איז די צייטונג. דאָסדאָזיקע שטעטל איז ניט גלייכגילטיק, אַוועק אַמאָליקע יאָרן!—עס וויל, עס מאָנט, עס האָט אַפּעטיט, אַדרעראַבע—דערלאַנגט קולטור! אָט אַזוי ווערט געמאַכט דער סאָציאַלער באַשטעל.

פֿאַראַן קאָנסערוואַטיווע לעזער-שיכטן. דאָס האָבן מיר געזען. פֿאַרוואָס לעבט קאָנסערוואַטיווקייט? ווייל עס דאַרף אַ פֿרישער ווינט אַ בלאָז טאָן, און ער האָט נאָך ניט געבלאָזן. בעסער געזאָגט—נאָך ניט גענוג שטאַרק געבלאָזן. מיט אַ קנאַפּער האַסטיקייט, ער האָט ניט מיטגעריסן די מאַסן. ניטאָ נאָך די ביכער, וואָס זאָלן נויטן וועגן זיך צו ריידן. מע דאַרף שאַפֿן אַזעלכע ביכער, וועט אָפּפֿאַלן די באַזונדערע ליבע צו ש.-אַלייכעם און מענדעלען דאַווקע.

דער לעזער פֿאָדערט פֿאַרשטענדלעכקייט. דאָס איז זיין זאַך, קיינער קאָן אים אין דעם ניט אָפּזאָגן. מע קען קענען פּעפּערן אויסזעצן פֿאַרוואָס טאַקע ער וועגן „פּראָסטע רייד". אָבער דער מאַסן-לעזער ווייס ניט קיין קונצן: גיט איר ניט דאָס, וואָס ער קען פֿאַרדייען, לאָזט ער אייך עס איבער „פֿאַרן אייגענעם געברויך". און מיינט ניט, אז דער לעזער דאַרף מ ע ר נ י ט ווי פּאָשעטע דיבורים—ער וויל אין די פּאָשעטע דיבורים הערן אַ „הויכע מוזיק", „הויכע אידייען".

און אונדזערע פֿאַרלאַגן? זיי מוז מען אַרויסרופֿן אַ האַרבע באַשולדיקונג: עס ברעכן זיך די פּאָליצעס פֿון נייע ביכער און

דאָס שטעטל, דער אַרבעטער אין שטאָט?—מע זוכט אַ בוך! אָבער אַ בוך האָט פֿײַנט, אַז מע זוכט אים, אַ בוך האָט שטענדיק ליב געהאַט, מע זאָל עס אונטערטראָגן, אַפֿילע אַ צײַטונג פֿאָדערט עס, האָבן זיך שוין אויסגעלערנט אונדזערע פֿאַרלאַגן עפּעס טאָן—אַ האָר אויך ניט! אַזאַ מין שווער-לײַביקייט, פֿאַרשלאָפֿנקייט הערשט בײַ אונדזערע פֿאַרלעגערישע אָרגאַניזאַציעס! עס ווערט ניט אויסגענוצט דער לערער, עס ווערט ניט אויסגענוצט די צײַטונג, ווי אַ קאַנאַל צום לעזער, די פּאָסט, די קאָאָפּעראַציע, די לייען-שטיבל, די שול, דער קלוב, מע זעט ניט אָן קיין אַגענטור! אָט האָט איר אײַך אַ בײַשפּיל פֿון „פֿאַרשפּרייטונג": אין אוקראַינע איז איצט אַרויס אַ נײַער זשורנאַל „פּראָליט". דערשינען איז ער סאָף אַפּרעל, האָט מען אים אַפֿילע אין די לעצטע טאָגעס פֿון מאַי כוידעש אין מינסק ניט געקענט קריגן קויפֿן, און אַוואַדע איז ער נאָך נאָך אַדהאַיעם ניטאָ. קען מען אַזוי פֿאַרשפּרייטן ביכער און צוקומען צום לעזער?

די דאָזיקע געדאַנקען בעטן זיך אָן בײַם סומירן אונדזער אַנקעטע-מאַטעריאַל, אין דעם איז די אַקטועל-געזעלשאַפֿטלעכע נוצלעכקייט פֿון דער אַנקעטע.—און דאָס, אייגנטלעך, האָט אונדז סטימולירט באַאַרבעטן די אַנקעטע. אַ סטאַטיסטיקער אָדער זאַמלער פֿון פֿאָלקלאָר וואָלט דאָ עפּשער עפּעס אַנדערש אָפּגעזוכט. מין בוך איז נאָך זייער שלעכט, מיט דער שיינער ליטעראַטור אַוואַדע—דאָס איז דער אויספֿיר.

זאָל די קאָלעקטיווע אַנקעטע שרייען וועגן דעם אין דער ברייטער עפֿנטלעכקייט אַרײַן.

# כ ר אָ נ י ק.

## קולטור.

— דער פֿאָלקאָמבילד כ׳ סקריפּניק האָט פֿאַרגעלייגט אַלע פֿאָלקאָמבילד-אָפּטיילונגען און דעם מעלוכע-פֿאַרלאַג פֿון אוקראַינע אײַנפֿירן איז לעבן די נײַע אוקראַינישע אָרטאָגראַפֿיע. אין דער נאָענטסטער צײַט וועט דער מעלוכע-פֿאַרלאַג שוין אָנהייבן צו דרוקן אוקראַינישע ביכער לויט דער נײַער אָרטאָגראַפֿיע.

— די סאָוועטישע געזעלשאַפֿטלעכקייט האָט געפּייערט דעם 60-יאָריקן יובילײ פֿונם באַוווסטן היסטאָריקער-מאַרקסיסט כ׳ מ. נ. פּאָקראָווסקי. די גאַנצע פּרעסע איז געווען פֿול מיט אַרטיקלען, געווידמעט דעם כ׳ פּאָקראָווסקי.

— אין מאָסקווע איז פֿאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פֿון דער קאָנטאַקט-ביוראָ, וועלכע איז אויסגעקליבן געוואָרן אויפֿן 2-טן אַלפֿאַרבאַנדישן צוזאַמענפֿאָר אָף צו קאָנטאַקטירן די וויסנשאַפֿטלעכע און פֿאַרלעגערישע יידישע אַרבעט פֿון אַלע דרײַ רעפּובליקן. צו דער זיצונג זײַנען געקומען קיין מאָסקווע די כ״כ אָרשאַנסקי (מינסק), ליבערבערג (קיעוו) און מײַערסאָן (אָדעס).

אָף דער זיצונג איז באַשלאָסן געוואָרן די קאָנטאַקטיר-ביוראָ אַרויפֿן: צענטראַלע ביוראָ פֿון יידישע וויסנשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס. די ביוראָ וועט האָבן צוויי זיצונגען אַ יאָר (אין סענטיאַבר צום אָנהייב פֿון נײַעם אַקאַדעמישן יאָר און אין אַפּרעל).

עס זײַנען אָנגענומען געוואָרן אַ גאַנצע רײ רעזאָלוציעס און עס איז קאָנסאַקטירט געוואָרן די אַרבעט פֿון אַלע דרײַ וויסנשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס.

— לויט דער איניציאַטיוו פֿון „געזקולט" איז אין כאַרקאָוו צונויפֿגערופֿן געוואָרן אַ יידישע רעפּערטואַר-באַראַטונג.

אָף דער באַראַטונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין כאַרקאָוו, זײַנען אײַנגעלאַדן געוואָרן אַ רײ יידישע שרײַבער, וואָס זײַנען טעטיק אָפֿן געביט פֿון דראַמאַטורגיע.

פֿון קיעוו זײַנען אײַנגעלאַדן געוואָרן די כאַווײרים ל. רעזניק, גילדין, האָפֿשטיין און פֿעפֿער. פֿון מינסק—כאַווער אָרשאַנסקי און פֿון מאָסקווע די כאַווײרים מ. ליטוואַקאָוו, י. דאָברושין, א. וועוויאָרקע און א. קושניראָוו.

— די קאָלעגיע פֿון ווײַסרוסישן פֿאָלקאָמבילד האָט באַשטעטיקט די רעזאָלוציעס פֿון אַלפֿאַרבאַנדישן קולטור-צוזאַמענפֿאָר.

— אין באַקו האָט זיך געעפֿנט אַן אַרבעטער-אוניווערסיטעט אָף פֿאַרשיידענע אָפּטיילונגען. אין אוניווערסיטעט וועלן אָנגענומען ווערן ביז 700 מאַן.

— דער האָמלער פּראָפּראַט עפֿנט אויף אַ זונטיק-אוניווערסיטעט אָף יידיש. אינם אוניווערסיטעט וועלן זיך לערנען העכער 100 אַרבעטער.

בײַם יידסעקטאָר פֿון אָדעסער „אינאָ" האָט זיך אָרגאַניזירט אַ פּעדאַגאָגישע קאָנסולטאַציע. די צילן פֿון דער קאָנסולטאַציע איז מיטהעלפֿן דעם לערער, און באַזונדערס דעם שטעטלדיקן לערער און קולטור-טוער אין זייער אַרבעט.

— דער פֿאָלקאָמבילד פֿון ר.ס.פֿ.ס.ר. כ׳ אַ. וו. לונאַטשאַרסקי, האָט געלייענט אין מינסק אַ לעקציע פֿאַר פּראָפֿעסאָרן און סטודענטן א. ד. ט.: „די אינטעליגענץ און פֿראַגן פֿון קולטור-רעוואָלוציע".

— אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רעאָרגאַניזירונג פֿון „אינווייסקולט" אין אַן אַקאַדעמיע, באַקומט דער „אינווייסקולט" אומצאָליקע באַגריסונג-טעלעגראַמעס פֿון גאַנץ פֿסס״ר.

— דער כ׳ מ. קאַץ איז באַשטימט געוואָרן אַלס רעדאַקטער פֿון דער יידישער סעקציע פֿון צענטרפֿאַרלאַג (מאָסקווע).

— דער פֿאָלקאָמבילד פֿון ווײַסרוסלאַנד האָט, לויט דער אָנפֿראַגע פֿון פֿאָלקאָמבילד פֿון רספֿס״ר, אָנערקענט פֿאַר צוועקמעסיק, אַז איבעראַיאָר זאָל אָרגאַניזירט ווערן אין לענינגראַד אַן אינטערנאַציאָנאַלע פּעדאַגאָגישע אויסשטעלונג, וועלכע זאָל זײַן געווידמעט די פֿראַגן פֿון שול-דערציונג, איבערגרייטונג פֿון לערער א. א. וו.

— די פֿײַערלעכע דערעפֿענונג פֿון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט-אַקאַדעמיע וועט פֿאָרקומען דעם 1-טן יאַנואַר. אויסער מינסק, וועט די דערעפֿענונג באַצייכנט ווערן אויך אין וויטעבסק און האָמעל. צו דער דערעפֿענונג זײַנען אײַנגעלאַדן געוואָרן פֿאָרשטייער פֿון פֿאָלקאָמבילד פֿון רספֿס״ר, פֿון די רעפּובליקאַנישע פֿאָלקאָמבילדן, פֿון הויפּט-קונסט, פֿון די מאַרקסיסטישע אויספֿאָרשונג-אינסטיטוטן און רעפּובליקאַנישע אַקאַדעמיעס. עס זײַנען אויך אײַנגעלאַדן געוואָרן אָנגעזעענע וויסנשאַפֿטלער פֿון אויסלאַנד. צו דער דערעפֿענונג וועט אַרויסגעלאָזט ווערן אַ ספּעציעלער ביולעטען.

דער צ.ק. אַל.ק.פּ.(ב.) האָט באַשטעטיקט דעם פּלאַן פֿון פֿאַרייניקן דעם לענין-אינסטיטוט מיטן היסטפּאַרט פֿון צ. ק. אין איין אַנשטאַלט. דער פֿאַרייניקטער אַנשטאַלט וועט טראָגן דעם נאָמען „לענין-אינסטיטוט בײַם צ.ק. אַל.ק.פּ.(ב.).

די אויפֿגאַבן פֿון אינסטיטוט וועלן באַשטיין אין דערלערנען דאָס לעבן און די טעטיקייט פֿון לענינען, די פֿראַגן פֿון לעניניזם, די געשיכטע פֿון אַל.ק.פּ.(ב) און פֿון קאָמינטערן.

די אַלגעמיינע אָנפֿירונג מיט דער טעטיקייט פֿונם אינסטיטוט ווערט אַרויפֿגעלייגט אָף דער דירעקציע פֿון אינסטיטוט. די גאַנצע לויפֿנדיקע אַרבעט ווערט פֿאַרווירקלעכט דורכן דירעקטאָר פֿונם אינסטיטוט, וועלכער וועט האָבן אַ פֿאַרטרעטער און געהילפֿן.

ЗОК2
17586

דער אינסטיטוט וועט האבן פֿאָלגנדיקע אָפּטיילן: וויסנשאַפֿטלעך-אויספֿאָרשע-רישן, רעדאַקציאָנעל-אויסגאַבערישן אָפּטייל, וועלכער קאָנצענטרירט די גאַנצע רע-דאַקציאָנעל-אויסגאַבערישע אַרבעט פֿונם אינסטיטוט, און אַרכיוו, די אויפֿגאַבע פֿון וועלכן עס איז צו זאַמלען, היטן און סיסטעמאַטיזירן דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שײַכות צו לעניגען און דאָקומענטן וועגן דער געשיכטע פֿון דער פּאַרטיי און קאָ-מינטערן, אַ ביבליאָטעק און אַ מוזיי, אַן אָפּטיילונג פֿון אָרטיקע היסטפּאַרטן און אַן אַדמיניסטראַטיוו-ווירטשאַפֿטלעכע אָפּטיילונג.

אַחוץ דעם האָט דער צ.ק. באַאויפֿטראָגט די דירעקציע פֿונם אינסטיטוט צו פֿאַר-זיכערן די ביבליאָטעק פֿונם אינסטיטוט מיט זאַמלען פֿולע קאָמפּלעקטן פֿון אַלע פּאַרטיישע אויסגאַבן פֿאַר אַלע יאָרן.

— דער פּרעזידיום פֿון צ.ק. פֿון דעם לעדער-פֿאַריין האָט באַשטימט פֿונדאָס-ניי אַרויסצוגעבן פֿון סענטיאַבר כוידעש די „גאַרבער-שטימע“. דער זשורנאַל וועט דערווייל אַרויסגיין איין מאָל אין כוידעש.

# ליטעראַטור.

— דער פֿאָלקאָמביל פֿון ווייסרוסלאַנד האָט געשאַפֿן אַ קאָמיסיע אויף באַ-געגענען דעם באַליבטן יידישן שרייבער אַווראָם רייזען, וועלכער דאַרף אין די נאָענטסטע טעג קומען צופֿאָרן אין מינסק.

אין דער קאָמיסיע גייען אַרײַן די כ״כ: זשילונאָוויטש (פֿאָרזיצער), מאַריאַ-סינע, אַגורסקי, אָרשאַנסקי, אָשעראָוויטש, גאָרדאָן, קולבאַק, כאַריק, ביאַדוליאַ און פֿאָרשטייער פֿון די ווייסרוסישע און פּוילישע שרייבער.

— אין וויטעבסק זײַנען פֿאַרגעקומען אַ ריי ליטעראַטור-אָוונטן מיטן אָנטייל פֿון די מאָסקווער שרייבער גאָרדינער, ראָבראָשין, קושנירעוו און ראָסין. די שרייבער זײַנען באַגריסט געוואָרן דורך פֿאָרשטייער פֿון אַרבעטער פֿון דער יידישער ליט-גרופּע „וואַפּפּ“, פֿון טעאַטער און פֿון דער לערערשאַפֿט.

— די יידסעקציע „וואַפּפּ“ פֿון ווייסרוסלאַנד האָט אָפּגעגעבן אין דרוק אַ לי-טעראַרישן זאַמלבוך, אין וועלכן עס באַטייליקן זיך די שרייבער און דיכטער: כאַ-ריק, אָרשאַנסקי, גאָלדמאַן, ע. קאַהאַן, וויטענזאָן, ליפּשיץ, לאָסקער, קאַמענעצקי, שימען גאָרעליק, ה. מייזל, דאָלגאָפּאָלסקי און ב. גאָרדאָן.

— דער כ׳ כאַריק, וועלכער האָט זיך באַזעצט אויף שטענדיקער אַרבעט אין מינסק, איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער סעקרעטאַר פֿון זשורנאַל „שטערן“.

— די יידסעקציע בײַ „וואָספּ“ (אַלאוקראַאינישע אָסאָציאַציע פֿון פּראָלעטאָ-רישע שרייבער) האָט צוגעגרייט און איבערגעגעבן אין צענטרפֿאַרלאַג אַ גרויסן ליטעראַרישן אַלמאַנאַך, אין וועלכן עס גייען אַרײַן דערציילונגען פֿון די כ״כ: קיפּניס, אַבטשוק, אַלבערטאַן, קאַהאַן, אַראָנסקי, גאָרדאָן, דרוקער, סיטאָ און לידער פֿון די כ״כ: האָפֿשטיין, פֿעפֿער, וועלעדניצקי, ווײַנערמאַן, כאַנע לעווין, פּיאַטי-גאָרסקי, פּינטשעווסקי, יאַנקעלעוויטש, אַלעווסקי העלפֿאַנד, טוטשינסקי, טוזמאַן, קאָטליאַר, שטורמאַן און אַנד.

— די יידסעקציע „וואַפּפּ“ הייבט אָן איר אַרבעט נאָכן זומערדיקן איבעררײַס. ס׳איז פֿאַרענדיקט געוואָרן אַ גאַנצע ריי אַרבעטן, פּראָזע, פּיעסן, לידער און קרי-טישע אַרטיקלען.

קעדיי דיסקאַנטירן דידאַזיקע אַרבעטן האָט די יידסעקציע „וואַפּפּ“ באַשטימט אַרויסגעבן אַן אַלמאַנאַך.

די רעדקאָלעגיע פֿון אַלמאַנאַך האָט שוין אָנגעהויבן איר אַרבעט. אויף דער ערשטער זיצונג איז באַטראַכט געוואָרן דער פּלאַן און אינהאַלט פֿון אַלמאַנאַך. ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַ נאָמען געבן אים „ווייסרוסלאַנד“. אין אַלמאַנאַך וועלן זיך באַטייליקן אויסשליסלעך מיטגלידער פֿון דער יידסעקציע „וואַפּפּ“ אין ווײַס-רוסלאַנד. ס׳זײַנען אויך אײַנגעלאַדן געוואָרן די כ״כ פֿון ווייסרוסישער סעקציע „וואַפּפּ“, וואָס וואוינען אויסער ווייסרוסלאַנד. דער אַלמאַנאַך וועט האָבן פֿאָלגנדיקע אָפּטיילן: פּראָזע, לידער, פּיעסן, קריטישע אַרטיקלען און אַ קונסט-אָפּטיילונג. דער אַלמאַנאַך איז אויסגערעכנט אויף 15—20 דרוק.בויגן.

— אויף איינער פֿון די לעצטע ביוראָ-זיצונגען פֿון אַלאוקר. אָסאָציאַציע פֿון פּראָלעטאַרישע שרייבער („וואָספּ“) איז באַשטימט געוואָרן פֿונם נייעם ביוזשעט-יאָר צו פֿאַרגרעסערן דעם זשורנאַל „פּראָליט“ פֿון 4 דרוקבויגן ביז 5.

לויטן פֿאָרשלאָג פֿון דעם סעקרעטאַר פֿון יידסעקציע פֿון „וואָספּ“ כ׳ פֿעפֿער, איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גרויסער פּלאַן פֿון מאַסנאַרבעט. עס וועלן דורכגע-פֿירט ווערן אין 16 פּונקטן פֿון אוקראַאינע ליטעראַרישע אָוונטן אין די אַרבעטער-קלובן, זאַוואָדן און פֿאַבריקן. אין די אָוונטן וועלן זיך באַטייליקן אַלע שרייבער, וואָס גייען אַרײַן אין דער פֿאַראייניקונג „וואָספּ“.

— לויט דער באַשטימונג פֿון זינאָוויעווסקער קרייזפּאַרטקאָם וועט כוידעשלעך דערשײַנען בײַ דער אָרטיקער צײַטונג „זינאָוויעווסקי פּראָלעטאַרי“ אַ יידיש זײַטל. דער ערשטער נומער פֿונם זײַטל איז דערשינען דעם 7-טן נאָיאַבר.

— דעם 15-טן דעקאַבר ה. י. הייבט אָן דער מעלוכע-פֿאַרלאַג (מאָסקווע) אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל, וואָס זײַן גרונט-אויפֿגאַבע איז קעמפֿן קעגן אַנטיפּראָלע-טאַרישע טענדענצן אויפֿן געביט פֿון ליטעראַטור, קונסט און וויסנשאַפֿט. רעדאַקטאָר וועט זײַן כ׳ קערזשענצעוו, די נאָענטסטע מיטאַרבעטער—קרופּסקאַיאַ, פּאָקראָווסקי, יאַראָסלאַווסקי און אַנד. דער זשורנאַל וועט הייסן „בוך און רעוואָלוציע“.

— די צ. ב. פֿון פּראָלעטסטור (מינסק) האָט באַשלאָסן אַרויסגעבן אַ צוויי-וועכנטלעכע סטודענטישע צײַטונג. דער ערשטער נומער פֿון דער צײַטונג וועט אַרויסגיין אין יאַנואַר, אין דער צײַט פֿון די ווינטער-קאַניקולן.

— די ייד. אינספּעקטור פֿון פֿאָלקאָמביל פֿון ווייסרוסלאַנד האָט געשיקט אויף אַ ליטעראַרישן טורנע די שרייבער: אַקסעלראָד, כאַריק, קולבאַק און ע. קאַהאַן אין אַ ריי שטעט פֿון ווייסרוסלאַנד. זיי האָבן באַזוכט האָמעל, ווו זיי האָבן דורכגע-פֿירט זעקס אַרויסטרעטונגען פֿאַר אַרבעטער, קוסטאַרן און לערן-יוגנט. די אָוונטן האָבן באַזוכט מער ווי 4000 מאַן. דער אינטערעס צו די אָוונטן איז געווען גוואַל-דיק גרויס. נאָכדעם האָבן זיי באַזוכט מאָזיר און באָברויסק. אין דער נאָענטסטער צײַט וועלן די שרייבער באַזוכן: וויטעבסק, מאָלעוו, אָרשע און אַנד. שטעט.

— אינגיכן דערשײַנט אין מאָסקווע אַ נײַער אַרבעטער-זשורנאַל צוהילף די דערפֿינדער אונטערן נאָמען „דער דערפֿינדער“ (אין רוסיש).

— דער קאָאָפּעראַטיווער פֿאַרלאַג „קולטור-ליגע“ (קיעוו) טרעט צו אַרויסצו-געבן אַ גרויסע ביבליאָטעק „יידישע שרייבער“, אין וועלכער עס וועלן אַרײַנגיין סײַ די ווערק פֿון די יידישע קלאַסיקער (מענדעלע, פּערעץ, שאָלעם-אַליכעם), סײַ די נײַע יידישע ליטעראַטור פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד און אויסלאַנד. די ביבליאָטעק וועט האַלטן לערעך 1000 דרוק-בויגן (בײַ 70—75 בענדער) און וועט דערשײַנען אין משך פֿון 2 יאָר.

די פֿאַרשפּרייטונג פֿון דער ביבליאָטעק איז געבויט אויסשליסלעך אויפֿן פּרינ-ציפּ פֿון אַבאָנעמענט.

דער פּרייז פֿון דער גאַנצער ביבליאָטעק איז 100 רובל, וועלכע דער אַבאָנענט וועט דאַרפֿן אויסצאָלן אין משך פֿון 2 יאָר.

די ביבליאָטעק וועט אָנהייבן צו דערשײַנען נאָך אין 1928 יאָר.

עס דרוקט זיך און אינגיכן וועט דערשײַנען די ערשטע אויסגאַבע. דאָס וועלן זײַן שאָלעם-אַליכעמס ווערק.

רעדקאָלעגיע: ש. אַגורסקי, ב. אָרשאַנסקי, א. אָשע-ראָוויטש, כ. דונעץ, א. וואָלאָברינסקי, א. כאַריק.

## טיקן-טאָעס.

אין אַ. רייזענס ליד „די קירכן-גלאָקן“ (זײַט 2).

| | |
|---|---|
| אַנשטאָט: | „ניט צו שרעקן, ניט צו וועקן,<br>נאָר די וועלט אין אַלע עקן“ |
| דאַרף זײַן: | „ניט צו שרעקן, נאָר צו וועקן<br>נאָר די וועלט אין אַלע עקן“ |

אין כ. דונעצ׳ס אַרטיקל (זײַט 8).

| | |
|---|---|
| אַנשטאָט: | „דער דיכטער פֿון אויפֿגעוואַכטער נויט און אַרבעט“. |
| דאַרף זײַן: | „דער דיכטער פֿון נויט און אויפֿגעוואַכטער אַרבעט“. |

מינסק, דרוקעריי פֿון ווייסרוסלענדישן מעלוכע-פֿאַרלאַג
גלאַווליטבעל 190 באַשט. 521 טיראַזש 1000.

# אינהאַלט



אין קומענדיקן נומער „שטערן“ פאַר יאַנוואַר כוידעש באַטייליקן זיך די כ״כ: י. קיפּניס, ש. ראָסין, ע. פינינבערג, ז. וויטנזאָן, י. ראַבין, כאַנע לעווין, מאַלצינסקי, ב. אָרשאַנסקי, ש. אַגורסקי, אורי פינקעל, א. קאַסטעליאַנסקי, האַרעצקי, נאָרד און אַנד.

